א. ראַבאָי

# געקליבענע ווערק

ווילנע — 1928

ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין

## 1.

עס איז געווען אַ נאָכמיטאָג אין ווינטער פֿון ...18.

דאָס שטעטל פּ. אין דער בעסאַראַביע איז געווען איינגעקנײטן אין שניי. די וועגן אין די גאַסן זענען געווען פֿאַרשאָטענע און דער שניי גלאַט, איינגעפֿרוירן און גרוי.

די קליינע הײַזער זענען געווען אַרומגעוויקלט מיט שניי, אַרום די הינטערשטע טיילן פֿון זייערע ווענט, און אויך באַדעקט מיט שווערע שניי־היטלען אויף זייערע הילצערנע דעכער. די שניי־היטלען אויף די דעכער זענען געווען שוואַרץ פֿון דער סאַזשע און רויך, וואָס האָט געהאַלטן אין איין פֿאַלן פֿון די קוימענס.

פֿון אַלע קוימענס האָבן זיך געהויבן זיילן רויך.

עס האָט געשמעקט מיט דעם ריח פֿון ברענענדיק שטרוי און האָלץ.

די קליינע פֿענצטער פֿון די הײַזער האָבן זיך אָנגעטון מיט אַלערליי פֿראָסטיקע געמעלערייען.

די זון האָט קאַלט און שטעכיק געקוקט אויף דעם סקאָס פֿון באַרג, אויף וועלכן דאָס שטעטל איז געהאָנגען.

איבער דער ברייטער פּאָסט־גאַס האָט זיך פּאַמעלעך געגליטשט אַ פֿיר־עקעדיק־אָנגעלאָדענער שליטן מיט שטרוי. צוויי גרויסע גרויסע אָקסן האָבן דעם שליטן קוים איינגעהאַלטן, און געדרייט מיט זייערע העלזער, אַז דער יאַרמאָ זאָל זיך נישט אַראָפּגליטשן און אַנטלויפֿן מיט דעם לאָדעכץ שטרוי.

באַ דער זייט פון די אָקסן איז געגאַנגען אַ מענטש אײנגאַנצן אײנגעוויקלט אין פעלצענע קליידער. די פיס אין גרויסע שטיוול און די שטיוול געוויקלט אין גראָבע זעק און מיט שטריקלעך אַרומגע־בונדן.

אַלע מאָל האָט זיך געהערט, ווי אַ טיר עפנט זיך מיט אַ סקריפּ. עס האָט זיך דאָ און דאָרט באַוויזן אַ פעלצן היטל, אַ פאַרוויקלטער האַלז באַגלייט מיט אַ הייזעריק קול:

— איי, מאַי. (איי, דו) וויפיל קאָסט דער שליטן שטרוי?

— שינש לעיי! (פינף לעיי!) — איז געקומען אַן ענטפער פון דעם אײנגעוויקלטן מענטש, וואָס איז געגאַנגען לעבן די אָקסן מיט דעם וואָגן שטרוי.

דער שליטן מיט שטרוי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם ליידיקן פּלאַץ, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אײנגעפרוירענעם שניי. אין דער מיט פון פּלאַץ איז געשטאַנען אַ לאַנגער סלופּ מיט אַן אַנדערן סלופּ איבער זיך אַריבערגעוואָרפן און מיט אַ וואַסער־שעפּער באַ איין עק, און אַ גרויסן שטיין באַ דעם אַנדערן עק.

דאָס איז געווען די שטאָט־קרעניצע. אַרום און אַרום דער קרעניצע האָט געבלאַנקט אַ ראָד פון אײז.

אײנגעוויקלטע פערזאָנען מיט קליינע שטיקלעך פנימער, אַרויסגעדעקט פון די פעלצן און שאַלן אַרויס, וואָס מען האָט נישט געקענט וויסן צי דאָס זענען מענער אָדער פרויען, האָבן געשעפּט וואַסער פון דער קרעני־צע. דער סלופּ האָט זיך אַלע מאָל אַריינגעבויגן, סקריפּענדיק מיט זיין שעפּער אין דער טיפער קרעניצע. די פערזאָן האָט אַ כאַפּ געטון דאָס ביסל וואַסער אין איר קאַן אַריין און אַנטלאָפן, סקריפּענדיק איבער דעם פאַרפרוירענעם שניי.

דער מאַן, וואָס איז געשטאַנען באַ דעם שליטן מיט שטרוי האָט גענומען ביידע הענט אין דער ברייט און מיט זיי געקלאַפּט אין זיינע זייטן אַפּ און אויף.

פון דעם אַנדערן עק פאָסט־גאַס איז אויסגעוואַקסן אַ שוואַרץ פינטל.

פּאַמעלעך איז דאָס פינטל געוואָרן וואָס אַ מאָל אַלץ גרע־סער.

א מענטש איינגעוויקלט אין א פעלץ און אין שאַלן. די לאַנגע גרויע באָרד איז געלעגן פון אויבן־אויף און דער שפּיץ פון דער נאָז האָט אויך א רויטער און פאַרפרוירענער אַרויסגעקוקט פון הינטער דעם פעלצענעם היטל. אין זיינע באַהענטשקעטע הענט האָט ער געטראָגן אַ שטעקן מיט ביבקעלעך. ער איז געגאַנגען אין דער מיט גאַס, קלאַפּנדיק מיטן שטעקן איבער דעם איינגעפרוירענעם שניי און אויסגעזוונגען מיט אַ טרויעריקער, וועקנדיקער שטימע:

— יידן, זייט וויסן, אַז היינט אויף דער נאַכט איז אַן אסיפה אין דעם גרויסן קלויז. מען וועט אויסטיילן ערד. יידן, קומט און נעמט ערד אומזיסט!

איבער דער גאַנצער גאַס האָט געקלונגען זיין שטים. מען האָט געעפנט טירן, אַרויסגעשטעלט פעלצענע היטלען און האַלבע פּנימער און מיט אַ סקריפּ צוריק פאַרמאַכט די טירן.

— יידן, קומט נעמען ערד! — האָט דער אויסרופער געשריגן איבער אַלע גאַסן.

נאָכדעם איז געוואָרן טונקעלער און טונקעלער. די זון איז פאַרגאַנגען. די קוימענס האָבן פון זיך אַרויסגעלאָזט לאַנגע זיילן רויך. עס איז געוואָרן וואַרעמער און היימלעכער פון דעם, וואָס אין די פענצטער האָבן זיך באַוויזן קליינע אָפּשיינען פון די לאָמפּן.

אין דעם גרויסן קלויז, זענען אַלע צוועלף פענצטער אין אַלע זייטן פון מזרח־וואַנט, מעריב־וואַנט און צפון־וואַנט, געווען ליכטיק פון די בליך־לאָמפּן.

נאָך מנחה און מעריב איז דער עולם געוואָרן אַ ביסל געדיכטער. וואַרעם איז געווען אינעווייניק אין קלויז. דער עולם איז געווען צעוואָרפן אין רעדלעך איבערן גאַנצן קלויז.

דער שמש האָט געטון אַ קלאַפּ אין טיש מיט דער האַנט:

— יידן, היינט אויף דער נאַכט וועט מען אייך טיילן ערד!

נאָכדעם איז געוואָרן אַ ביסל שטיל און באַלד האָט זיך דאָס גערעדעריי אָנגעהויבן, אַזוי ווי רעדער אין אַ וואַסער־מיל, צו דרייען.

— וואָס איז דאָס פאַר אַן ערד ?
— ווער טיילט ערד ?
— וואָס הייסט מען וועט געבן ערד ?
— ווו וועט מען נעמען ערד ?
— עס איז פאַרהאַן געגוג ערד אויף דער וועלט !
— פאַרהאַן ?
— וואָס דען האָסטו געמיינט, אַז עס איז נישטאָ ?
— הע, איך ווייס, אָבער ווער, וואָס, ווען ?
— מיר וועלן באַלד הערן און זען.
— שוטה, ווער וועט דיר געבן ערד אומזיסט ?
— נישט אַזאַ שוטה, ווי דו !
אַזוינע און אַנדערע שמועסן האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט.

דער קלויז איז געוואָרן אָנגעפילט מיט מענטשן. דאָ אין דער וואַרעמער לופט האָבן זיי ערשט אָנגעהויבן זיך אַרויסצוטיילן איינער פון דעם אַנדערן. גרויע בערד, שוואַרצע האָר. מען האָט פון זיך אַראָפגעוואָרפן די פעלצן, שאַלן, אויך צעקנעפלט די קאָלנערס פון די העמדער און די שמויסענע היטלען אַרויפגערוקט הויך איבער די שטערנס.

עס האָט זיך צעעפנט די טיר ברייט. פריער האָט דער פראָסט געטון אַ שפרינג אַריין, אַזוי ווי אַ קנויל רויך. נאָכדעם איז אַריין אין קלויז דער רב, באַ וועמען עס האָט נאָר אַרויסגעשטעקט דאָס קליינע שוואַרצע בערדל פון שאַל אַרויס. מיט דעם רב זענען געקומען ר׳ ישראל גאָלדשטיין און דער לערער נאַקמאַן.

עס איז, אַזוי ווי פון הינטער דער ערד, אויסגעוואַקסן אברהם דער קהלשער אַלטער בחור. ער האָט זיך געשטופט, מיט ביידע עלנבויגנס וואַרפנדיק אין דעם געדראַנג פון עולם, און געמאַכט אַ וועג פאַר דעם רב מיט די צוויי אָנגעזעענע באַגלייטער.

דער קנויל מיט מענטשן האָט געטון אַ כאַפ דעם רב. עס האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען : „מאַכט אַ וועג ! מאַכט אַ וועג !"

אַ ביסל שפעטער איז שוין דער רב געזעסן, אין זיין זיידענער קאַפּאָטע, אויף דער בימה אַנטקעגן דעם ארון קודש. פון איין זייט איז אויך געזעסן ר׳ ישראל גאָלדשטיין, וועלכער איז געווען דער שענסטער

ייד אין שטעטל. פון דער אַנדערער זייט איז געזעסן נאַקמאַן, דער לערער, און עפּעס געשמועסט, איינבייגנדיק זיך נאָענט צו דעם רב.

אברהם, אַ הויכער, מאַסיווער בחור, מיט אַ מאָדנע באַוואַקסן פּנים, וואָס ערטערווייז זענען באַ אים געווען אויסגעפּליקט די האָר פון זיין בערדל און מיט דעם דאַשיק פון זיין הימל אויסגעדרייט אויף אַ זייט, איז אַרומגעשוועמען צווישן עולם, קלאַפּנדיק מיט זיינע עלנבויגנס. האָט ער זיך געמאַכט אַ וועג. ער איז געווען הייזעריק און אַז מען האָט אים געפרעגט, וואָס עס וועט דאָ איצט געשען, האָט ער מיט כעס און מיט אַ הייזעריקער שטים אָפּגעענטפערט, אַז מען זאָל וואַרטן, הערן און זען און שווייגן, אַ נישט וועט ער אַרויסטרייבערן די קישקעס פון זיי...

פאַר אברהמען האָט מען מורא געהאַט. ער איז געווען דער קהלשער קאַכלעפל, ווי מען האָט אים אין שטעטל גערופן. ווו עס זענען געווען צוויי, איז ער געווען דער דריטער. קיין סודות איז פאַר אים נישט געווען. נאָך איידער עס איז צו דעם רב אָנגעקומען דער בריוו וועגן דער ערד, האָט שוין אברהם געוווסט, אַז מען וועט שענקען יידן ערד. ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער איז געלאָפן צום לערער נאַקמאָן אָנזאָגן די גוטע בשורה. פון דעם לערער איז ער געלאָפן צום גביר פון שטעטל ר׳ ישראל גאָלד־שטיין.

איצט איז ער געווען אויף דעם העכסטן שטאַפּל פון זיין באַרוף. זיין שטערן איז געווען פאַרשוויצט און זיינע גרויע אויגן זענען געוואָרן גרויס און בייז.

דער רב איז געזעסן און זיך געגלעט זיין בערדל. אויף זיין בלייך, דין פּנים האָט געשיינט אַ שמייכל. ער האָט אַלע מאָל אַ הייב געטון די אויגן אונטער זיין שטערן און געזאָגט צו זיך אַליין:
באַ!

רב ישראל גאָלדשטיין האָט זיך אויפגעשטעלט, ביידע הענט פאַרשטעקט אין דער קאַמזויל, ווו איבער דער גאַנצער ברייט איז גע־האָנגען אַ שיינע, גאָלדענע קייט. ער האָט געזאָגט זייער פאַמעלעך און שווער:

— איך בעט די יידן, אַז זיי זאָלן שווייגן, ניט פון מיין כבוד, נאָר פון דעם כבוד פון אונזער ליבן רב.

אין קלויז איז געוואָרן אַ גערודער. עס האָבן זיך געהערט אויס־געשרייען „שאַ“ „שיש“ און דאָ און דאָרט האָט מען געהוסט. ס'איז באַלד שטיל געוואָרן.

— שמואל חזן איז דאָ צווישן עולם? — האָט דער גביר גע־פרעגט.

— דאָ, אָט איז ער. אָט דאָרט באַ אַ'ט ער זיך — האָט מען אָפּגע־ענטפערט פון אַלע זייטן.

— ר' שמואל, איך בעט איר זאָלט אַזוי גוט זיין און צוקומען נע־טער — האָט דער גביר געזאָגט — און זאָגט פאַר דעם עולם אַ קאַפּיטל תהילים.

— יאָ, יאָ, זיכער. פאַרוואָס נישט. אַז שוין יאָ דערלעבט. מען באַדאַרף נישט פאַרגעסן אין גאָט. אַ קאַפּיטל תהילים. אַ קאַ־פּיטל תהילים! — האָבן זיך געטראָגן אויסגעשרייען פון אַלע זייטן.

באַלד האָט אברהם, דער קהלשער קאָכלעפל, געטראָגן אין זיינע שטאַרקע הענט, הויך איבער זיין קאָפּ, דעם חזן ר' שמואל. ער האָט אים צוגעבראַכט נאָענט צו דעם ארון קודש און אַוועקגעשטעלט פאַרן רב.

שמואל חזן האָט זיך געטרייסלט און מיט אַ פינגער געטון זיך אַ שנעל אינם ביינדל פון זיין לאַנגן האַלז.

— הייזעריק, ר' שמואל? — האָט דער רב געפרעגט און גע־שמייכלט.

— ניין, נישט הייזעריק, רבי, איך בין טרוקן אין מיין גומען — האָט שמואל חזן געזאָגט און געמאַכט פון זיין האַנט אַ פויסט און אים צוגעטראָגן צו זיין מויל.

ר' ישראל גאָלדשטיין האָט באַפוילן מען זאָל גיין און ברענגען וויין, פאַרבייסנס און געזאָגט:

— מיר וועלן טרינקען און צובייסן. אָבער פריער זאָל דער חזן זינגען אַ קאַפּיטל תהילים, אַזוי ווי ער קאָן.

שמואל האָט זיך אַוועקגעשטעלט, אַ הייב געטון זיין קאָפּ אינדער־

הייך און מיט דעם גראָבן פינגער פון זיין רעכטער האַנט האָט ער אונ־טערגעשפּאַרט דעם גאָרגל און אָנגעהויבן צו זינגען. די ווערטער „וארץ נתן” האָט ער געדרייט אַהין און צוריק און געטייטלט מיט דער האַנט צו די מענטשן אין קלויז.

נאָכדעם האָט זיך אויפגעשטעלט נאָקמאָן דער לערער. אַ שמאָלער, מאָגערער ייִנגערמאַן מיט אַ גלאַט ראַזירט פּנים. פון זיין ווייכן, ברייט־ברימיקן, שוואַרצן הוט האָבן זיך אַרויסגעשפּאַרט געקרייזלטע האָר. זיינע דאַרע, בלייכע הענט האָבן געציטערט. ער האָט אויסגעגלייכט די גרויסע בויגנס באַשריבן פּאַפּיר און אָנגעהויבן צו לייענען. אין קורצן האָט זיך דער בריוו אַזוי געלייענט:

„הויכגעלערנטער רב און זיינע געטרייע ייִדן!

מיין שיינע און איידעלע פרוי, די באַראָנעסע און איך, נאָכדעם, ווי מיר האָבן עס גוט איבערגעטראַכט, האָבן געפונען אַ וועג, ווי אַזוי צו באַלייכטן אונזער לעבן דאָ אויף דער וועלט און אויך דאָס, נאָך־דעם־לעבן, אויף יענער וועלט. מיר האָבן געקויפט אַ סך לאַנד אין אַמעריקע. אַמעריקע איז אַ פרייע מדינה. נישטאָ דאָרט קיין האַס צו ייִדן. מיר האָבן דאָס לאַנד צעטיילט אין שטיקער, צו 15 אַקער אויף אַ חלק. איר וועט באַקומען 15 אַקער לאַנד, אַ הויז מיט אַ שטאַל, קעלער און ברונען. אַ פערד און וואָגן. מאַשינען און זריעה צום פאַרזייען. אויב איר ווילט קומען, ייִדן, טאָ קומט און ברענגט אייך מיט אייער רב, שוחט, חזן און דאָס ביסל געלט, אויב איר האָט. אויב נישט, באַדאַרפט איר גאָר קיין געלט נישט, ווייל אונזער מענטש וועט קומען און אייך איבערפירן בשלום קיין אַמעריקע. און וועט אייך באַזעצן אויף דעם לאַנד און אייך ווייזן, ווי אַזוי אָנצוהייבן דאָס נייע לעבן פון אַ פויער אויף זיין אייגן לאַנד”. — אונטערגע־שריבן פון באַראָן הירש.

— ווי גרויס איז אַן אַקער לאַנד ? — האָט איינער פון עולם אויסגע־שריגן.

— אַן אַקער איז אַזוי גרויס ווי אַ דעסיאַטין — האָט דער לערער

נאָקמאָן זיך געווישט זיין שטערן — עס איז גענוג ערד, 15 אַקער יעדן ייד.

— איך וועל פאַרזייען קאַרטאָפלעס! — האָט עמעצער אויסגעשריגן.

— טאַבאַק איז בעסער! — האָט אַן אַנדערער אונטערגעכאַפּט.

— אַ ווייןגאָרטן, מיין אייגנס — האָט אַ דריטער מיט זיינע אויגן געגלאָצט — אַ ווייןגאָרטן!

דער לערער נאָקמאָן האָט איבערגעלייגט די פּאַפּירן און געזאָגט:

— פרייען מעגן מיר זיך אַלע, אָבער לאָזט אייך הערן. איך האָב נאָך נישט געענדיקט. דאָ האָט מען אונז צוגעשיקט אַ באַשרייבונג, ווי אַזוי די ערד איז. ווילט איר הערן?

— מיר ווילן ערד! זאָל זיין ערד! ערד איז ערד! — האָבן זיך געטראָגן פון אַלע זייטן אויסגעשרייען.

נאָקמאָן האָט נישט געקענט אַריבערשרייען דעם געפילדער פון די פאַרזאַמלטע, דערפאַר האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און געלייענט פאַר דעם רב די איבעריקע פּאַפּירן. דער רב האָט געשאָקלט מיט זיין קאָפּ און מיט דעם שוואַרצן בערדל און געשמייכלט מיט זיין בלייך פּנים.

עס האָט זיך צעבראַלט די טיר פון דעם קלויז. אברהם איז אַריין מיט ביידע הענט אינדערהייך אויפגעהויבן. אין ביידע הענט האָט ער געהאַלטן צוויי פלעשער וויין.

— יידן, נאָט אייך וויין! איר וועט טרינקען איבער אַ יאָר אייער אייגענעם וויין אויף אייער אייגן לאַנד פון אייערע אייגענע ווייןגערטנער, וואָס איר וועט אַליין אויסטרעטן. שרייט אַלע אמן!!

אין קלויז איז געוואָרן אַ גערודער. דער גאַנצער עולם האָט זיך צעטיילט אין בינטלעך. מען האָט געשמועסט אין דער שטיל און אינדערהייך. „וויין", „ערד" איז געווען דאָס איינציקע, וואָס מען האָט געקענט קלאָר הערן.

אברהם האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט ביידע פלעשער וויין בא

דעם שלחן, נישט געלאָזט קיינעם אָנרירן דעם ווייַן, פון די קעשענעס האָט ער אַרויסגענומען אַ גלאָז און עטלעכע פּאַפּשאָיענע פּלעצלעך. ער האָט אָנגעהויבן אויסצוטיילן יעדן אַ ביסל ווייַן און אַ שטיקל פּלעצל.

מיט דעם ביסל וויין באַנעצט דעם גומען, האָט מען ערשט באַקומען אַ געפיל צו טרינקען נאָך ווייַן.

אברהם האָט געקאַרגט און געטיילט צו ביסלעך. אַז עס איז אויסגעגאַנגען דער גאַנצער ווייַן פון בײדע פלעשער, האָט ער געטון אַ מאַך מיט ביידע הענט:

— נישטאָ מער קיין ווייַן. אַליין נישט פאַרזוכט. זאָל עס נעמען אַ כאָליערע.

— ווייַן! ווייַן! — האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען.

— דאָס הייסט געטרונקען ווייַן?

— מיט דער צונג געטון אַ לעק און נישטאָ מער.

דער שמש האָט געטון אַ קלאַפּ אין טיש און אויסגערופן:

— איך בין מודיע, אַז אונזער גביר ר׳ ישראל האָט אייך, יידן, עפּעס צו זאָגן.

עס איז געוואָרן שטיל.

ר׳ ישראל גאָלדשטיין האָט געשמייכלט, זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט און אַרומגענומען אַלעמען. און מיט זיינע הענט האָט ער געמאַכט אַ באַוועגונג אין דער לופט, אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס צונויפגעזאַמלט:

— איך וויל הערן צי איר אַלע יידן ווילט זיך פאַרשרייבן. ווילט איר אַלע נעמען ערד? שרייט אַלע אויס אין איין קול!

— מיר ווילן ערד! — האָבן אַלע מיט איין מאָל געטון אַ ברום.

— אויב אַזוי, זאָלט איר וויסן זיין, אַז איך אַליין, כאָטש מיר גייט דאָ נישט אַזוי שלעכט, דאַכט זיך, אַז איך בין אַ שטיק פּאָסעסאָר, אַ גאַנצער קנאַקער, וויל איך פונדעסטוועגן אויך גיין מיט אייך אַלע. איך פאַרשרייב מיין נאָמען דער ערשטער אויף דער ליסטע. און איך לאָז אייך וויסן, אַז פון היינט אָן און ווייטער, איז מיין הויז אָפן פאַר אייך.

ווער עס וויל, זאָל קומען און זיך פאַרשרייבן. מיר האָבן צייט צוויי וואָכן, דערפאַר זאָלט איר זיך איילן צו זיין פון די ערשטע. און איצט זאָל זיך גיסן וויין אין די גאַסן! דאָדי שענקער! גיב וויין, אויף מיין חשבון.

דאָדי שענקער, אַ ייד אַ רויטער, מיט רויטע האָר אויף זיין קאָפּ און הענט, האָט זיך געטון אַ קראַץ אונטערן אויער און געפרעגט צי מען וויל זיסן וויין אָדער מען וויל זויערן וויין, און אויב מען וויל אויף פּאַסטראַמע אָדער געפילטע קישקע מיט קנאָבל.

— פון דעם זויערן וויין! — האָבן זיך געהערט עטלעכע שטימען מיטאַמאָל.

— זאָל זיין פּאַסטראַמע און עטלעכע קישקעס מיט קנאָבל, — האָט ר׳ ישראל געזאָגט — זשאַלעווע נישט. איך בין נישט אַזוי רייך ווי באַראָן הירש, אָבער ברענג אויף מיין חשבון אַ סך פּאַרבייסן, עס זאָל זיין וואָס צו עסן און צו טרינקען.

אברהם האָט אַוועקגעשטעלט דעם עולם פון די טישן, וועלכע זענען געשטאַנען באַ די הרובעס. די טישן צונויפגערוקט און זיי אַוועקגעשטעלט אין דער לענג איינער לעבן אַנדערן. זיי אַרומגעשטעלט מיט לאַנגע בענק.

דער רב האָט געוואָלט אַהיימגיין, זיך געבעטן באַ דעם עולם, אַז ער איז אַ חלוש און קען נישט זיין וואַך אַזוי שפּעט אין דער נאַכט. מען האָט אים נישט געהערט און מיט געוואַלט אַוועקגעזעצט אויבן-אָן. נאָענט באַ דער רעכטער האַנט פון רב איז געזעסן ר׳ ישראל גאָלדשטיין.

צוויי יידן האָבן געטון אַ כאַפּ דעם לערער נאַקמאָן. ער האָט זיך פון זייערע הענט געריסן און זיך געבעטן, אַז זיי זאָלן אים נישט צונויפקוועטשן.

— איך וועל זיך אַליין אַנידערזעצן, לאָזט מיך פריי, — האָט נאַקמאָן, בלאַס ווערנדיק, געטרייסלט מיטן קאָפּ.

די צוויי יידן האָבן אים אָפּגעלאָזט.

נאַקמאָן האָט זיך אַוועקגעזעצט באַם טיש. ער האָט געמאַכט אינסטינקטיוו אַ באַוועגונג, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט אַראָפּנעמען זיין היטל, אָבער זיך דערמאַנט, אַז ער איז אין אַ קלויז.

זיין פּנים האָט זיך אָנגעהויבן ווײַטלען. ער האָט באַקומען פּחד: שוין לאַנג, אַז ער איז אין אַ יידישן קלויז נישט געווען. טאָמער פאַלט איין ר׳ אַרקען אײַף אים איצט אָנצופאַלן, און ער וועט אים נעמען פאַר־וואַרפן, אַז ער איז אַ פּושע ישראל און אַז מען טאָר אים נישט אַרײַנלאָזן אין אַ יידיש הויז.

ר׳ אַרקע איז טאַקע אַרומגעגאַנגען איבער דעם קלויז אין דער לענג און אין דער ברייט מיט ביידע הענט אין גאַרטל פאַר־שטעקט. זיין גרויסע, שווערע נאָז איז געווען רויט און זיינע אויגן בייז.

דערווייל האָט מען געבראַכט צו טראָגן גרויסע ביטעלעס מיט וויין. דער גאַנצער לאַנגער טיש איז געוואָרן באַזעצט מיט יידן, אַזוי ווי מיט בינען אַרום דעם סטאָלניק. און די יידן, וואָס האָבן נישט פאַרכאַפּט קיין אָרט, זענען געשטאַנען אַרום און אַרום.

און ווייל איטלעכער פון די יידן איז געווען אונטער דעם איינפלוס פון דעם בלוטיק־רויטן וויין, וועלכער האָט פון דעם ערשטן גלאָז געטון זיך אַ צעגאָס איבער אַלע גלידער און געמאַכט דאָס בלוט וואַרעם, האָט מען נישט באַמערקט, ווי ר׳ אַרקע דרייט זיך אַרום איבערן קלויז אַ ברוגזער.

וואָס האָט ר׳ אַרקע געוואָלט?

ער האָט נישט געוואָלט, אַז די יידן זאָלן נעמען ערד. וואָס וועלן זיי, די יידן, טון מיט דער ערד? מען וועט זיי צונעמען פונדאַנען און אַוועקפירן ערגעץ אין אַ ווייט לאַנד און זיי איינטיילן לאַנד. וועלן זיך די יידן באַזעצן אויף זייער ערד און וועלן פאַרגרעבט ווערן. ר׳ אַרקע האָט גוט געקענט זיינע יידן. זיי זענען אַזוי אויך געווען פאַרגרעבט, נאָר זיי האָבן פאָרט נאָך געהאַט אַ האָפנונג צו ווערן אויסגעאיידלט. עס איז פאָרט אַ שטעטל, און דאָס שטעטל נעמט זיך פאַוואָלינקע אויסאיידלען. אָבער אַז זיי וועלן זיך באַזעצן אויף זייער ערד, ערגעץ דאָרט, אין דעם ווייטן אַמעריקע, וואָס וועט פון זיי ווערן.

דאָס האָט ר׳ אַרקע געטראַכט, און עס איז אים געווען שווער דאָס האַרץ. ער האָט דאָס נישט געקענט אַרויסזאָגן, ווייל, ערשטנס האָט ער נישט געקענט אַנטקעגנגיין דעם רב, און צווייטנס, האָט ער גלאַט נישט

געוואָלט באַלײדיקן אַ גאַנצע עדה ײדן. אַזאַ גאַנצע עדה ײדן װילן ערד און דער רב אויך מיט זײ, באַדאַרף מען שװײגן.

נאָר אַז דער עולם איז געװאָרן פֿרײלעך, געשװיצט פֿון די געפּילטע קישקעס מיט קנאָבל און זיך אַ לאָז געטון אַרום טיש מיט אַ טענצל, האָבן ײדן באַמערקט ר׳ אַרקען. מען האָט לויז גע־מאַכט די הענט און אָנגעכאַפּט ר׳ אַרקען און אים אַרײנגעשלעפּט אין ראָד.

— ר׳ אַרקע איז נאָך ניכטער!

— ר׳ אַרקע האָט נאָך נישט באַנעצט זײנע ליפּן!

אברהם, װעלכער איז שוין געװען אונטערגעטרונקען, און אַזוי װי זײן טבע, זיך מיט איטלעכן אַרומגעכאַפּט און זיך צוגעבויגן צו יענעם און מיט זײן צונג באַלעקט יענעמס פּנים, האָט, װאַקלענדיק, אַ לויף געטון צו ר׳ אַרקען, אים אַ נעם געטון פֿון הינטן באַ דער פּלײצע און אים צו־געבראַכט צום טיש.

נאַקמאַן, װעלכער איז שוין אויך אַ ביסל געװען באַרױשט, האָט אָנ־געגאָסן אַ גלאָז װײן און דערלאַנגט ר׳ אַרקען.

— טרינקט, ר׳ אַרקע, צו דעם מזל פֿון דעם נײעם ײדישן דאָרף! — האָט נאַקמאַן אויסגעשריגן, מיט דעם טראָפּ אויף די לעצטע װערטער.

— איך טרינק נישט קײן ײן נסך, — האָט ר׳ אַרקע פֿון זיך אָפּגע־שטופּט דאָס גלאָז װײן. און עס האָט אים באַלד באַנג געטון פֿאַרװאָס ער האָט דאָס געזאָגט.

נאַקמאַן איז געװאָרן בלײך, זיך אַװעקגעזעצט אויף דער באַנק אַזוי װי אַ דערשאָסענער.

ר׳ ישראל גאָלדשטײן האָט געטון אַ הײב אויף די האַנט, געפּילט, אַז זײן האַנט איז שװער, אַזוי װי אָנגעגאָסן מיט בלײ, באַלד, באַ זיך אינע־װײניק, חרטה געהאַט אויף דעם, װאָס ער האָט געװאָלט טון. ער האָט אָבער געזאָגט:

— רבי, איר דאַרפֿט פּסקענען אַ שאלה, טאַקע שוין דאָ אויפֿן אָרט. ר׳ אַרקע האָט נאָר װאָס געזאָגט, אַז ער טרינקט נישט קײן ײן נסך, מײנט עס, אַז דער װײן איז נסך, און מיר אַלע האָבן געטרונקען נסך. װאָס זאָלן מיר טון?

דער רב האָט זיך פאַרטראַכט, געצופּט דאָס קליינע בערדל, נאָכ־דעם לייכט אַ שמייכל געטון און געזאָגט:

— מיר װעלן פרעגן אברהמען.

אברהם, װעלכער איז געװען אַ סאָלדאַט באַ פּאָניען, האָט זיך מיט גרויס שװעריקייט אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג, פאַרהויבן די רעכטע האַנט צום דאַשיק פון זיין היטל און אין זיין אָפן מויל עפּעס געדרייט מיט דער צונג.

— אברהם, — האָט דער רב געזאָגט — זאָג, איז דער װיין, װאָס מיר טרינקען איצט, יין נסך?

— ניקאָק ניעט! (קיינמאָל נישט!)

עס איז געװאָרן אַ געלעכטער. נאָכמאָן האָט אויך געלאַכט.

ר׳ אַרקע האָט דערפילט, אַז די פּיאַטעס פון זיינע פיס ברייען. ער האָט געװאָלט אַװעקגיין פון טיש און נישט געקענט. עס האָט אים זייער באַנג געטון אויף דעם, װאָס ער האָט געזאָגט.

נאָכמאָן האָט נאָכאַמאָל גענומען דאָס גלאָז װיין, עס דערלאַנגט ר׳ אַרקען און געזאָגט:

— ר׳ אַרקע, מיינע װעגן זענען אַנדערע און אייערע װעגן זענען אַנדערע. אָבער אין דעם לעצטן, איך מיין, דאָרט װוּ די װעגן לאָזן זיך אויס, באַגעגענען מיר זיך. איצט בין איך אייך מוחל און נעם נישט אָן אייערע װערטער פאַר אומגוט. טרינקט.

ר׳ אַרקע האָט אַ נעם געטון דאָס גלאָז, געזאָגט „לחיים" באַגלייט מיט אַ מאַך פון זיין האַנט, און אויסגעטרונקען דאָס גלאָז װיין ביז צום דנאָ מיט איין שלינג.

ר׳ אַרקע האָט זיך אָנגעװאַרעמט און געטרונקען ערשטנס דערפאַר, װאָס ער האָט געקענט די מלאכה פון טרינקען, און צװייטנס פשוט דער־פאַר, װייל ער האָט געהאַט אַ כּלל, אַז װאָס מען מען טרינקט, װערט מען אַלץ מער פאַרשטענדיקער און מער הערט אויף איינגאַנצן צו רעדן. װייל דערדאָזיקער מענטש, װאָס צערעדט זיך נאָך אַ גלעזל װיין, מוז זיין אַ גרויסער נאַר, שוין אָפּגערעדט, װאָס מען קען אים נישט רופן אַ טרינ־קער.

ר׳ אַרקע האָט פשוט געגאָסן אין זיך. נישט פאַרביסן.

די יידן האָבן געטאַנצט, געקלאַפּט מיט די הענט און געזונגען אַלע

אײנײעם אויסגעמישטע מאַטיװן. אײנער האָט געזונגען אַ װאָלאַך און אַ צװײטער האָט געצױגן און זיך פאַרגאַנגען אין אַ פאַרניאַלע. אַ דריטער האָט געשריגן אויף זײנע העכסטע קולות „צאן קדשים", און ײדן האָבן געענטפערט: „מע-ע-ע"!

אין דרויסן איז דערװײל די נאַכט אַריבערגעלאָפן. עס האָט שױן באַלד געהאַלטן בײַ װערן טאָג, װײל די הענער האָבן געקרײעט. אײנער האָט אָנגעהױבן מיט אַ געדרײטן קרײ און אַנדערע האָבן אים געענטפערט.

אין קלויז אינעװײניק האָט אָנגעהױבן צו װערן לײדיקלעך. די גאַר ניכטערע און האַלב ניכטערע זענען שױן אַװעק אין זײערע הײמען. עס האָט אָנגעהױבן צו װערן קיל אין קלויז.

די פענצטער זענען געװען באַדעקט מיט פראָסטיקע בײמער און בלימעלעך.

— קינדערלעך, עס איז שױן צײט צו גײן אַהײם! — האָט ר' ישראל גאָלדשטײן אויסגעזונגען.

נאַקמאַן האָט איצט, אַזױ זיצנדיק, שױן געזען פאַר זײנע אויגן אַ ברײטן שטח, װעלכער שפּרײט זיך אויף יענער זײט פונם אָקעאַן.

און דאָס, װאָס ר' ישראל גאָלדשטײן האָט געזאָגט, אַז עס איז שױן צײט צו גײן אַהײם, האָט װײטער זיך אײנגעװעבט אין נאַקמאַנס חלום, אָבער דער גערודער פון פאַלנדע בענק האָט אים װאַך געמאַכט.

די ײדן האָבן זיך אײנגעװיקלט אין זײערע פעלצענע קלײדער. מען האָט דעם רב אַרײנגענומען אין דער מיט, און מען איז אַרויס מיט אַ געזאַנג אין דרויסן.

אַקעגן דעם שטעטל, איבער די אין שנײ אײנגעהילטע בערג, און אין װײטן, גרויען, פראָסטיקן האָריזאָנט, האָט זיך באַװיזן אַ װײסער פּאַס פון דעם מאָרגן.

## 2.

דער ווינטער אין דער בעסאַראַביע איז, אַזוי ווי אַלע מאָל, געווען אַ לאַנגער, האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך שבת בראשית. אָבער די יידן פון שטעטל פ. האָבן געהאָפט, מיט גרויס געדולד, אַז עס וועט קומען דער פרילינג, גאָר אינגיכן. די צייט האָט זיך באַ זיי געציילט נאָך די סדרות, וועלכע מען האָט געלייענט אַלע שבת פון דער תורה. און אַזוי ווי עס האָט זיך שוין געלייענט די סדרה משפטים, האָבן דערפאַר יידן געוווּסט, אַז עס איז שוין נישט ווייט, נישט ווייט.

דערווייל האָט זיך דער הימל פאַרשפרייט מיט נייע גרויע וואָלקנס. און די וואָלקנס זענען אַזוי נידעריק געלעגן אויסגעשפרייט איבער דעם אַנטקעגניבערדיקן באַרג, אַז מען האָט נישט געקענט גאָרנישט זען, וואָס עס טוט זיך דאָרט ווייטער. און ווען עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן אָוונט, איז באַפאַלן אַ גרויסער פחד אַלעמען. און באַלד האָט אָנגעהויבן פאַלן אַ שניי. דאָס איז געווען אַ ווייכער פעדער־שניי, וואָס האָט זיך גע־שאָטן אַזוי ווי פון אַ זאַק, זיך געלייגט אויף דעם אַלטן, איינגעפרוירענעם שניי אַזוי ווי פעדערן אויף סמאָלע, און פאַרשאָטן אַלע אויסגעטרעטענע שטעגעלעך.

אַ גאַנצע נאַכט האָט געשנייט.

אינדערפרי איז מען אויפגעשטאַנען, אויסגעווישט די פאַרשנייטע פענצטער און אַרויסגעקוקט אינדרויסן. לאַנגע ליניעס מיט שניי האָבן זיך געצויגן פון הימל ביז צו דער ערד. עס האָט פון צייט צו צייט געטון אַ ווייע אַ ווינט און צונויפגעדרייט די ליניעס אין קיילעכדיקע קנוילן, און נאָכדעם צוריק צעוואָרפן.

די זון איז דעם גאַנצן טאָג נישט אויפגעגאַנגען. הימל און ערד האָבן זיך באַהעפט. עס האָט פון הימל געשנייט אָן אויפהער. אויף דער ערד זענען געוואָרן אָנגעהויפט בערג מיט שניי, וועלכע דער ווינט

האָט אויפגעהויבן מיט אַ בייזערדיקן פייף און געוואָלט צוריק אַרויפֿ־וואַרפֿן צו דעם הימל, אָבער, אַזוי ווי אַלע נערוועזע, האָט דער ווינט אויך נישט געקענט דאָס טון און מיט כּעס דעם הויפֿן שניי צוריק אַוועק־געוואָרפֿן ערגעץ באַ אַן עק פֿון אַ פּלויט, אָדער באַ אַ וואַנט פֿון אַ הויז.

די לעבעדיקע מענטשן האָבן נישט געקענט אַרויסווייזן אַ נאָז אויף דער גאַס. איז מען געזעסן אין די שטיבן, האָלץ איז אפֿילו נישט אַזוי וואָלוול, אָבער שטרוי איז פֿאַרהאַן. טאַזיק (אַזאַ מין באַהייצונג געמאַכט פֿון קי־מיסט) איז דאָ נאָך מער, פּילט מען אָן די הרובע מיט טאַזיק און מען צינדט אונטער. זאָל דאָס ברענען פֿאַמעלעך. אָדער מען שטאָפּט אָן די הרובע מיט שטרוי און מען צינדט אונטער. אין שטוב ווערט וואַרעם. אַ זאַק מיט פּאָפּושאָיען־מעל און אַ דיישקע מיט ברינזע (קעז פֿון שאָפֿענע מילך) איז אויך דאָ. די באַלעבאָסטע פֿון הויז פֿאַרקאָכט אַ קעסל מיט וואַסער, פֿאַרמישט פֿון פּאָפּושאָי־מעל אַ מאַמאַליגע, און וואַרפֿט זי אַרויס אויף אַ ווייס טישטוכל, אין דער מיט פֿון טיש. די קינדער שטעלן זיך אַרום אַרום טיש, שלינגען די פּאַרע, וועלכע זעצט פֿון דער מאַמאַליגע. דער טאַטע זעצט זיך אַוועק מיט אַ דינעם פֿאָדעם איןביידע הענט אָנגע־צויגן, שניידט מיטן פֿאָדעם רייפֿטן מאַמאַליגע, וועלכע זענען אַזוי געל, אַזוי ווי ניי אויסגעגאָסן גאָלד. די מאַמע באַשפּרענקלט די רייפֿטן מיט צערי־בענער ברינזע. די קינדער זענען אומגעדולדיק. שפּרינגען אונטער: מאַ־מאַליגע מיט ברינזע!

אין חדר אַריין גייען די קינדער נישט. אַלע וועגן זענען פֿאַרשנייעט. הוליען קינדער אין זייערע היימען, אַזוי דער ווינט אינדרויסן. זאָל דער ווינט וואָיען און פֿאַרווייען די וועגן!

דורך דער פּאָסט־גאַס לויפֿט פֿאַרביי אַ שליטן מיט פֿיר פֿערד. די פֿליגלען פֿון שליטן פֿאַרווייעט מיט שניי. די פֿערד אויך פֿאַרווייעט מיט שניי, און עס זעצט פֿון זיי אַ פּאַרע, און צוויי אין פּעלצן פֿאַוויקלטע מענטשן זיצן אין שליטן. איינער טרייבט די פֿערד און דער אַנדערער זיצט האַלב אָנגעשפּאַרט אין דעם הינטערשטן ווענטל פֿון שליטן. ביידע מענטשן זענען אַרומגעקלעבט מיט שניי־פֿעדערן. פֿון זייערע מיילער זעצט אַ פּאַרע. אויפֿן דישעל פֿון פֿאָרנט איז אָנגעבונדן אַ גלאָק. דער גלאָק

קלינגט און די פערד לויפן, אזוי ווי הירשן, אקעגן ווינט מיטן שטראם פון שניי.

דער שליטן דורכגעפארן, ווערן באלד פון שניי פארשאטן די טיפע סימנים פון זיינע גליטשערס.

עס בלייבט נאר איבער דער נאכקלאנג פון גלאק, און ווייטער ווייסט מען גארנישט ווער עס איז דורכגעפארן און וווהין עס טרייבט דער אנטרייבער.

מען ווייסט אבער, אז עס האלט נאך נישט אזוי שלעכט, ווי באלד עמעצער איז דורכגעפארן.

אבער קיין יאריד וועט שוין היינט נישט זיין. איין שליטן מיט א גלאק קען נישט מאכן קיין יאריד.

די קראמען זענען דערפאר פארמאכט. און אין דער גרויכער שול איז אויך קיינער נישטא.

און אזיי ווי מען האט נישט געקענט ארויסווייזן די נאז אין גאס אריין, איז דערפאר אויך דער לערער נאקמאן געזעסן אין זיין צימער מיט די ווייסע ווענט. מאדנע ווייס זענען די ווענט היינט פון דעם אפשיין פון שניי.

נאקמאן איז געווען אומרויק. אזוי איז עס שוין. ווען ער איז פארנומען מיט זיינע „שטונדען", טראכט, ער נאר פון אזא שעה, ווען ער זאל זיך קעבען אוועקזעצן און מיט זיך אליין אפרוען. פארוואס זשע איז ער איצט אומרויק ?

ער איז אויפגעשטאנען אינדערפרי מיט א שיינער שטימונג. אין דער צייט, וואס ער האט זיך אנגעטון, האט ער געברומט עפעס א לידל. שניי, ווייסקייט. דאס זענען זאכן, וואס מאכן אים ווי א קליין קינד. ער האט זיך געראזירט און צעשניטן די רעכטע באק. האט ער צו זיך געזאגט אינדערהייך : עס איז גארנישט ! דער שניט וועט זיך אויסהיילן.

שניי. ווייסקייט.

נאכדעם האט ער פארקאכט טיי אויפן נאפט-אייוועלע. געזופט הייסע טיי און פארביסן מיט סוכארעס און שווייצארישן קעז. נאך דער טיי פאררויכערט א ציגארעט און ארומגעשפאנט איבער זיין צימער פון איין פענצטער ביז צום אנדערן, דער שטח פון זיין צימער איז געווען א

קליינער, אָבער די צוויי פענצטער, מיט דעם, וואָס מען האָט געזעען דורך זיי דעם ווייסן שניי אינדרויסן, האָבן דעמדאָזיקן שטח אויסגעצויגן ווייט, ווייט.

פאַרוואָס זשע האָט ער זיך דערמאָנט אין די נעכטיקע רייד, וואָס ער האָט געהערט פון דינהס קליין, דין מויל זיך אַרויסשניידן?

נאַקמאַן האָט געזעען, ווי דער ווינט טוט אַ שאַרפן שניט אין ווייכן שניי און אַנטלויפט מיט זיינע צוויי פולע הענט אַרומגענומען אַרום אַ בונט מיט שניי. ער האָט זיך געוואָלט צעלאַכן, אָבער זיין שטימונג איז שוין געווען איבערגעפירט, ער האָט שוין געהאַט, וואָס ער אַליין האָט גערופן, די כאַנדראַ.

ווי אַזוי האָט דינה געוואַגט אים צו זאָגן, אַז זי וועט נישט פאָרן? דינה צו אים! אָט דאָס מיידל, וואָס איז נאָך נישט קיין אונטערגעוואַקסענע, וועמען ער האָט אַרויסגעשיילט פון דעם שאָלעכץ, פון דעם קליינשטעטל־דיקן, באַלעבאַטישן איי.

ניין, ער האָט פיינט פראַזן. און אָט איז ער אַליין אַריין אין פראַזן, ער האָט געוואָלט זאָגן, אַז זי, דינה, וועמען ער האָט אויסגעלערנט, ווי אַזוי צו רעדן מיט אַ מענטש, רעדן מיט אים אַליין האָט זי דאָך אויך נישט געוווסט. איצט האָט זי זיך אָוועקגעשטעלט, דאַכט זיך, נאָך געטון אַ קלאַפּ מיט איין פוס אין דיל, אויסגעשטעלט איר שיינע יינג־מיידלשע ברוסט און געזאָגט, אַז זי פאָרט נישט.

נאַקמאַן האָט אויסגערייכערט זיין ציגאַרעט, אַוועקגעלייגט דאָס אי־בערבלייבעכץ אין טעצל אויף זיין טיש, זיך דערמאַנט, אַז דאָס טעצל איז שוין פול מיט איבערבלייבעכצער פון ציגאַרעטן, האָט זיך געפוילט אויפצו־עפענען דאָס פענצטער און זיי אַרויסוואַרפן.

ער האָט אויפגעעפנט די שיפלאָד און אַרויסגענומען אַ פּאַק מיט פּאַפּירן, די פּאַפּירן צעלייגט איבערן טיש, זיך אויסגעריבן איין האַנט אָן דער אַנדערער. ער האָט זיך אַ ביסל פאַרטראַכט, נאָכדעם איבער־געלייענט אַ בלעטל און אַוועקגעוואָרפן, אָנגעהויבן צו לייענען אָן אַנ־דער בלעטל און מיט טינט און פעדער צוגעשטעלט אַ וואָרט דאָ און דאָרט.

צו וואָס טויגן אים דידאָזיקע פּאַפּירן אויב ער פאָרט אַוועק מיט די יידן פון שטעטל? אָנגעהויבענע אַרטיקלען אין דריי שפּראַכן: העברעיש,

רוסיש און יידיש. עס האָבן זיך אויך געפונען אָנגעהויבענע דערציילונגען. צווישן די אַרטיקלען זענען געווען אַזוינע, מיט וועלכע ער האָט זיך געגרייט אין אוניווערזיטעט אַריין.

נאָכמאָן איז אַראָפּגעקומען אַהער צוריק מיט אַ פּאָר יאָר, נאָכדעם ווי ער האָט באַקומען אַ בריוו פון דעם גביר ישראל גאָלדשטיין. געקומען איז ער נאָר אויף אַ צייט אין דעם קליינעם אָרט אַריין. ער האָט געוואָלט זיך ערשטנס אַ ביסל אויסרוען פון דער גרויסער שטאָט און צווייטנס האָט ער געטראַכט פון צונויפלייגן אַ סומע געלט, כדי ער זאָל קענען דערנאָך רויק ווייטער גיין מיט זיין לערנען אין דער אוניווערזיטעט.

אין אוניווערזיטעט האָט מען אים ערשט באַדאַרפט אַריינגעמען. האָט נאָכמאָן זיך באַזעצט אַלס אַ לערער אין שטעטל, האָט מען אים גערופן דער נייער לערער. ער איז שוין דאָ אַ פּאָר יאָר און האָט נאָך נישט אַ קאָפּיקע צו זיין אייגענעם נאָמען, פאַרקערט, ער איז נאָך שולדיק יענעם.

נאָכמאָן קען זיך נישט אַקלימאַטיזירן, זיך אַריינלעבן דאָ אין דעם קליינעם, פאַרוואָרפענעם אָרט. זומער זענען דאָ די היצן אומדערטרעגלעך. און ווינטער — שוין איז דאָ דער ווינטער, אָבער אין פעלצן זיך אָנטון וויל נאָכמאָן נישט.

שוין דעם דריטן ווינטער, אַז ער טראָגט אַריבער אין זיינע גרויסשטעטישע, לייכטע ווינטער־קליידער. ער פּרוּווט זיך אַליין אויס און האַלט אויס. וואָס קען אַ מענטש נישט אויספירן ווען ער שפּאַרט זיך איין און וויל אויספירן.

נאָכמאָן איז אַזוי, אויפן קוק, נישט אַזאַ שטאַרקער, אַ דאַרער, אַ בלייכער, מיט שמאָלע, דינע הענט. אָבער ער איז אַ רירעוודיקער, באַוועגט זיך זייער גיך, זיין גאַנג איז אויך אַ גיכער, ער לויפט. כאָטש ווען ער רעדט, שטאַמלט ער אַ ביסל, אָבער דערפאַר איז זיין רעדן גאַנץ, אָן איבעריקע ווערטער, און עס ווירקט אויף יענעם אַזוי, ווי ער וואָלט מיט אַ דלאָט זיינע ווערטער אויסגעהאַקט.

מען האַלט אים אָבער פאַר אַ שווייגער, ווייל נישט אַלע מאָל כאַפּט מען אים, אַז ער זאָל רעדן. אייניקע גייען נאָך ווייטער און זאָגן, אַז נאָכמאָן איז אַן אָנגעבלאָזענער, האָט פליי אין דער נאָז, האַלט זיך העכער

פון אַלעמען. אַנדערע, ווידער, זאָגן פּונקט פאַרקערט, אַז נאַקמאַן איז אַ קליינהאַלטער, האָט פיינט אַרויסצוווייזן, אַז ער איז אַזעלכער און אַזעל־כער. און כאָטש ער האָט טאַקט, האָט ער אָבער פיינט צו זיין צירליך־מאַנירליך.

נאַקמאַן אַליין, אַזוי ווי אַלע מענטשן, וואָס האָבן עפּעס צו זאָגן וועגן זיך, שרייבט אין זיין אויטאָביאָגראַפישער דערציילונג, וועלכע ער האָט שוין עטלעכע מאָל אָנגעהויבן און שוין אַזוי פיל מאָל צעריסן און פאַרברענט, אין קורצן אַזוי:

„געבוירן אין זשיטאָמיר. קינדווייז געוואָרן אַ יתום. זיך גע־וואַלגערט אין שטאָט אויף קהלס חשבון ביז ער איז געוואָרן בר־מצווה, דערנאָך אַוועק קיין אָדעס, געאַרבעט בײַ אַ קיאָסק פון צייטונגען, זיך צוגעשלאָגן צו אַ סטודענט, וועלכער האָט מיט אים געלערנט אום־זיסט”.

ווייטער האָט נאַקמאַן קיינמאָל נישט געשריבן, ווייל עס פלעגט פאַר אים אויפשווומען די פערזענלעכקייט פון יענעם סטודענט, און ער האָט זיך באַלד אָנגעהויבן פילן קליין ווי אַ וואָרעם.

דאָס איז אָבער געווען אַזאַ שיינע ליכטיקע מעשה אָט מיט דעם סטודענט, אַז ער האָט זיך מורא געהאַט צו דעם צוצורירן. ער האָט אַלע מאָל געזאָגט צו זיך אַליין: איך וועל וואַרטן אויף אַן אַנדערט־מאָל.

און קומענדיק אַהער אין קליינעם שטעטל, האָט נאַקמאַן גע־מיינט, אַז ער וועט דאָ קענען, אין אַזאַ ווייטער דיסטאַנץ, זיך נע־מען און אויפמאָלן די געשטאַלט פון יענעם גוטן און ליכטיקן סטו־דענט.

וואָס, וואָס, אָבער ער האָט איבערגענומען צווישן אַנדערע גוטע זאַכן אויך יענע שיינע געוווינהייט, אַז ער קען מיט יענעם אַזוי שיין לערנען און איבערגעבן זייער לייכט, אין דעם איבעריקן איז דאָס דער אייגענער נאַקמאַן, ווי אַלע מאָל.

אַ שטייגער, עס דערמאַנט זיך נאַקמאַנען, ווי אַזוי ער איז אַמאָל געקומען צו זיין בענעפאַקטאָר און אים דערציילט, אַז ער ליבט.

דער גוטער סטודענט איז געוואָרן בלוי ווי אַ מילץ, גאָר־

נישט געזאָגט, נאָר געעפנט די טיר פון זיין צימער און אים געהייסן גיין.

נאַקמאַן איז פאַרשטיינערט געוואָרן, זיך נישט געקענט רירן פון אָרט.

— איינס פון די צוויי — האָט דער סטודענט געזאָגט — אָדער מיך, אָדער זי.

שפּעטער מיט עטלעכע טעג האָט ער געהאַט אַ שמועס מיט דעם סטודענט און יענער האָט אים אַזוי גוט־ברידערלעך אויסגעזידלט. וואָס הייסט, ווי קען דאָ אַזאַ מענטש זיך פאַרדרייען אַ קאָפּ?

נאַקמאַן האָט זיך שוין געהאַט אַזוי ווייט פאַרדרייט דעם קאָפּ, אַז ער האָט געמוזט אַוועקפאָרן אין דער ווייטער בעסאַראַביע.

ער האָט זיך געגנוג געפּייניקט, און אַלע מאָל, ווען ער דערמאַנט זיך אין יענער דאַמע, פּייניקט עס אים.

אָבער ער וויל זיך פאַרגעסן. נאַקמאַן זאָגט צו זיך אַליין אַלע מאָל: נאַקמאַן וועט בלייבן אַ בחור אויף זיין גאַנץ לעבן.

יענע דאַמע אין אָדעס, אָדער אפילו די קליינע, שיינע פּאַווע, וועלכע הייסט דינה, דאָס זענען נאָר אויספּרוּוון. ער פּרוּווט זיך אויס, וואָס וועט נאַקמאַן טון? און נאַקמאַן אַליין פּייניקט זיך, כּדי ער, נאַקמאַן, זאָל קענען דערנאָך שטאַרקן און איבערוועקן.

אַזאַ שיינע, קליינע פּאַווע!

ווען זי דערזעט נאַקמאַנען, הייבט זי אָן אַרומצוגיין איבער די גרויסע צימערן פון איר טאַטנס הויז, אַזוי ווי אַ פּאַווע מיט אירע שיינע טריט. נאַקמאַן ווערט אָנגעטרונקען און פאַרוויגט ביז משוגעת פון דעם ריטם פון אירע טריט. ווי אַזוי האָט די שיינע פּאַווע אַהער פאַרבלאָנ־דזשעט?

ווען נאַקמאַן איז געקומען אין שטעטל פּ. האָט ער זיך געוווּנדערט אויף דער פאַרגרעבטקייט פון די מענטשן. געזונטע מענטשן. אָדער עס האָט פון איינעם געשמעקט מיט ערד, דערפאַר וואָס ער האָט געהאַנדלט מיט ערד. אָדער עס האָט פון אַן אַנדערן געשמעקט מיט שאָפּן־שמאַלץ, דער־פאַר, וואָס ער האָט געהאַנדלט מיט שאָף.

געזונטע מענטשן, אָבער מאָדנע. זיי האָבן נאָך נישט אויסגעזען אַזוי ווי יידן באַדאַרפן אויסזעען. זייער רעדן פון פערד, ווייץ, אָקסן,

שאָף און פאָני װערדי (גרין ברױט, דאָס הייסט, תּבואות, װאָס מען קױפט און פאַרקױפט, װען זיי שטייען נאָך גרינערהייט אין פעלד), װאָל און נאָך אַזעלכע געזונטע זאַכן, איז דאָס געװען ביי פאַר נאַקמאָנען.

און אַזוי װי די יידן פון שטעטל זענען געװען ביי באַ נאַקמאָנען אין די אױגן, אַזוי איז נאַקמאָן געװען ביי אין די אױגן פון די שטעטלדיקע יידן.

געלערנט האָט נאַקמאָן פון אָנהייב מיט ביידע בחורים און אױך מיטן מיידל פון ישראל גאָלדשטיין.

די בחורים, איינער העכער פונם אַנדערן, צװיי געזונטע מיט פאַרביקע פּנימער, מיט גראָבע הענט און מיט פינגער אַזעלכע גרױסע, קנאָכיקע, נאָר אייזן צו ברעכן מיט זיי. עס האָט זיך צו זיי נישט געקלעבט דאָס, װאָס נאַקמאָן האָט מיט זיי געלערנט. נישט אַלע טאָג זענען זיי געװען אינדערהיים, אַז נאַקמאָן זאָל מיט זיי קאָנען לערנען. אָפט איז באַ נאַקמאָנען געװען אַ געפיל, אַז ער נעמט אומזיסט געלט באַ זייער פאָטער, װייל ער האָט דאָך געזען, אַז עס איז אומזיסט. איידער ער האָט זיי אױסגעלערנט דעם „אַזבוקאַ״, דעם רוסישן אלף־בית, האָט זיך נאַקמאָן אַרױסגערעדט די גאַל. און ערשט נאָכדעם האָבן זיי נאָך אַלץ נישט געקאָנט װיסן דעם אונטערשיד פון איין אות ביז דעם צװייטן.

נאַקמאָן האָט זיי אָבער ליב געהאַט דערפאַר, װאָס אין זייערע אױגן איז געװען אַזוי פיל זיכערקייט און גאַנצקייט. ער האָט פּשוט געאייפערט זייער אומגעמיטלבאַרקייט און זייער איינפאַכקייט. װאָס זיי האָבן נישט געקאָנט, האָבן זיי נישט געקאָנט, אָבער זייער זאַך, װי פאָרן אױף אַ פערד, רייטנדיק אָן אַ זאָטל, אָדער טרינקען פון אַ האָנטעל װיין מיט אַ שטרױען רערל, אָדער כאַפּן אַ שאָף באַ אַ פוס און זי אױפהייבן אין דער לופטן און זאָגן װיפיל זי װעגט — דאָס האָבן זיי געקאָנט.

הייסט עס, אַז נאַקמאָן האָט געשטױסן װאַסער. אָבער, װאָס האָט ער געקאָנט טון. ישראל גאָלדשטיין האָט נאַקמאָנען געהאַלטן מיט גרױס כּבוד. אים מקרב געװען.

אַנדערע יידן פון שטעטל האָבן זיך מתקנא געווען אין ישראל גאָלדשטיין און אויך באַשטעלט „שטונדען" באַ דעם נייעם לערער.

דער אַלטער לערער, וועמען מען האָט גערופן שבתאי שרייבער, איז געוואָרן אַ דם שונא נאָקמאָנען.

שבתאי שרייבער, מיט דעם, וואָס ער האָט געהאַט אַזאַ געדריידלטן כתב, האָט געקיניגט אין שטעטל אַ סך יאָרן. זיין מלוכה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דאָס גאַנצע שטעטל האָט געמוזט ליגן באַ אים אין די הענט. ערשטנס דערפאַר, וואָס אויב מען האָט געדאַרפט שרייבן אַ פּאַפּיר צום פּריץ אָדער צום „איספּראַווניק", האָט מען געמוזט אָנקומען צו שבתאי שרייבער. צווייטנס איז באַ שבתאי שרייבער געלעגן דאָס גראָבע בוך, ווו ער פלעגט פאַרשרייבן ווען עמעצער איז געבוירן געוואָרן, חתונה געהאַט אָדער געשטאָרבן, און דריטנס, האָט שוין שבתאי שרייבער געהאַט אַ חזקה. די וואָס זענען שוין איצט טאַטעס צו קינדער האָבן זיך באַ אים געלערנט שרייבן אַ „געראָסל" און ציפער. שבתאי שרייבער איז געווען שטאָלץ מיט זיינע יידן. ער פלעגט תמיד אַרומגיין איבער דעם שטעטל מיט אַ גראָבן שטעקן. איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך דערלויבט אַרומצושערן אַ קיילעכדיקע באָרד און האָט געטראָגן אויף זיין נאָז פּענסנע און פלעגט רעדן וועגן זיינע פּענסנעס, אַז זיי זענען אַזוינע שאַרפע, אַז ער קאָן זען מיט זיי, וואָס־עס טוט זיך אויף דער לבנה. ער איז אויך געווען דער איינציקער, וואָס האָט געוואַגט צו באַהויפּטן, אַז ער האָט אַריינגעקוקט אין „זייערע" ביכער און אַז זיי שרייבן, אַז די לבנה איז אַזאַ פּלאַנעטע ווי די ערד, להבדיל. אַז מען שמועסט, אַז ער האַלט דידאָזיקע יידן אין זיינע הענט, קען מען דאָך אויף אים נישט ווערן אין כעס, אָדער אים זידלען, וואָרים אָס טוט מען אים אויב אים, פאַרווילט זיך און ער פאַרשרייבט נישט אין דעם גראָבן בוך, ווען עמעצער שטאַרבט.

און אַז אָט דער יאַכמאָדריוועקע, ווי מען רופט אים דאָרט, נאָקמאָן, איז געקומען, האָט טאַקע שבתאי שרייבער אויף אים געקוקט אַזוי לאַנג קרום, ביז ער איז אים, דעם נייער לערער, געוואָרן אַ דם שונא.

אין וואָס איז באַשטאַנען די שנאה?

ערשטנס, אַז ער האָט אים באַגעגנט, האָט ער קיינמאָל נישט גע־

זאָגט קיין גוט מאָרגן. נישט נאָר דאָס, שבתאי שרייבער פלעגט נאָך אַוועקדרייען זיין קאָפּ און נישט געוואָלט קוקן אין זיינע וועגן. צווייטנס, האָט שבתאי שרייבער אַליין אַלע מאָל זיך אויסגעלאַכט פאַר מענטשן אין די אויגן פון אָט דעם יאַכמאָדריוועקע, וועלכער שרייבט אַזאַ צעבראָכענע האַנטשריפט. זאָגט אַליין, אויב ער אַליין האָט אַ צעבראָכענע האַנטשריפט, וועט איר דאָך אַלע זיך אויסלערנען צו שרייבן מיט אַ צעבראָכענע האַנטשריפט און אייערע קינדער און קינדס קינדער וועלן דאָך אויך בעסער שרייבן נישט קענען. דריטנס, האָט שבתאי שרייבער געהאַט אַ ווייב מיט אַ דערוואַקסענער טאָכטער, די טאָכטער שוין אַ מיידל אין די יאָרן, וועלכע איז „געזעסן" און געקליבן התנים, אַזוי לאַנג ביז איצט איז זי שוין אַן עלטער מיידל, מיט אַ מויל, אַזוי שאַרף, ווי מיל=שטיינער. די מאַמע, קוקנדיק אויף דעם, וואָס איר מיידל „זיצט נאָך" און אויך, קוקנדיק אויף דעם, וואָס איר קרוין, דער שיינער, דריידלדיקער שרייבער, ווערט פאַרשאָטנט פון עפּעס אַ גאָרנישט, אַ בלייכן, אויסגעדאַרטן הערינג, וואָס איז געקומען פון ערגעץ און נעמט צו פּרנסה, איז זי געוואָרן זייער ביטער אַזוי ווי אַ גאַל און האָט זיך איינגערעדט אַ „מאַנקאָליע", אַז עמעצער האָט זיי אָפּגעטון אַ כּישוף, נאָכגעגאָסן אַזאַ וואַסערל און דאָס מזל האָט זיך אָפּגעטון פון איר הויז=געזינט. דידאָזיקע פאַרביטערטע פרוי איז געגאַנגען צו דער ציגיינערין מיט די לאַנגע גרויע האָר, וואָס וווינט אין עק גאַס נישט ווייט פון צמענטאַרזש (אַ גויישער בית=עולם) און באַ איר אויסגעפרעגט. און יענע ציגיינערין האָט געזאָגט: דאָס, וואָס איז איצט דיין פינצטער מזל, וועט שפּעטער ווערן דיין ליכטיק מזל... און האָט איר געגעבן אַזוינע גראָזן, אַז זי זאָל זען, אַז דאָס מיידל אירס זאָל זיך וואַשן די האָר, מיט אָט די גראָזן געקאָכט אין וואַסער, און זי זאָל וואַרטן און שווייגן.

אַז זי איז אַהיימגעקומען, האָט זי דערציילט שבתאין, וואָס די ציגיינערטע האָט געזאָגט. שבתאי שרייבער האָט אויסגעהערט און אויסגעשפּיגן צוויי מאָל. איינמאָל דערפאַר, וואָס ער גלייבט נישט אין דידאָזיקע זאַכן, און דאָס צווייטע מאָל האָט ער אויסגעשפּיגן דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרשטאַנען דעם ווונק. און דאָס אויסשפּייען האָט געמיינט: קיינמאָל אין מיין לעבן נישט!

פאַרקערט, ער וואָלט אַוועקגעגעבן זיין גאַנץ לעבן, כּדי דעם נייעם

לערער אַרויסצוטרייבן פונדאַנען, ווייל ער מאַכט אומגליקלעך און פאַר־פירט מענטשן.

אָבער ווונדן פאַרהיילן זיך. און מיט דער צייט האָט זיך שבתאי־שרייבער צוגעוווינט און האָט זיך אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן אין נאָק־מאַנען.

נאַקמאַן האָט געבראַכט מיט זיך עפּעס אַזוינס נייעסדיקס אין שטעטל אַריין. ער האָט געבראַכט אומרו. אַז עס גייט מענטשן גוט און ווייל, ווערן זיי אַלט פאַר דער צייט. און נאַקמאַן האָט זיי געבראַכט אומרו. און דאָס נישט זיכערע; דאָס, וואָס עס הייבט איינעם אָן צו פעלן; דאָס, וואָס אַ מענטש הייבט אָן עפּעס צו זוכן, ווערט שוין דעם מענטש נישט אַזוי גוט און ווייל, ווייל מען געפינט נישט אַזוי גיך דאָס, וואָס מען זוכט, עס ווערט נישט גוט, מען הייבט אָן באַקלאָגן זיך, מען הייבט אָן טראַכטן. ווערט מען דאָך פון דעם שענער, באַוועגלעכער, מען שפּרינגט אַריבער די עלטער, מען ווערט נאָכאַמאָל געבוירן, און ווייטער־יינגער.

דאָס האָט געבראַכט נאַקמאַן מיט זיך. ער האָט אָנגעפילט זיין קליין צימער דערמיט, ביז זיין אומרויקייט איז אַריבער די גרענעצן פון זיין צימער און אָנגעשטעקט אַנדערע.

כאָטש אַזוי, אויבן־אויף, איז זיין צימער, דאָס קליינע, געווען מיט ווייסע נאַקעטע ווענט, דאָס קליינע טישל מיט די צוויי בענקלעך, דאָס שמאָלע נידעריקע בעט און דער וואַסער־קאַסטן מיט דער ווייסער קרוג מיט וואַסער, וועלכע האָבן געשיינט מיט אַ ווייסער באַרויקדיקייט, און דאָס קליינע באַפּט־אייוועלע אין ווינקל פון צימער מיט די גלעזערנע שייב־לעך האָט אויסגעוויזן ווי עפּעס אַ באַשעפעניש, וואָס נאַקמאַן האָט געהאַלטן באַ זיך אין צימער פאַר שפּילעריי. און צוויי פענצטער צו דער גאַס. און די גאַס אַ פאַרוואָרפענע און די לעצטע אין שטעטל. נאָך דער גאַס איז שוין גאָרנישט געווען, אָדער, ווי נאַקמאַן האָט געזאָגט, האָט זיך נאָך דער גאַס ערשט אָנגעהויבן דאָס אמתע. ברייט אויסגעשפּרייטע פעלדער, טיפע אָרטאָפּעס, בערג איבערגעשניטן מיט אַ וועג דאָ און דאָרט און דער וועג מיט טעלעגראַף־סלופּעס באַצירט.

נאַקמאָן איז אָבער געווען אַן אינעווייניקסטער מענטש מער ווי אַ דרויסנדיקער, אין דעם וואָרן זין פון די ווערטער.

און איצט, אַז עס האָט געשנייעט און דער ווינט האָט געריסן דעם דאַך פון הויז און געקלאַפּט אין די פענצטער און אויסגעמישט די לופט מיט פונקען שניי, האָט נאַקמאַן זיך אָפּגעגעבן מיט דעם אונטערצי, נאָכ־דעם ווי ער האָט צונויפגערעכנט, פון די פאָר יאָר, וואָס ער איז אין דער בעסאַראַביע.

דער אונטערצי איז אַ שיינער. ער פירט אַרויס פון דער בעסאַ־ראַביע אַ פלאַנץ און וועט זי איינפלאַנצן אין אַמעריקע, באַ דעם ברעג פון אַטלאַנטיק. די גרויסע רעפּובליק פון די נאָרד־אַמעריקאַנישע שטאַטן איז געווען באַ נאַקמאַנען איינע פון די דריי זייער באַליבטע זאַכן. ער האָט ליב געהאַט דעם רוסישן שריפטשטעלער גאָגאָל, משוגע, ביז בלוט, איינגעגלויבט אין פּרץ סמאָלענסקין און געטרוימט, ווי וועגן אַ וויטן, שיינעם חלום, פון די נאָרד־אַמעריקאַנישע שטאַטן.

## 3.

אויף מאָרגן פרי איז געוואָרן אַזוי ליכטיק. דער הימל ווייס־בלוי, און עס שנייעט שוין נישט. דאָס גאַנצע שטעטל איז איינגעדעקט אין אַ ווייכן, בליאַסק־ווייסן שניי. די ווענט פון די הייזער, קראָמען זענען ביז צו דער האַלב צוגעדעקט. און די דעכער מיט ווייסע האָריקע היטלען מיט געדיכטע ווייסע האָר.

— ווער איז אַרויסגעגאַנגען צום ערשטן מאָל איבער דעם נייעם ווייכן שניי?

— די זון.

אַ ווייסער טייך. האָט זיך צעגאָסן און אין די כוואַליעס זיינע האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די שטראַלן פון דער זון. ווייסע ביימער מיט ווייסע בלעטער וואַקסן בײַ די ברעגן פון דעם טייך.

ווייסע באַשעפענישן מיט ווייסע קעפּ שטייען ביז איבער די קני אין

וואַסער פון דעם טייך און קוקן פאַרווונדערט אויף די ווייסע ביימער מיט די ווייסע בלעטער.

אַ ווייס לאַנד, ווייסע ביימער באַ אַ ווייסן טייך און די הייזער, אַזוי ווי ווייסע איינוווינער פון דעמדאָזיקן ווייסן לאַנד.

מען עפנט טירן מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, וואָס קענען נישט קוקן אין דער בלאַנקער ווייסקייט.

— גוט מאָרגן! גוט מאָרגן!

— אַ גוט יאָר! אַ גוט יאָר!

— וואָס פאַר אַ ווייסע וועלט?

— אַזוי ווי געוואַשענע ווייסע וואָל.

— אַזוי ווי די ווייסע געגזענע פעדערן פון מיין טאַכטערס חתונה־קישן.

— נישטאָ אַזאַ ווייסקייט אַן אַנדערע אויף דער וועלט.

— וואָס דען האָט איר געמיינט, אַז עס איז יאָ דאָ?

— עס איז אַזוי שטיל!

— עס איז אַ שאָד צו רעדן.

— הערט איר, די העגער קרייען אין דאָרף?

— וואָס וואָלט די וועלט געטון אָן שניי?

— שוואַרץ געווען, וואָלט די וועלט.

— שוואַרץ?

— איך זאָג, ווייל איך ווייס: אונזערע אויגן־ווייסלעך זענען ווייס דערפאַר, וואָס מיר קוקן אויף דעם ווייסן שניי, פוקסן און וויזעלטירן ווערן ווייס, ווען זיי דערזעען דעם ווייסן שניי. שאָף פאַרקוקן זיך אויף דעם ווייסן שניי און עס ווערן געבוירן ווייסע לעמלעך. אפילו פערד און הינט פרייען זיך מיט ווייסן שניי.

אַזוי האָבן געפירט זייער מאָרגן־געשפרעך צוויי געשטאַלטן, וואָס אַז זיי זענען מענטשן, האָט מען געזעען פון דעם, ווי זיי האָבן געשאָקלט מיט זייערע הענט, אָבער מען האָט נישט געקענט וויסן, וואָס פאַר אַ פאַרשוינען זיי זענען, מאַנספערשוינען אָדער נישט, ווייל זיי זענען געווען איינגעוויקלט אין פעלצן פון קאָפּ ביז די פיס.

פון וויטן אויף דעם ווייסן באַרג, האָט זיך באַוויזן אַ שוואַרץ פינטל, וואָס נעבטער באַרג אַראָפּ, האָט מען אָנגעהויבן צו דערקענען, אַז דאָס

שוואַרצע פּינטל איז אַ שליטן מיט צוויי פערד. באַלד האָט זיך געוויזן אויף דעם באַרג נאָך אַ פּינטל, ביז עס האָבן זיך אַ שאָט גע־טון אין אַ קרום־קײַלעכדיקער ליניע אַ סך פּינטלען, און וואָס נענ־טער באַרג אַראָפּ צו דעם שטעטל, האָט זיך דערזעען אַ ליניע מיט שליטנס.

דערווײַל האָבן יידן אָפּגעדאַווּנט. אויב גאָט וועט העלפן און עס וועט זיין אַ יאַריד, זאָל מען דערווײַל זיין אָפּגעדאַוונטע.

די זון האָט געוואַרעמט די ווייסע שניי־היטלען פון די דעכער און פון די ברעגן דעכער האָבן גערונען טראָפּנס וואַסער.

די קרעמער האָבן געעפנט די קראָמען, צעפּראַלט טירן און לאָדן, און מיט אַ געפּילדער געוואָרפן די אייזערנע שטאַנגען.

אין מיטן פון מאַרק, אַזוי ווי אַריינגעוואַקסן אין טיפן שניי, זענען שוין געשטאַנען עטלעכע שליטנס מיט פערד, די דישעלס פון די שליטנס אויפגעהויבן אינדערהייך און באַ זייערע שפּיצן צוגעבונדן בינט־לעך שטרוי. דאָס איז דער סימן, אַז מען האָט געבראַכט עפּעס צו פאַר־קויפן.

אַ קרעמער פון סאַמע עק גאַס האָט גענומען אַ לאָפּעטע און אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן און אָנגעהויבן צו מאַכן אַ שטעגל פאַר זיין טיר.

דער אַנדערער שכן האָט זיך מתקנא געווען און אויך געטון דאָס אייגענע.

— ער וויל מאַכן אַ וועג פאַר די קונים, וועל איך אויך מאַכן אַ וועג פאַר די קונים — האָט דער אַנדערער געטראַכט.

באַ דער גאַנצער שורה קראָמען, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט צו דעם מאַרק־פּלאַץ, זענען געשטאַנען די קרעמער מיט לאָפּעטעס און רידעלס און געוואָרפן דעם שניי אין ביידע זייטן און געמאַכט שמאָלע שטעג־לעך.

די זון און אויך די באַוועגונג פון מוסקול האָבן צעוואַרעמט דאָס בלוט. מען האָט פון זיך צו ביסלעך אַראָפּגעוואָרפן די פעלצענע זאַכן, פאַרקאַשערט די אַרבל און פאַרגעסן, אַז עס איז אין מיטן ווינ־טער.

דער שניי האָט זיך נאָכגעלאָזט און איז געוואָרן ווייך.

דערפאַר האָט נישט געגומען לאַנג און אַלע די, וואָס האָבן געמאַכט שטעגלעך אין שניי, זענען באַלד שוין געווען אין מאַרק־פּלאַץ מיט זייערע שטעגלעך.

אַ מאָלדאַוואַן, מיט אַ רויט פּאַרוואַקסן פּנים און מיט אַן אַרומ־געשווירענער היטשקע איבער זיין שטערן, איז געשטאַנען מיט זיינע פיס טיף אין שניי. אין איין האַנט אַ שטיק שוואַרץ ברויט און אין דער אַנ־דערער האַנט אַ פּאַס קישקע. געביסן איינס נאָכן אַנדערן פון ברויט און פון דער קישקע און געקנאַקט מיט זיינע ליפּן. זיין מאַנטל און אויך דער פּעלץ אונטער דעם וואָלענעם מאַנטל זענען געווען ברייט צע־קנעפּלט.

— באָני דימנאַציע! (גוט מאָרגן!) — האָט ער אויסגעשריגן און ווייטער געקנאַקט מיט זיינע ליפּן איבער דעם ביסן ברויט מיט קישקע.

אַז מען האָט אים געענטפערט, האָט ער ווייטער גע־פרעגט:

— טשי פּאַש זשידאַן? (וואָס מאַכסטו, ייד?)

— סינאַטאָס! (געזונט!)

— טשי פּאַש, מאָלדאַוואַן? (וואָס מאַכסטו?) — האָט אַ ייד גע־פרעגט.

— סינאַטאָס! (געזונט!)

די קרעמער האָבן זיך אומגעקערט צו זייערע קראָמען.

מען האָט נישט געוווסט פונוואַנען און פון וואָס פאַר אַן אָרט, נאָר עס האָבן זיך באַוויזן פייגעלעך, וועלכע זענען געפלויגן פון דאַך צו דאַך, געקוויטשעט אַזוי פריילעך, אַזוי ווי די קינדער, וועלכע זענען אויך אַרויס אין דרויסן מיט זייער געפּילדער.

קינדער האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע געוואָרפן אין שניי. טאָמער האָט מען איינעם פאַרפעלט אַריינצוּוואַרפן אין שניי, האָט ער זיך אַליין אַריינגעוואָרפן און מיט פריידן זיך געקייקלט אין שניי. בײַ איין אָרט האָבן קינדער געגראָבן אַ טיף לאָך אין אַ באַרג שניי, געבויט הייזער, געמאַכט פלויטן, און איין ייִנגל, זינגענדיק שטילערהייט, האָט גענומען מאַכן אַ מענטש פון שניי.

דער מאַרק־פּלאַץ האָט זיך צו ביסלעך אָנגעפילט מיט שליטנס.

די קירזשנערס האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ גלייכער ליניע מיט זייערע קאַסטנס, צעעפנט די קאַסטנס און אַרויסגעלייגט ווייסע פעלצן גע־בייט מיט רויטן פאָדעם און מיט גרינעם פאָדעם.

אַנדערע קירזשנער האָבן געהאַלטן שוואַרצע קאַראַקולענע היטלען אין זייערע הענט און זיי געקלאַפּט מיט דינע שטעקעלעך.

די לעדער־וואַרגער האָבן אויסגעשפּרייט וועררעטעס אויף דעם שניי און אויסגעלייגט אַלערליי לעדער פאַר שטיוול, פּאָדעשוועס און אָפּ־זאַצן.

די שטיוול־קרעמער זענען אַרויס אין מאַרק־פּלאַץ מיט קאַסטנס שטיוול, אַלערליי שטיוול: שוואַרצע מיט שיינע געקנייטשטע כאָליאַווקעס, שטיוול פון רויטע לעדער, פון גרינע לעדער. עס האָט געשמעקט איבער דעם מאַרק־פּלאַץ מיט לעדער און פעלץ.

איבער דעם ווייסן, שנייאיקן פּלאַץ האָט זיך פאַרוויקלט אַ פּלאָנטער פון שליטנס, פערד, מענטשן, אָקסן, שטרוי, און איבער דעם פּלאָנטער איז געהאָנגען נאָך אַ פּלאָנטער פון אַלערליי קולות. פערד האָבן געהיר־זשעט, חזירים געבונדענע זענען געלעגן אויף די שליטנס און מיט זייער שאַרפן קוויטשען געשניטן די לופט, דאָס געמורמל פון מענטשן, איין מענטש רעדט צום אַנדערן, אַלע רעדן, זשומען, לאַכן און פאַרשרייען איינער דעם אַנדערן. און איבער דעם אַלעמען איז געלעגן אויסגעשפּרייט, אַזוי ווי מיט אַ שיינעם צודעק איבערגעשפּרייט, נאָך אַ פּלאָנטער פון אַלערליי קאָלירן. רויטע פערד, ווייסע אָקסן, גאָלדן שטרוי, גרינע און רויטע גאַרט־לען אַרום די פעלצן, רויטע פּנימער, שוואַרצע אויגן, גרויע האָר, שוואַרצע האָר, ווייסע געגנז מיט רויטע פּיסקלעך, אָפענע זעק מיט ווייסע פאַסאָליעס, זעק מיט קופּער־געלן ווייץ, מיט ווייסן האָבער און רויטן ליאַן, אַ בלויער ווייסער הימל און אַ פייערדיק רעדל, וואָס דרייט זיך און שפּריצט מיט פונקען אינמיטן פון הימל.

און דאָס שטעטל איז געלעגן הינטער דידאָזיקע פּלאָנטערס אַ פאַר־געסנס. אַלע זענען געווען פאַרנומען, פאַרגעסן אינם רעש אַ טראַכט צו טון וועגן זיך אַליין, און פון איין עק ביז צום אַנדערן עק האָט זיך דער פּלאָנטער אַלץ ווייטער געוועבט.

באַ איין קראָם איז געשטאַנען אַ ציבער מיט דזשעגעכץ. עס איז געקומען אַ מאָלדאַוואַן מיט גרויסע שטיוול און מיט אַ בייטש אין האַנט. האָט דער מאָלדאַוואַן אַרויפגערוקט זיין גרוי קאַריקולן היטל הויך איבער זיין שטערן, געטון אַ שפּרונג אַריין מיט ביידע שטיוול אין ציבער מיט די דזשעגעכץ. דאָס פּעך שוואַרצע דזשעגעכץ האָט זיך געטון אַ קלעב צו צו זיינע שטיוול, זיי געמאַכט גלאַנצנדיק. דער מאָלדאַוואַן איז אַרויסגעשפּרונגען צוריק אין שניי. זיין בייטש אויך איינגעטונקען אין ציבער מיט דזשעגעכץ און מיט איר אַ שנייד געטון אין דער לופט. דערנאָך האָט ער באַצאָלט דעם קרעמער און אַוועק, איבערלאָזנדיק שוואַרצע, טיפע טריט אין שניי און דעם שאַרפן ריח פון סמאָלע אין דער לופט.

אין אַן עק פון אַן אַנדערער גאַס האָט אַ ייד געהאַלטן אַן אייל-מיל, וווּ מען האָט געמאַכט אייל פון ליינזאָמען און פון דיניע-קערלעך. אָנגעלאָדענע זעק מיט לייַנזאָמען און דיניע-קערלעך און שליטנס און פערד. און מאָלדאַוואַנעס מיט זייערע ווייבער און קינדער האָבן געפּרעגלט די קערלעך און זיי געמאָלן אויף די מיל-שטיינער, געדרייט אַליין די מיל-שטיינער און נאָכדעם געהויבן די גראָבע קלעצער און זיי אַראָפּגעלאָזט אויף די זעק מיט די צעמאָלענע קערלעך. און פון דעם טאָפּ האָט דורך אַ רעדל זיך געגאָסן אַזאַ געלער בוימל. אַ געזונטער ריח פון דעם בוימל האָט געשמעקט אַרום און אַרום און פאַרוויגט אין אַ שלעפערדיקער פאַרגעסנהייט.

אין אַן אַנדערער גאַס האָט אַ ייד געהאַלטן אַ מיל, וואָס האָט געשניטן שעצקע. דאָרט האָט מען אויך נישט געוווּסט, ווי אַזוי מען הייסט, ווייל עס זענען אָנגעפאָרן אַזוי פיל שליטנס מיט שטרוי-גאַרבן. ווען וועט מען דאָס גאַנצע שטרוי צעשניידן? אינעווייניק אין דער מיל איז אַ פערד אַרומגעלאָפן אַרום דעם גרויסן הילצערנעם ראָד מיט ציינער. דאָס ראָד האָט זיך געדרייט און מיט זיינע ציין געביסן אַ קליין רעדל. און דאָס קליינע רעדל האָט געשוויגן, ווייל עס האָט אים ווי געטון פון דעם בייסן פון די ציין, און געלאָפן אַזוי גיך. עס איז אָבער געווען צוגעבונדן מיט אַ לעדערנעם פּאַס צו דער שנייד-מאַשין. די שנייד-מאַשין האָט געוואָרפן מיט די בלאַנקענדע מעסערס און געשריגן „איך שנייד", „איך שנייד", און עס איז אַרומגעפלויגן אין דער לופט אַ וואָלקן מיט

שעצקע, געמאַכט בלינד די אויגן, זיך געלייגט אויף די לונגען און טרוקן געמאַכט דעם האַלז.

אין אַן אַנדערער גאַס האָט געוווינט די פאַרבערין. גרויסע אײַזערנע טעפּ מיט אַלערליי פאַרבן זענען געשטאַנען אויף דריי עקן, אונטער וועלכע עס האָבן פייערן געברענט. פון די קעסלען האָט געזעצט אַ פאַרע און דער שנײ אַרום די קעסלען האָט דערציילט, וואָס פאַר אַ פאַרבן עס קאָכן זיך אין די קעסלען. די מאָלדאַוואַנעס זענען געקומען מיט זייער וואָל און בוימוואָל, און די פאַרבערין, אַ יידענע מיט אָפּגעפאַרבטע הענט און מיט אַן אויסגעשמירט פנים, האָט געטונקען די וואָל, אָדער דעם בוימוואָל אין די קעסלען. אויף שטעקנס האָבן דערנאָך די מאָלדאַוואַנעס געטראָגן זייער פאַרבעכץ, פון וועלכן עס האָט גערונען די פאַרב: גרין אָדער רויט, געל אָדער שוואַרץ און באַפאַרבט דעם ווייסן שנײ.

שעצקע פאַר די פערד, אייל צו דעם זאַטן עסן און געפאַרבטע וואָל פאַר די פרויען, אַז זיי זאָלן נישט ווערן משוגע אין די ווינטער־טעג און נעכט און האָבן פון וואָס אויסצוהעקלען.

איצט וועלן מיר זען, וואָס האָט דער מאָלדאַוואַן געבראַכט צום פאַרקויפן.

באַ איין שליטן שטייען אַ רעדל יידן. איינער שטופּט זיין האַנט טיף אין אַ זאַק מיט ווייץ, ברענגט אַרויס פון דער טיף אַ האַנט פול מיט ווייץ און מיט דער אַנדערער האַנט רייבט ער די קערנדלעך. נעמט אַ קערנדל צווישן זיינע ציין, בייסט עס איין, צעקייעט עס און שלינגט אַראָפּ, באַכדעם פרעגט ער דעם מאָלדאַוואַן, צי ער האָט געבראַכט דעם ווייץ צו מאָלן אויף מעל אָדער צו פאַרקויפן.

דער מאָלדאַוואַן קוקט דעם ייד אָן, טוט אַ שמייכל און זאָגט, אַז אויב ער וועט דעם זאַק ווייץ היינט נישט פאַרקויפן, וועט ער אים מאָרגן אָפּמאָלן אין דער מיל.

ווערט דעם ייד קאַלט פון אַזאַ זאָג און פון אַזאַ שמייכל און ער שטופּט אַריין זיין האַנט אין אַן אַנדערן זאַק מיט ווייסע פאַסאָליעס. שיינע פאַסאָליעס, פלאַטשיקע און לענגלעכע, ווייסע גליטשנדיקע. גלאַנצן אַזוי ווי פּערלמוטער.

ווערט דער ייד האַנדלען פאַסאָליעס, און אַן אַנדערער ייד פּרוווט שוין ווייטער דעם ווייץ.

— וואָס האָסטו דאָרט אין יענעם זאַק? — פרעגט אַ דריטער ייד.

— גאָרנישט! אָט דאָס אַ פאַרקויף איך! ווייץ און פּאַסאָליעס! — ווערט שוין דער מאָלדאַוואַן ברוגז.

— הייסט עס, אַז דו פאַרקויפסט דעם ווייץ, און איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט אים געבראַכט צו דער מיל — ווערט פריילעך דער ערשטער ייד.

— ייד, איך קוק אָן איצט דעם ווייץ, באַדאַרפט איר שווייגן — בייזערט זיך דער צווייטער ייד אויף דעם ערשטן ייד.

— אַזוי? פרעגט אַליין דעם מאָלדאַוואַן, ווער עס האָט אָנגעקוקט דעם ווייץ פריער, איך, צי איר.

— איך גיב אַכט צענערלעך, מאָלדאַוואַן — כאַפּט מיט בייזקייט דער צווייטער ייד אָן דעם זאַק מיט ווייץ.

— איך גיב צען צענערלעך, מאָלדאַוואַן, — שרייט דער ערשטער ייד.

דער מאָלדאַוואַן ווערט צעמישט, געפינט זיך באַלד, טוט זיך אַ קראַץ אונטערן אויער און זאָגט:

— קריגט זיך נישט. איך האָב געבראַכט דעם ווייץ אין מיל אַריין. נאָר ווער עס וועט געבן צוואָנציק צענערלעך, וועט זיך נעמען דעם זאַק ווייץ.

אָפּגעזאָגט דאָס, גייט זיך דער מאָלדאַוואַן אַוועק אָן אַ זייט, ווו זיינע פערד זענען געשטאַנען איבער אַ טיפּן זאַק מיט שעצקע און האָבער. די פערד האָבן אַלע מאָל איינגעטונקט זייערע קעפּ אין דעם טיפן צעשפּרייטן זאַק און אָנגענומען פולע מיילער און צוריק אויפגעהויבן זייערע קעפּ און געקייעט מיט אַפּעטיט און צעשאָטן מער, וויפיל זיי האָבן געגעסן. דער מאָלדאַוואַן האָט אויף זיינע פערד אָנגעשריגן בייז און פאַרגנבעט אַ קוק צו די יידן, אַז ער זאָל זעען, וואָס זיי וועלן טון.

דער ערשטער ייד האָט אַרויסגעשלעפּט אַ שטרוי פון שליטן און זי אַריינגענומען אין מויל אַריין.

דער צווייטער ייד האָט אויך געטון דאָס זעלבע.

ביידע יידן זענען אוועקגעגאַנגען, קייענדיק דאָס שטרוי צווישן זייערע ציין.

די זון איז שוין געווען אין מיטן הימל, זי האָט געוואָרעמט אַ צע־שמייכלטע איטלעכן אין פּנים אַריין. די זון האָט ליב צו שמייכלען אַלע־מען אין פּנים אַריין, ווייל זי האָט ליב צו זען בײַ אַלעמען אויף די פּנימער רויט בלוט. אויב נישט צוליב דעם שמייכלט און וואָרעמט די זון, דאַן קען זיין, אַז זי האָט גאָר געשמייכלט פון דעם געמיש, וואָס האָט זיך דאָ געטון.

ווירקלעך. עס איז געווען אַ געמיש. מענטשן זענען געגאַנגען אַהין און אַהער. הינט האָבן זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס. איי־נער איז געלאָפן מיט אַ זאַק אויף זיינע אַקסלען, אַן אַנדערער איז געפלויגן ווי אַ פייל פון בויגן, רייטנדיק אויף אַ פערד אָן אַ זאָטל. דאָס פערד האָט געוואָרפן מיט די הינטערשטע פיס שטיקער שניי. אין אַ רינג זענען געשטאַנען מענטשן אַרום אַ יאָך אָקסן. צוויי פאַרשוינען האָבן זיך געקלאַפּט אין די הענט. עס האָט אויסגעזען, אַז זיי שלאָגן זיך דאָס איבער דעם יאָך אָקסן. ווער עס וועט אויסהאַלטן, דער וועט געווינען.

אַ קירזשנער האָט אָנגעטון אַ גרויסן, לאַנגן פעלץ אויף אַ קליינער מאָלדאַוואַנישער פרוי. זי איז געבליבן אַזוי ווי פאַרפּלאָנטערט אין שניי און האָט זיך נישט געקענט רירן פון אָרט, אָנגעהויבן צו קריכן מיט ביידע הענט, וואָס האָבן זיך פאַרבאַהאַלטן אין די לאַנגע אַרבל, אַזוי ווי אַ טשע־רעפּאַכע קריכט, איבערן שניי. אַ רינגל מענטשן זענען געשטאַנען און הילכיק געלאַכט.

דער איבערגעשפּיצטער מאָלדאַוואַן איז נאָך אַלץ געשטאַ־נען מיט זיין זאַק ווייץ און מיט זיין זאַק פּאַסאָליעס. ווער עס האָט נישט פאַרקויפט גאַנץ פרי, איז געבליבן דער נאַר. דער מאָלדאַוואַן האָט זיך אָפּגעגעסן דאָס האַרץ, אַרויסגעקוקט זיינע אויגן אויף די יידן.

עס איז געשען אָט וואָס:

אַז ישראל גאָלדשטיין איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, האָט ער געהייסן דעם דינסטמיידל, אַז זי זאָל אַריינברענגען דעם סאַמאָ־וואַר.

די דינסט האָט אַריינגעבראַכט דעם סאַמאָוואַר אויף אַ גרויסער טאַץ. פונקען זענען געפלויגן פון דעם סאַמאָוואַר־קוימען און אַ פּאַרע האָט געזעצט פון דעם זודיקן וואַסער.

ישראל גאָלדשטיין האָט אָנגעגאָסן עסענץ אין אַלע גלעזער, אַזוי ווי עס איז געווען אַלע מאָל זיין טבע, און די גלעזער דערגאָסן פון קראַן מיט זודיקן וואַסער.

די טיי האָט געפינקלט אין די גלעזער אַזוי ווי שיינער וויין. און ישראל גאָלדשטיין האָט פריער צוגעשפּאַצירט צום פענצטער מיט ווייכע, געמאָסטענע טריט און מיט זיין האַנט אויסגעווישט די אָנגעהויכטע שויב און אַרויסגעקוקט אין דרויסן.

אַנטקעגן זיין שטוב איז געלעגן דער מאַרק־פּלאַץ.

ישראל גאָלדשטיין האָט דערזעען דעם געדיכטן, אָנגעפּלאָנ־טערטן יאַריד. ער איז אַוועק פון פענצטער, אַ טראַכט געטון פון עפּעס, און האָט זיך אַוועקגעזעצט בּאַם טיש און אָנגעהויבן טרינקען טיי.

ער האָט געטרונקען, ווי זיין טבע, איין גלאָז נאָכן אַנדערן. דער־פילט, אַז ער איז שוין ווי פאַרטרונקען פון דעם זיס־ביטערן טעם פון דער טיי, האָט ער אַ זאָג געטון אויף אַ קול:

— דינצע, זאָג דער מאַמען, אַז זי זאָל אַריינקומען טרינקען טיי.

עס איז נישט געקומען קיין ענטפער.

— דינצע — האָט ישראל גאָלדשטיין נאָכאַמאָל געזאָגט.

— באַלד — איז געקומען פון דינהן אַן ענטפער.

דינה און די מוטער זענען דערנאָך אַריינגעקומען. דער שלאָף איז נאָך געלעגן אויף די פּנימער פון די צוויי פרויען. זיי זענען געווען ביידע באַקליידט אין מאָרגנדיקע קליידער, מיט שוואַרצע וואָלענע לייבלעך אַרום זייערע טאַליעס. עס וואָלט געווען פאַר אַ פרעמד אויג שווער צו זאָגן, וועלכע עס איז די מאַמע און וועלכע די טאָכטער.

ביידע אויסגעוואַקסענע, מיט ווייכע רונדע גלידער, פּולבּלוטיקע, מיט קוועדע קינבּאַקן און רויט־בּלוט אין די בּאַקן. זייערע האָר נאַכלע־סיק פאַרפלאָכטן, צעקנייטשטע, גאָלדיק־ברוינע. די מאַמע און די טאָכטער,

אַזוי ווי אויג אויס אַן אויג. פּוילקייט אין זייער באַוועגונג, צאַרט און צי־טערדיק.

מאַמע און טאָכטער זעצן זיך אַוועק. דער פּאָטער דערלאַנגט זיי צוויי גלעזער טיי.

— פאַרהאַן אַ יאַריד הייַנט? — פרעגט די מאַמע.

— אָנגעפּאָרן אַ שיינער יאַריד, — ענטפערט ישראל.

— זיי וועלן צעפּלעטשן דעם גאַנצן שניי — קרימט זיך רינה.

דינה זעט, אַז מען באַמערקט נישט דאָס, וואָס זי האָט געזאָגט, דערפאַר זאָגט זי איצט שוין ווי צו זיך אַליין:

— זיי וועלן צעטרעטן מיין ווייסן שניי.

— וווּ זענען די קינדער? — האָט די מוטער געפרעגט.

— שלאָפן נאָך. זאָלן זיי שלאָפן — האָט דער פאָטער געזאָגט, — איך וועל הייַנט סיי ווי נישט עפענען דעם מאַגאַזין (אַ שפּייכלער פאַר תבואות).

— וואָס איז פּלוצלינג געשען?

— אָט, גאָרנישט. איך וויל מער נישט קויפן.

— די פרייז געפאַלן?

— ניין.

— שלעכטע וועגן?

— אויך נישט.

— וואָס דען?

— פון הייַנט אָן קויף איך מער נישט. — ישראל גאָלדשטיין איז געוואָרן אויפגערעגט, האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש און אָנגעהויבן אַרומ־צוגיין מיטביידע הענט פאַרלייגט אויף הינטן.

— איך וואָלט געוואָלט, אַז אַלע זאָלן אויפהערן צו קויפן.

— וואָס זשע וועט זיין מיט מסחר? — פרעגט די מאַמע.

— זאָלן די מאָלדאַוואַנעס קויפן און פאַרקויפן צווישן זיך אַליין. נישטאָ מער קיין יידן! זאָל זיך דאַכטן, אַז די יידן זענען איבער נאַכט ערגעץ אַנטלאָפן אין אַן אַנדערער וועלט אַריין. נישטאָ מער קיין יידן מיט זייער מסחר!

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מין רייד? — האָט די מאַמע בלאָס וועדנדיק געפרעגט.

— הער, רייזל, וואָס איך זאָג דיר — האָט ישראל גאָלדשטיין זיך אוועקגעשטעלט און באַ יעדן וואָרט זיך געטון אַ שאָקל — איך גיי אַרויס אין מאַרק און זאָג צו די יידן: קויפט נישט מער באַם מאָלדאַוואַן, ווייל איך וועל באַ אייך מער נישט אָפּקויפן. יידן, הערט אויף צו האַנדלען!

— צי בין איך טויב, צי ביסטו משוגע געוואָרן? — האָט רייזל שוין פאַרצויגן אירע ליפּן און באַקומען אַ קליין מויל. — וואָס איז דאָס פאַר אַ מין רעדן?

— אַז איך וויל נעמען אַ פּאָסעסיע, באַדאַרף איך שרייבן קאָנטראַקטן מיט אַ מאָלדאַוואַן. איך לייג אַריין מיין פאַרמעגן און דער באַלעבאָס איז אַ מאָלדאַוואַן. מאָרגן וועט מיך דער מאָלדאַוואַן נישט וועלן דערקענען, וועל איך אים קענען לאָדן באַ דעם פאַראַיאָריקן שניי.

— וואָס האָסטו זיך עפּעס איצט דערמאַנט.

— איצט? עס האָט מיך אַלע מאָל געקרענקט. אַלע מאָל האָט געטריפט פון מיר דאָס בלוט. אַ מאָלדאַוואַן זיצט זיך אויף זיין ערד מיט די וואָרצלען טיף אַריינגעוואַקסן און צעשפּרייט. ווערט באַוואַקסן און האָט פאַר קיינעם קיין מורא נישט. און איך? ווייסט, אַז איך האָב אַנומלט געמוזט אַנטלויפן אין מיטן דער נאַכט פון דער פּאָסעסיע, ווייל עפּעס אַ „קנעפּל" (אַ באַאַמטער פון צאַר) איז אָנגעקומען אויף רעוויזיע.

— ישראל, האָסט שוין זיך אַריינגענומען אַ שגעון אין קאָפּ אַריין? איך ווייס, יאָס אַ מענטש קען זיך איינרעדן, אַז מען וועט אים שענקען ערד אומזיסט.

— רייזל, זאָל זיין, אַז איך בין משוגע. דער באַראָן הירש, וואָס וווינט אין פּאַריז און זיין ווייב די באַראָנעסע, וועלכע האָט שיינע פּאַלאַצן, זיי זענען אויך משוגע, די גאַנצע וועלט איז משוגע, נאָר דו איינע ביסט קלוג און קלאָר. אָבער זאָלסט וויסן, אַז איך וויל זיך באַזעצן אויף מיין אייגענער ערד. מיין אייגענע ערד! — דאָס לעצטע האָט ישראל גאָלדשטיין געזאָגט באַגלייט מיט אַ קלאַפּ אָן טיש.

דערנאָך האָט ער זיך אָנגעטון דאָס קאַראַקולענע מאַנטל מיט דעם ברייטן קאָלנער, אויך אויף זיינע הענט האָט ער אָנגעטון אַ פּאָר הענטשקעס און איז אַוועקגעגאַנגען אין מאַרק אַריין.

— דער שיינער, פרישער טאָג האָט אים געטון אַ שמעק אַריין אין זיינע נאָזלעכער און האָט אים באַרויקט.

באַלד איז ער פאַרפאַלן געוואָרן אין פלאָנטער פון דעם יאַריד, זיך נישט געקענט אַרויסדרייען. יידן האָבן אים דערזען און איינער איז צוגעלאָפן און אים עפּעס געפרעגט אין דער שטיל.

ישראל האָט זיך אויף דעם ייד אויסגעשריגן:

— הער אויף צו האַנדלען! זאָג אָן אַלעמען, אַז זיי זאָלן אויפהערן צו האַנדלען. זאָל דער מאָלדאַוואַן פאַרקויפן און האַנדלען מיט אַן אַנדערן מאָלדאַוואַן.

דערנאָך האָט זיך פאַרשפּרייט פון איין מויל צום אַנדערן, אַז ישראל גאָלדשטיין קויפט נישט מער גאָרנישט.

די יידן, וואָס האָבן געלעבט דערפון, וואָס זיי האָבן אָפּגעקויפט פון מאָלדאַוואַן דאָס, וואָס ער האָט נאָר געהאַט צו פאַרקויפן, זענען געבליבן אין אַ פאַרלעגנהייט, אַרומגעגאַנגען מיט פאַרזאָרגטע פּנימער און געקוקט אויף די געלאָדענע שליטנס און די שלינע געשלונגען. גוט איז געווען דעם ייד, וואָס האָט נאָך גאָרנישט געקויפט.

דערפאַר זענען אָבער יענע יידן, וואָס האָבן שוין פון פריער געהאַט איינגעקויפט אַלערליי זאַכן, אַרומגעלאָפן ווי פאַרסמטע מייז, געוואָלט איבערגעבן פון האַנט צו האַנט, זאָל זיין אָן פאַרדינסט, קען זיין אַ ביסל אונטער דעם קרן. עס זענען אָבער נישט געווען קיין קונים.

די מאָלדאַוואַנעס האָבן זיך געוווּנדערט, געזעען, אַז די זון איז שוין ווייט אין מיטן הימל און זייערע זעק זענען נאָך פול.

די מאָלדאַוואַנעס האָבן זיך דערוווּסט, אַז די יידן פון שטעטל גייען אַוועק קיין אַמעריקע, ווו מען וועט זיי געבן ערד אומזיסט, האָבן זיי אָנגעהויבן זיך צונויפזאַמלען אין רעדלעך, געשמועסט און געלאַכט אויף אַ קול. מען האָט די ווערטער „זשידאַן" און „לאַ אַמעריקאַ" נישט אַראָפּגעלאָזט פון די ליפּן.

ר' אַרקע, וועלכער איז געווען אויך איינער פון די קליינע מאַרק-

סוחרים, איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ בלויער נאָז און האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל ער יאָ, צי זאָל ער נישט קויפן.

ער איז אַהיימגעגאַנגען, גיך זיך איבערגעשמועסט מיט זיין ווייב, וועלכע האָט אגב געפירט אַ קראָם פון מעל.

דאָס איז געווען אַן ערלעכע פּראָסטע יידענע און האָט אַלע מאָל געשטרעבט מפרנס צו זיין איר אייגן הויז־געזינט, געפילט זיך באַליידיקט, ווען ר' אַרקע, איר מאַן, דער ייד פון תורה, האָט עפּעס געטון מסחר. זי איז תמיד געווען ווייס פאַרשטויבט און אויסגעשמירט פון דעם מעל. זי האָט געהאָדעוועט אַ פולע שטוב מיט קינדער, איינס קלענער פון דעם אַנדערן.

אַז ר' אַרקע איז אַהיימגעקומען, האָט זיין ווייב צו אים גע־רעדט האַלב יידיש און האַלב לשון קודש, ווייל זי האָט נישט געוואָלט, אַז די מאָלדאַוואַנעס, וועלכע האָבן אין דער צייט אָנגעפילט די קראָם אירע, זאָלן פאַרשטיין פון וואָס זיי רעדן.

— מסחר בלא? — האָט זי געפרעגט מיסטעריעז, קנייטשנדיק מיט איר געל־פּאַרמעטענעם שטערן.

— בלא, בלא! — האָט זיך ר' אַרקע געבייזערט און געשמייכלט אין דער לינקער וואָנסע — גיב נאָר אַהער מזומנים וויפיל דו האָסט.

— כסף? — האָט ר' אַרקעס ווייב זיך געוווּנדערט און געהויבן מיט אירע דאַרע אַקסלען — צו וואָס טויג דיר ממתקים?

— מסחר! — האָט ר' אַרקע אַ שמייכל געטון.

— אונטערן אויוון אינעווייניק אין בית, שטייט אַ טאָפּ מיט פע־דערן. שטעק אַריין די ידים אין די פעדערן, וועסטו געפינען כסף. — האָט די פרוי מיט דער האַנט נאָר געוויזן צו דער אָפענער טיר אויף צום דרויסן און ווייטער געקנייטשט מיט דעם פּאַרמעטענעם שטערן. — אָבער שוין ווייטער מסחר? פאָלג מיך און גיי בעסער אַוועק אין קלויז אַריין, וואָס טויגן מיר דיינע מסחרים?

— יידענע, איך מוז היינט טון מסחר! — האָט ר' אַרקע זיך גע־בייזערט. האָסטו געהערט, טאָמער זענען זיי ווינציק פאַרגרעבט, וויל מען זיי נאָך אַוועקפירן ערגעץ אין עק וועלט. וואָס וועט דאָרט פון זיי ווערן?

— וואָס? איך הייב נישט אָן צו פאַרשטיין וואָס דו „דאַבערסט“ —

ווער זענען זיי און ווער פירט זיי אַוועק און וואָס קער זיך דאָס אָן מיט מסחר ?

ר׳ אַרקע האָט נישט געוואַרט ביז זיין ווייב האָט געענדיקט. ער איז אַריין אין הויז, געפונען דעם טאָפּ מיט פעדערן, אויסגעשאָטן די פעדערן און אויסגעקליבן דאָס פּאַפּירענע און זילבערנע געלט.

אַז ער איז צוריק אַרויס פון הויז און שוין געווען פון יענער זייט קראָם, האָט אים זיין ווייב נאָכגעשריגן :

— וווהין דו וועסט גיין, זאָל דיר נאָכגיין דאָס מזל.

ר׳ אַרקע איז געקומען אויף דעם מאַרק־פּלאַץ, צוגעגאַנגען צו אַ שליטן, געקויפט אַ פּאָר זעקלעך ווייץ, באַצאָלט און אַוועקגעפירט אַהיים און אָפּגעפאָרן אין קראָם.

— יידן, — האָט ער צו די מאַרק־סוחרים געזאָגט — קויפט ! הערט קיינעם נישט און קויפט. איר וועט מיט גאָטס הילף פאַרדינען אייער חיונה און נישט באַדאַרפן זיך אַוועקלאָזן אין אַן עק וועלט, אין דער וויס־טער מדבר.

דער מאַרק איז געוואָרן לעבעדיק. יידן האָבן געפּאַטשט אין די הענט פון די מאָלדאַוואַנעס, אויסגעקויפט אייבער באַם אַנדערן.

אין דרויסן האָט אָנגעהויבן צו ווערן קאַלט. די זון האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט באַם ווייסן פאַרשנייעטן וואַלד, וואָס איז געשטאַנען לעבן דעם ווייסן פאַרפרוירענעם טייך.

באַרג אַרויף האָבן זיך געצויגן שליטנס, אַזוי ווי רינגען פון אַ קייט, וועלכע דרייט זיך אַרום דעם באַרג. פון יענער זייט באַרג איז אַ בלויער שלייער געהאָנגען פאַרצויגן ווי אַ פאָרהאַנג.

פון די קראָמען האָבן זיך געשאָטן מענטשן אין ווייסע פעלצן און שוואַרצע קאַראַקולענע היטלען.

די פערד זענען געשטאַנען טרויעריקע און איינגעבויגענע, איינגע־שפּאַנט אין די שליטנס, פאַרטיק אין קאַלטן, ווייטן וועג אַריין.

אין קרעטשמע אַרום אַ לאַנגן טיש, אין האַלב דונקלקייט פון דעם אָנקומענדן אָוונט, האָבן מאָלדאַוואַנעס געטרונקען וויין און אַלע איבערגעזאָגט מיט גראָבע טענער געזונגען :

— סאַדוס זשידאַן לאַ אַמעריקאַ.
ווינץ זשידאַן קו באַן, קו באַן...

(אַוועק איז אַ ייד קיין אַמעריקע.
געקומען איז אַ ייד מיט געלט, מיט געלט...)

דער מאַרק־פּלאַץ איז ביסלעכווייז געוואָרן ליידיק. דאָ און דאָרט אַ פּאַרשפּעטיקטער שליטן אָדער שטיוול־סוחר, וואָס האָט זיינע פאַרבליבענע שטיוול געפּאַקט אין אַ קאַסטן.

אין מאַרק־פּלאַץ איז דער ווייסער שניי צעטרעטן און אויסגעמישט מיט פערד־באַלינקע (מיסט), שטרוי און דזשעגעכץ.

## 4.

ישראל גאָלדשטיינס הויז איז געוואָרן אויפגעבויט נאָך פון זיין פאָטער, וועלכער איז צוריק מיט יאָרן אַראָפּגעקומען אין דער בעסאַראַביע. געווען אַ פּראָסטער ייד, אָבער אַ שיינער באַלעבאָס און אַ שטילער עושר, און ליגט שוין איצט אויף דעם הייליקן אָרט, — זיין נשמה זאָל פאַר אונז גוטס אויסבעטן.

און אַזוי ווי אין יענע יאָרן אַזוי אויך איצט, איז דאָסדאָזיקע הויז איינס אין שטעטל. עס זעט זיך אַרויס העכער פון אַלע הייזער מיט זיין שיינעם דאַך, אין וועלכן עס זענען אַריינגעשניטן דריי קליינע שטיבלעך מיט פענצטערלעך און מיט קליינע דעכלעך. די שטוב האָט גרויסע פענצטער מיט גרינע לאָדנס און אַ לאַנגן גאַנעק, איבער דער גאַנצער ברייט. באַם גאַנעק ליגן צוויי גאָרטנדלעך אַרומגענומען מיט שטאַכעטלעך. זומער גרינען די גאָרטנדלעך מיט גרין גראָז און ווינטער זענען זיי באַדעקט מיט ווייסן שניי. און די שטעקעלעך פון די שטאַכעטן און אויך פון דעם גאַנעק זענען אויסגעטאָקטע מיט שניצערייען. איבער דער דרויסנדיקער טיר איז דאָ אַ האַלב רונד פענצטערל מיט אַלערליי קאָלירטע שייבלעך. אין ביידע גאָרטנדלעך וואַקסן צווייביימער. די ביימער זענען שוין אַזוי פיל אַלט, וויפיל ישראל גאָלדשטיין. זיין פאָטער האָט דאָס אים געזאָגט, אַז אין דעם יאָר, וואָס ער איז געבוירן געוואָרן, האָט מען די ביימער פאַרפלאַנצט. איצט זענען זיי אויפגעוואַקסן צו זייער פולער בליונג, זיך צעשפרייט איבער דער גאַנצער ברייט פון הויז, פלעכטן זיך איבער מיט

די צווייגן. ווינטער האַלטן זיי זיך איינער אינם אַנדערן, מיט די נאַקעטע צווייגן איינער אויפן אַנדערן פאַרוואָרפן, אַזוי ווי צוויי ברידער, און זו־מער, אַז די צווייגן ווערן באַשאָטן מיט בלעטער, און אַזוי ווי ביימער זענען זיי פון איין מין, זענען דאָך זייערע בלעטער אויך פון איין מין, אויף דער לינקער זייט ווייס־גרוי און אויף דער רעכטער זייט טיף־גרוי און מיט אָדערלעך, איז דורך דעם, מישן זיי זיך אויס ביידע ביימער איי־נער מיט דעם אַנדערן און פאַרשטעלן דאָס גאַנצע הויז מיט אַ באַרג פון גרינע בלעטער.

דאָס איז אַלץ גערעדט געוואָרן פון דער דרויסנדיקער זייט פון ישראל גאָלדשטיינס הויז, אָבער אַז מען עפנט אויף די הויכע טירן פון ביידע זייטן פון דעם הויז, וואַרפט זיך באַלד אין די אויגן אַריין אַ פלאָנטער פון אַלערליי זאַכן. וועגענער, רעדער, געהילץ, קלעצער, ברעטער, שינדלען קלעפּקעס און פעסער.

די אַלע זאַכן זענען אויסגעשטעלט אין באַזונדערע ער־טער.

למשל, די ברעטער ליגן אויסגעלייגט אין אַ פיר־עקיקן געפלאָכ־טענעם קאַסטן. די רעדער זענען אויפגעצילעוועט אויף אַ הויכן סלופּ. די פעסער ליגן אויסגעלייגט בויך צו בויך איינס אויף דעם אַנדערן. די ווע־גענער שטייען אין אַ שורה מיט די דישלעס אויסגעשטרעקט, פאַרטיק צום איינשפּאַנען, אויב עס איז זומער־צייט, און אויב נישט, דעמאָלט שטייען שוין אויף דעם אָרט פון די וועגענער די הילצערנע שליטנס אויך מיט די דישלעס אויסגעשטרעקט פאַרטיק צום שפּאַן.

אין דער מיט פון הויף שטייט אַ טויבנשלאַק אויף אַ הויכן סלופּ. טויבן ווייסע און ברוינע, מיט ווייסע און ברוינע פלעקן, פליען אַרום איבער דער הייך. קלויבן קערנער און פליען אַריין און אַרויס אין דעם טויבנשלאַק אָדער שטייען אויף דעם דאַך און וואָרקען שטילער־הייט.

און ווי אַ שיינע גלייכע גאַס זענען געבויט ישראל גאָלד־שטיינס שטאַלן און מאַגאַזינען. די שטאַלן אַריינגעבויט אין דער ערד טיף מיט שטרויענע דעכער און די מאַגאַזינען, אויף צו באַהאַלטן די תבואות, שטייען אין דער לופטן אויף סלופּקעלעך, מיט שינדל־דע־כער.

פלאַטשיקע שטיינער זענען אויסגעלייגט איבער די שטיגן, וואָס פירן פון הויז אין שטאַל, צו די מאַגאַזינען און אויך צו דעם קע־לער.

אין די שטאַלן שטייען פערד, קי, דעם גאַנצן ווינטער. די פערד רוען זיך דאָ אויס פון דעם זומערס שווערער אַרבעט אין פעלד, ווערן זייערע אויגן, פון דעם לאַנג שטיין אין די פינצטערע שטאַלן, אויסגעש־לייטערט און טיף, זייערע גלידער אַרומגערינגלט מיט ווייכן פלייש און שיינע האָר און מיט שפּרינגענדיק בלוט אין זייערע מוסקולן. די קי קעלבן זיך דאָ אין די שטאַלן און זייגן זייערע קעלבער און מיט דעם לויף פון דעם ווינטער גייען אָוועק זייערע מוטערישע געפילן, און אַז עס קומט אין פרילינג און מען טרייבט זיי אַרויס אויף די גרינע פעלדער פון דער בעסאַראַביע, פאַרגעסן די קי אָן זייערע קעלבלעך־קינ־דער.

זומער זענען די שטאַלן ליידיק. דערפאַר זענען די מאַגאַזינען אַלע מאָל פול. ווייץ ליגט אָנגעשאָטן אויף ווייץ. ווייץ פון פאַר צוויי יאָר און ווייץ פון היינטיקן יאָר. גערשטן און האָבער אויך אַזוי. און קוקורוזע פון פאַר צוויי יאָר וואַרט אויף דער קוקורוזע פון היינטיקן יאָר. נאָר באַ דער קוקורוזע איז שוין דאָ אַזאַ זאַך, ווי פראָסט. די קוקו־רוזע פון פאַראַיאָרן ליגט שוין אַ גאָלדיק רויטע, אַ דורכגענומענע פון פראָסט, און קען זיך נישט פאַרגינען, זיך אויסצומישן מיט דער קוקורוזע פון היינטיקן יאָר, ווייל די בלאַס־געלע קוקורוזע פון היינטיקן יאָר, האָט נאָך נישט איבערגעלעבט דעם קנאַקעדיקן פראָסט אין אירע בלאַס־געלע קערנער.

צוויי סטויגן פאַרנעמען איין אָרט אין הויף אַ גאַנצן ווינטער. איין סטויג מיט שטרוי און איין סטויג מיט היי. קומט דער ליבער פרילינג, ווערן אָפּגעווישט פון דעם הויף די צוויי סטויגן און עס בלייבן נאָר, די סימנים, וווּ זיי זענען געשטאַנען, — דאָרט וואַקסט נישט קיין גראָז מער.

אָבער אויבּ עפּעס צו באַווייזן, קען דאָס נאָר באַווייזן ישראל גאָלד־שטיינס קעלער. ווינטער און זומער איז ער פול מיט אַזעלכע זאַכן, וואָס אָן זיי קען מען גאָרנישט לעבן אויף דער וועלט. וועגן דעמדאָזיקן קע־לער גייען אַרום אין שטעטל אַלערליי מעשיות. אָבער וואָס מען זאָל וועגן

אים נישט דערציילן איז נאָך נישט איין קליינער חלק פֿון דעם, וואָס דאָרט טוט זיך. געמאַכט איז דער קעלער פֿון שטיינער מיט היילן און מיט קליינע קעלערלעך אין יעדער הייל און איז לאַנג אָן אַ גרענעץ. אַלע קעמערלעך זענען פֿול מיט עסנוואַרג: קאַרטאָפֿל, בוראַקעס, געזאַלצענע פֿליישן, געפֿעפֿערטע פֿליישן, מייערן, קרויט אי זיסער אי זויערער, באָרשט, דיניעס, פֿעסער מיט געזייערטע אוגערקעס, פֿעסער מיט געזייערטע קאַוואָנעס, אויך זיסע קאַוואָנעס איינגעגראָבענע אין זאַמד, עפּל אַלערליי, און אויך פֿעסער מיט קוואַסניצעס, געטריקנטע פֿלוימען, געטריקנטע באַרן און עפּל, סלויעס מיט געפּרעגלטע ווײַנשל, פֿלוימען, טרויבן און ווײַנבערלעך, פֿלעשער מיט ווישניאַק, סליוויניאַק און פֿעסער מיט ווײַן, אַלטער ווײַן, בייער ווײַן, רויטער, ווייס-בלייכער און זיסער און זויערער, אַ פֿאַס מיט בוימל און אַ פֿאַס מיט האָניק. אַז מען האָט אַן עפֿן געטון דעם קעלער, האָט באַלד אין נאָז אַ זעץ געטון דער ריח פֿון ווײַן און האָניק. ווינטער איז דאָרט געווען וואַרעם און זומער איז אין קעלער געווען אַזוי קאַלט, אַז מען האָט דאָרט געהאַלטן פּוטער, סמעטענע, מילך און פֿריש פֿלייש.

אין דעמדאָזיקן קעלער איז ישראל גאָלדשטיינס פֿרוי קיינמאָל נישט אַראָפּגעגאַנגען. דידאָזיקע אַרבעט איז תּמיד געפֿאַלן אויף אַ מאַנספּערשוין. רייזל גאָלדשטיין איז, ווי מיר וועלן ווייטער אויך זען, געווען אַן איידל, צאַרט ווײַבל און נישט נאָר אין דעם קעלער אַריין האָט זי מורא געהאַט אַראָפּצוגיין, נאָר אַז עס איז צוגעפֿאַלן דער אָוונט, האָט זי אַליין מורא געהאַט צו זײַן בײַ זיך אין הויז און ווער שמועסט אַרײַנצוגיין אַליין אין צימער, ווו עס האָט נישט געברענט קיין לאָמפּ, דאָס האָט זי פֿאַר קיין שום פֿאַל נישט געקענט.

אַ הויז איז דאָס געווען אַ גרויס, צעטיילט אינעווייניק אין דער מיטן מיט אַ לאַנגן קאָרידאָר. פֿון קאָרידאָר האָבן שווערע, גרויסע טירן געפֿירט אי אין זאַל אַריין, אי אין גאַסט-הויז און אין עס-צימער און אין די באַזונדערע שלאָף-צימערן, די קיך איז צוגעבויט געווען צו אַ ווינקל פֿון הויז, אויף דעם הויף און מען האָט באַדאַרפֿט אַרויסגיין פֿון קאָרידאָר צו דער קיך מיט אַ דריי טרעפּלעך.

אַרום און אַרום האָט דאָס הויז געהאַט פֿענצטער, וועלכע זענען פֿון אינעווייניק געווען מיט פֿאָרהאַנגען. אויף די טירן זענען אויך געהאָנ-

גען פאָרהאַנגען פון געשוירענעם סאַמעט און מיט פאַלדן. די דילן זענען געווען פאַרשפּרייט מיט סאַמעטענע טעפּיכער. די טישן פאַרשפּרייט מיט סאַמעטענע טוכן. די דיוואַנעס און שטולן אויסגעבעט מיט סאַמעט און איבערגעשפּרייט מיט ציכן אויסגעשטיקטע. פון די פאַלדן אויף די פאָרהאַנגען, פון דעם, וואָס אַלץ איז דאָ געווען פאַרשפּרייט און צוגעדעקט, איז דאָס הויז געווען אַזוי ווייך און שטיל איינגעהילט אין שאָטנס.

דאָס מעבל, שווער, דונקל ברוין, איז געשטאַנען אַזוי ווי צוגעוואַקסן צו דעם דיל און דאָרט, ווו עס איז געשטאַנען דער דיוואַן, האָט ער דאָרט געמוזט נאָך גאָר פון אָנהייב אויסוואַקסן מיט דער וואַנט פון דעם דיל אַרויס. ערגעץ אַנדערש האָט דער דיוואַן נישט געקענט שטיין.

רייזל גאָלדשטיין האָט ליב געהאַט צו שווימען אין טעפּיכער, טישטיכער און פאָרהאַנגען. די פאָרהאַנגען זענען, נאָך איר גוסט, געהאָנגען אויף די פענצטער און טירן אַזוי ווי לאַנגע קליידער אויף שיינע פרויען. דאָס איז געווען דאָס איינציקע נייעס, וואָס זי האָט איינגעפירט באַלד נאָך איר חתונה מיט ישראל גאָלדשטיין. און דערפאַר איז זי קיינמאָל נישט אַרונטער פון די צינגער פון אַלע ווייבער אין שטעטל. מען האָט זי געליובעט, מען האָט פון איר אָפּגעלאַכט, מען האָט זי געמאַכט קליין ווי שטויב, דערפאַר, וואָס זי ברענגט אויס אַזאַ פאַרמעגן אויף צו פאַרשפּרייטן און צו פאַרהענגען דאָס הויז.

אַז אַ הויז האָט ווייסע, הויכע ווענט, ווייסע סופיטן, שיינע פענצטער, מיט טיפע, ווייסע שוועלן, טירן, אַזוי ווי מעבל אָפּגעפּאָליטורטע מיט באַפּוצערייען. צו וואָס באַדאַרף מען דאָס פאַרהענגען און פאַרדעקן?

רייזל איז געווען אַ היים־זיצערין. טאָמער האָט זי באַדאַרפט פיש אויף שבת, האָט די אָרעמע פרוי, וועמען מען האָט גערופן „די מאָטיעכע", געבראַכט פיש. דידאָזיקע פרוי האָט אויך געבאַקן ברויט און קוילטשן פאַר רייזלען. זומער און ווינטער איז רייזל געזעסן אין הויז. אויסגעטראָגן קינדער, זיי געבוירן און אויפגעבראַכט, פאַרשטענדלעך, מיט דער הילף פון דינסטן, אָבער זיי אַליין אויסגעזויגן. איר איינציקער חלום איז געווען אַ שיינע ווייכע, פאַרשאָטנדיקטע היים. און זי איז אַלע מאָל געווען

שטאָלץ מיט דעם, וואָס איר היים איז איינע אין שטעטל. פאַר דעם, וואָס זי האָט זיך געהאַלטן פאַרשלאָסן אין הויז, האָט מען זי געהאַלטן פאַר אַ שלעכטע, אָבער ווען מען איז געקומען מיט איר אין נאָענטער באַקאַנטשאַפט, האָט מען באַלד געזען דעם גרויסן טעות, ווייל נישט נאָר איז זי נישט געווען קיין שלעכטע, זי איז געווען זייער אַ גוטע און אַ ווייכהערציקע מיט אַן איידל האַרץ. די טיר פון איר הויז איז תמיד געווען אָפן פאַר אַזעלכע, וואָס האָבן גענומען הילף אין דער שטיל. זי האָט געגעבן מיט דער פולער האַנט אַזוי, אַז איר מאַן און אויך די קינדער, ווען זיי זענען שוין געווען אויפגעוואַקסן, האָבן דערפון נאָך נישט געוווּסט.

רייזל גאָלדשטיין איז געבוירן געוואָרן אין אַן אַנדער שטעטל אין דער בעסאַראַביע, איז אויפגעצויגן געוואָרן אין זייער אַ שיין הויז. איר פאָטער אַ סוחר פון נייע זעק, האָט פאַרמאָגט אַן אייגן הויז, נישט אַזאַ מויער פון שטיינער, ווי ישראל גאָלדשטיינס, אָבער אַ שיין הויז מיט אַ שינדל-דאַך. צו דעם האָט איר פאָטער געקענט לערנען און איז געפאָרן צו דעם ריזשאַנערס אַ זון, צו זיין רבין, איינמאָל אין יאָר.

און דעמדאָזיקן שידוך האָט מען געטון מיט רייזלען, צוליב די פּאָסעסיעס, וואָס ישראל גאָלדשטיינס פאָטער האָט געהאַלטן אין ראַטע און אויך צוליב דעם, וואָס זי, רייזל, וועט אַריין אין אַזאַ „שמאַלץ-גרוב", ווי דאָסדאָזיקע הויז פון ישראל גאָלדשטיינס פאָטער. ווען ישראל גאָלדשטיין איז געקומען אָנקוקן דאָס מיידל רייזל, איז ער דעמאָלט געווען אַ געזונטער בחור מיט ברייטע באַקן, אַ ברונעט מיט שוואַרצע האָר און מיט ברוינע גרויסע אויגן. רייזל איז דערטרונקען געוואָרן אין דידאָזיקע שיינע, טיפע, ברוינע אויגן, ווען ישראל האָט אויף איר דאָס ערשטע מאָל אַ קוק געטון.

רייזל איז געווען אַ דינינקע און האָט אויסגעוויזן אַזוי קליין אַנטקעגן ישראלן, אַז זי האָט אָנגעהויבן באַלד מורא צו האָבן פאַר אים.

און ווען מען האָט זיי ביידע איבערגעלאָזט אויג אויף אויג, אַזוי ווי עס האָט זיך דעמאָלט געפירט דער סדר אין בעסאַראַביע. און אין וואָס רייזלס פאָטער האָט נישט נאָר נישט געגלייבט, נאָר אויך געווען קייגן

דעם, — יאָ, אַז מען האָט זיי איבערגעלאָזט אַליין, האָט רייזל זיך אַזוי פאַרלוירן, אַז כאָטש זי האָט נאָך אַזוי גיך נישט געוואָלט ווערן אַ כּלה, האָט זי פונדעסטוועגן געענטפערט: „יאָ", און ישראל האָט זייער איינפאַך צו איר געזאָגט:

— ווילט איר ווערן מיין כּלה?

נאָכדעם האָט ישראל זיך געכאַפּט, אַז ער האָט נישט גוט גערעדט און נאָך אַ לאַנגער צייט פון שוויגן און אַרומדרייען זיך אין צימער אַהין און אַהער, האָט ער געזאָגט:

— רייזל, דו געפעלסט מיר זייער, ווילסטו זיין מיין כּלה?

— איך האָב דאָך שוין געענטפערט איינמאָל, „יאָ" — האָט רייזל זיך אַזוי ווי געפונען באַליידיקט דורך דעם, וואָס ישראל האָט איר געזאָגט „דו".

פון דעמאָלט אָן זענען שוין פאַרלאָפן אַריבער צוואָנציק יאָר.

רייזל האָט זיך געביטן. עס זענען שוין דאָ היפשע קינדער, אַ פאַרפונדעוועט הויז. עס איז נישטאָ אַזאַ זאַך, וואָס רייזל זאָל וועלן און ישראל גאָלדשטיין זאָל נישט קויפן.

אַז ער פאָרט אין קעשענעוו, צוליב זיינע געשעפטן, ברענגט ער אָן גאַנצע פּעק. רייזל, אויב זי וויל עפּעס, מאָלט זי דאָס אָפּ פאַר איר מאַן ישראל און ער ברענגט שוין אַזאַ זאַך, וועלכע זי האָט געוואָלט.

איז דאָך, דאַכט זיך, נישט אַזוי שלעכט צו האָבן אַזאַ מאַן.

האָט אָבער ישראל גאָלדשטיין אין זיך אַזעלכע געניג, וועלכע פּאַסן נישט פאַר איר שטאַנד. זי קען אים נישט איבעראַנדערשן.

צו אַלעס ערשטן ווייסט שוין רייזל, אַז ישראל גאָלדשטיין איז אַ גרויסער עקשן.

און ווי באַלד זי ווייסט דאָס שוין אַזאַ צייט, מער פון צוואָנציק יאָר, טראַכט זיך רייזל, אַז עס איז שוין אַזאַ טבע באַ אים. און אויב זי האָט דערלאָזט, דאָס עקשנות זאָל באַ אים ווערן אַ טבע, איז דאָך דאָס איר אייגענע שולד. דערפון נעמט זיך, וואָס זי טראַכט אַלע מאָל, ווי אַזוי עפּעס אויסצוטראַכטן אַזאַ זאַך, מיט וואָס זי זאָל קענען זיך אַליין

אַזוי איבעראַנדערשן, אַז דערמיט, וואָס זי וועט זיין אַן אַנדערע רייזל, זאָל זי קענען ישראלס עקשנות אויך איבערוועגן.

דערוויַיל לייגן מיר דאָס אַוועק אָן אַ זייט און מיר וועלן זען, ווי אַזוי פירט זיך ישראל גאָלדשטיין, אי ווען ער איז אינדערהיים, אי ווען ער איז נישט אינדערהיים.

זומער, אָדער בעסער געזאָגט, אַזוי ווי דער זומער הייבט זיך נאָר אָן און די ערד טריקנט זיך אַ ביסל אויס פון די שנייען און רעגנס, שטייט ישראל גאָלדשטיין אויף, ווען עס איז נאָך פינצטער, ביז ער דאַוונט און טרינקט אָפּ טיי, שטייט שוין זיין וואָגן אויף ספרונזשינעס איינגעשפּאַנט מיט צוויי פערד און וואַרט אויף אים פּאַרנט בײַ דעם הויז.

ער פּאָרט אַוועק אין דער פּאָסעסיע, זוימט זיך דאָרט ביז שפּעט אין אָוונט. אויף דער פּאָסעסיע איז ער מיט זיינע אַרבעטער שטרענג, פּאָרט אַ גאַנצן טאָג אַרום רייטנדיק אויף אַ געזאָטלט פערד מיט אַ ראַפּניק (אַזאַ בייטש) אין די הענט. איבעראַל וואַקסט ער אויס מיט זיין פערד. אָט איז ער דאָרט, ווו מען אָקערט די פעלדער מיט די שווערע גרויסע אָקער-אייזנס געשפּאַנט צו פיר פּאָר אָקסן. די אָקסן דערשרעקן זיך, ווען זיי דערזעען דעם רייטער, און הייבן אָן ציען דעם אָקער-אייזן מיט זייערע האַלז און נאַקן גיכער, און שווערער און די יאַרמאָס סקריפּען, די שוואַרצע ערד דרייט זיך איבער און לייגט זיך מיט איר פייכטן גלאַנציקן אינגע-ווייד אָקעגן דער זון.

און אָט וואַקסט ער אויס אין אַן אַנדערן עק פון זיין פּאָסעסיע, ווו די ערד איז שוין צעאַקערט און צעמאָלן אין אַ דינעם, מעליקן שטויב און מאָלדאַוואַנעס אין ווייסע פעלצן מיט אַרומגעבונדענע קעפּ זענען צע-שפּרייט איבער דעם גאַנצן, עטוואָס קנייטשיקן אָבער פלאַכן פעלד, איינער פון דעם אַנדערן אין באַשטימטע דיסטאַנצן אָפּגעטיילט. די מאָלדאַוואַנעס טראָגן ווייסע שמאָלע זעק מיט ווייץ אויף זייערע העלזער אויפגעהאָנגען, נעמען אָן פולע הויפנס מיט ווייץ און וואַרפן מיט זייערע הענט און דער ווינט, וואָס בלאָזט אין איין וועג פון מערב צו מזרח, טוט אַ כאַפּ דעם ווייץ פון זייערע הויפנס און צעשפּרייט די קערנדלעך איבער דער צע-מאָלענער ערד.

ישראל גאָלדשטיין גיט אַ פּאָר אַריין מיט זיין פערד אין דער צע-

מאָלענער ערד פון פעלד. אַ באַרג מיט שטויב רייסט זיך אָפּ פון דער צעאַקערטער ערד, ווען דאָס פעלד בלייבט שטיין. דער רייטער טוט אַ קנאַק מיט זיין בייטש און אַ געשריי: — העי־עי־עי!

די מאָלדאַוואַנעס, וועלכע פאַרזייען דעם ווייץ, בלייבן אויטאָמאַטיש אַלע מיטאַמאָל שטיין.

ישראל גאָלדשטיין שרייט בייז, אַז נישט אַזוי גייך זאָלן זיי וואַרפן די קערנער, וואָרים דער ווינט כאַפּט זיי דעמאָלט און שיט זיי אויס נאָר אין איין אָרט. די מאָלדאַוואַנעס בייגן אויס זייערע קעפּ, שטייען אַזוי ווי פאַרפרוירענע און שווייגן. שרייט נאָכאַמאָל ישראל גאָלדשטיין, איצט שוין מיט מער בייזקייט:

— וואָס שטייט איר, ווי דיביימער אין אַ וואַלד. רירט זיך!

די מאָלדאַוואַנעס הייבן אָן צו שפּרייזן מיט געמאָסטענע טריט און וואַרפן די קערנער.

נאָכדעם פאָרט ער אַוועק אין דער סטינע צו זיינע שאָף, זיינע ליבלינגען. מיט זיי האַלט ער זיך גרויס, ווייל בא אים איז פאַרהאַן די שענסטע שאָף, וואָל, לעמער, קאַראַקולענע פעל. און זיינע קעזן: ברינזע, אורדאַ, ביץ און קאַש האָבן אַ שם אין דער גאַנצער געגנט.

עסן אָנבייסן עסט ישראל איינער מיט זיינע פעלד־אַרבעטער. מען קאָכט נישט פאַר אים קיין באַזונדערע מאכלים. די קיך ווערט געפירט פון צוויי, דריי פעלד־אַרבעטער, וועלכע ווערן אַלע וואָך אויסגעקליבן פון אַלעמען. אַלע וואָך ווערן אויסגעקליבן נייע קוכער. דאָס געקעכץ באַשטייט פון שאָפן־פלייש, קעז, באָרשט אָדער קרויט און מאַמאַליגע, אויפן אָרט פון ברויט. די שעה פון עסן קומט און איינער פון די קוכערס קלינגט אין אַ גרויסן גלאָק, וועלכער הענגט אויף אַ הויכן סלופּ.

ישראל גאָלדשטיין, ווען ער איז אין פּאָסעסיע, איז ער דעמאָלט נישט זייער קיין פרומער ייד, אגב, לאָמיר אייך אויסזאָגן באַצייטנס, אַז ער איז איבערהויפּט נישט קיין פרומער. ער פירט זיך אַזוי, גלייך מיט אַלע מאָלדאַוואַנעס. און כאָטש אַזוינער, האָבן די מאָלדאַוואַנעס פאַר אים גרויס אָפּשיי. אין דער שעה, ווען מען עסט, און דעמאָלט, ווען מען רוט זיך אַ ביסל אָפּ, שמועסן זיי אַלע איינער אויף אַ קול, רויכערן די פּיפּקעס מיט דעם ביטערן, בייסנדיקן טיטון און שפּייען אין דער קרום און מאַכן אָן אַ טומל. אָבער, אַז דער גלאָק גיט אַ קלונג, זיצט שוין ישראל

גאָלדשטיין ווייטער רייטנדיק אויף זיין פערד און די אַרבעט אין די פעל־דער גייט ווייטער איר גאַנג.

אין אָוונט קומט ישראל גאָלדשטיין אַהיים אַ פאַרשטויבטער, אַ שווערער און אַ מידער. באַלד ווערט צוליב זיין אַהיימקומען אָנגעצונדן אַ לאָמפּ אין עס־צימער. ער עסט זייער פּאַמעלעך מיט זיינע קינדער און מיט רייזלען אַרום זיך, ער לערנט נישט קיין קינדער באַם טיש, זעט אָבער זייערע פּעלערן, קוקט אויף זיי, ווען זיי באַמערקן נישט, אין דער קרום. נאָכן עסן האָט ער ליב צו טון זיך אַ שטרעק אויס אויף אַ דיוואַן מיט זיינע שטיוול אויף זיך. כאַפּט אַ ביסל באַרויקונג, שטרעקט אויס זיינע גרויסע שווערע ביינער, קנאַקט אויס די פינגער און נאָכדעם גייט ער אַרויס אויפן גאַנעק, שפּאַצירט אַרום איבער זיין גאַנעק און ברומט אונטער עפּעס אַ ניגון.

אַזוי גייט אַוועק דער גאַנצער זומער, מיט זיין אַהיימקומען אין די שפּעטע אָוונטן, מיט זיין שווייגן און שווערקייט. שבת איז ער אפילו אַ ביסל רעדעוודיקער און מער צוגענגלעכער, אָבער דער שבת גייט באַ אים אַוועק מיט שלאָפן, ווייל ער דערפילט דעמאָלט, אַז זיינע ביינער זענען צעבראָכן פון אַ גאַנצער וואָך אַרומפאָרן אויף דעם באַזאָטלטן פערד.

שבת איז ישראל גאָלדשטיין געגאַנגען אין שול אַריין. עס איז אים איבערגעבליבן אַ ירושה פון זיין פאָטער אַן אָרט אין „מזרח", אָבער ער האָט געפילט, אַז עס איז נישט זיין אָרט, ווייל ער האָט אפילו נישט פאַרשטאַנען דעם טיפן מיין פון די ווערטער אין דאַוונען.

ער איז טאַקע אַליין שולדיק אין דעם, ווייל זיין פאָטער האָט אים געלערנט. אָבער איצט טוט אים באַנג פאַרוואָס ער האָט דעמאָלט נישט געוואָלט צולייגן קיין קאָפּ צום לערנען.

איצט איז דאָס אייגענע מיט זיינע צוויי בחורים. זיי האָבן קיינמאָל נישט געוואָלט קענען און אַזוי גיך ווי זיי זענען אַ ביסל אונטערגעוואַקסן, האָט ער זיי גענומען צו דער פּאָסעסיע. זומער אויף דער פּאָסעסיע און ווינטער, ווען ישראל גאָלדשטיין טוט אַ ביסל מסחר, העלפן די קינדער אים אין מסחר.

ישראל גאָלדשטיין האָט ליב געהאַט זיין ווייב רייזל, אַ גוט גלאָז ווײַן באַם עסן, און פון זיינע צוויי בחורים האָט ער נאָך מער הנאה געהאַט.

זיין מיידל דינצע איז אויך אַ קינד, אָבער פון מיידל האָט ער זיך געזעגנט
האַלטן פון דער ווייטנס.

דאָס מיידל זייערס איז געווען דער ליבלינג פון דער מאַמען, אַזוי איז דאָס שטילערהייט איינגעפירט געוואָרן. די מאַמע האָט תמיד געהאַט עפּעס אַזאַ געפיל ווי פיינט האָבן קעגן אירע צוויי בחורים: משה און יאָסל.

ישראל גאָלדשטיין האָט אָבער פון זיי הנאה געהאַט, ווייל ער האָט געזעען, אַז זיי וואַקסן אויס אַזוי ווי ער איז אויסגעוואַקסן. קענען זיי דאָך גוט פאָרן רייטנדיק, שלאָפן אין פעלד, אויב עס פאַלט אַמאָל אויס, אין אַ סטויג שטרוי, און קענען אויך פאַרפאָרן אַ מאָלדאַוואַן אין דער באַק אריין, אַז ער זאָל זעען קראָקע מיט לעמבערג.

דינה איז שוין די מאַמע אויסן אויג. און אַזוי ווי ער האָט ליב די מאַמע, האָט ער אויך ליב דינהן. אָבער זי איז פון אים אַזאַ ווייטע. ער האָט נאָך מיט איר נישט גערעדט, אַזוי ווי אַ פאָטער מיט אַ קינד, קיין איינמאָל. עס קומט אים אויס אַזוי ווי ער וואָלט זיך שעמען מיט איר צו רעדן. און דינה מיידט אויס מיט איר פאָטער צו פאַרבלייבן אַליין, אַזוי דאַכט זיך אים, ישראלן, אויס. דערפאַר אָבער וואַקסט זי אין זיינע אויגן. ערשט נישט לאַנג איז דינה געווען אַ קליין מיידעלע און ווי גיך זי איז געטון אַ וואַקס אויס.

אין ישראל גאָלדשטיינס אויגן איז נישט נאָר זיין מיידל דינה אויסגעוואַקסן, כמעט ווי אומבאַמערקטערהייט פאַר אים, נאָר אַ סך אַנדערע זאַכן האָט ער נישט קיין צייט צו באַמערקן. עס בויען זיך הייזער אין שטעטל און ער ווייסט גאָרנישט פון זיי. מענטשן שטאַרבן און ווערן געבוירן, האָבן חתונה און ער דערוויסט זיך תמיד ערשט נאָכדעם ווי עס גייט אַוועק אַ שטיק צייט.

אַזוי איז ער. מעג זיין ווייב רייזל לאַכן פון אים און טענהן, אַז ער איז נישט קיין לעבעדיקער מענטש. אָט איז זי אַ הויז־זיצערין, קומט אין ערגעץ נישט און פונדעסטוועגן ווייסט זי, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט.

ישראל גאָלדשטיין איז אַזוי אַריינגעטון אין זיינע פעלדער, אַז ער האָט נישט קיין צייט פאַר אַנדערע קלייניקייטן. זומער און ווינטער איז ער פאַרטון מיט זיי. אפילו ווינטער, ווען ער זיצט מער אינדערהיים און האַנדלט מסחר, הייסט עס אויך בײַ אים פעלד־אַרבעט, ווייל זיין גאַנצער

מוח איז פול מיט פלענער, ווו צו פאַרזייען ווייץ און ווו צו פאַרזייען האָבער, צי עס וועט זיין אַ שניי־שטורם און מען וועט דאַרפן די שאָף פאַרטרייבן אין דער סטינע אַריין. און ווען וועט שוין דער שניי אינגאַנצן צעלאָזט ווערן און עס זאָל זיך שוין אָנהייבן די אמתע אַרבעט.

אָבער איבער דעם אַלעמען פילט ישראל גאָלדשטיין, אַז עס פעלט אים איין זאַך, און דאָס איז — אייגענע ערד.

## 5.

ווינטער אָוונט. טיפער הימל מיט אַ סך שטערן. דער פראָסט בייסט. איינגעוויקלטע פאַרשווינען אין פעלצן, מיט לאַמטערנעס, קומען אָן צו ישראל גאָלדשטיינס הויז, עפענען די טיר, כאַפּן אָפּ דעם אָטעם פון דער וואַרעמקייט, וואָס טוט זיי אַ זעץ אין פנים אַריין און פון דער שיינער ליכטיקייט פון ישראל גאָלדשטיינס גרויסער שטוב.

באַ דער טיר לעשט מען אויס די לאַמטער. אַ ביסל בלייבט מען שטיין צעמישטע, אָבער ישראל גאָלדשטיין קומט אַנטקייגן אַ דערפרייטער, העלפט אַראָפּנעמען דעם פעלץ.

אַרום די ווענט שטייען שטולן, באַזעצטע מיט מענטשן. דער ריינער דיל איז באַפלעקט, דאָ און דאָרט, מיט וואַסערדיקע פלעקן, פון דעם וואָס דער שניי אַרום די שטיוול פון די געסט האָט נאָכגעלאָזט. אין דער גרויסער שטוב שווימען אַרום גאַנצע קנוילן מיט רויך. די געסט רייכערן, שמועסן איינער מיטן אַנדערן זייער שטיל, אַזוי ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט עמעצן פון שלאָף אויפצוּוועקן.

באַם טיש אין דער מיט שטוב זיצט נאַקמאָן. פאַר אים, אויפן טיש, פאַפּירן און אַ טינטער מיט אַ פעדער. באַ דער לינקער זייט פון נאַקמאָנען זיצט דינה, ישראל גאָלדשטיינס מיידל. זי האַלט אַ פעדער אין האַנט. אירע באַקן זענען רויט פאַרפלאַמט. זי איז זייער אומרויק. אָט שפאַרט זי

זיך אָן אָן טיש און אָט וואַרפט זי זיך צוריק און לענט זיך אָן אָן דעם ווענטל פון דער שטול.

נאַקמאַן הייבט אויף זיינע אויגן פון דעם פּאַפּיר, אין וועלכן ער איז געווען אַריינגעבויגן און בעט, מען זאָל אַזוי גוט זיין צוקומען נענ־טער. ווער ס׳וויל, קען צוקומען.

צווישן די געסט איז געוואָרן אַ געדודער. איינער האָט דעם אַנדערן געטריבן, אַז יענער זאָל פריער צוגיין צום טיש. איינער פון עולם, אַ ייד, אַ באַוואַקסענער מיט שוואַרצע האָר און באָרד, איז שווער צוגעקומען צום טיש, זיך אַוועקגעזעצט און ער האָט געשמייכלט פון די שוואַרצע האָר אַרויס.

— ר׳ ייד, ווי אַזוי רופט מען אייך ? — האָט נאַקמאַן געפרעגט דעם ייד. און ווען יענער האָט געענטפערט, האָט ער פאַרשריבן און זיך נאָכדעם מיט זיין פּנים אומגעקערט צו דינהן און צו איר געזאָגט : — דינה, איר זעט, דאָס איז אַזוי איינפאַך. הייבט גלייך אָן.

דינה האָט געביסן די נעגל פון אירע פינגער און נאַקמאַנען אָנגע־קוקט מיט אירע גרויסע אויגן, פלוצלינג דערפילט, ווי דאָס בלוט האָט זיך איר געטון אַ גאָס אין פּנים אַריין. זי האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טון מיט זיך. זי האָט אַ געשריי געטון מער פאַר ווייטיק, ווי פאַר עפּעס אַנדערש : — ר׳ כאַצקל, קומט, זייט מוחל, אַהער, איך וועל אייך פאַר־שרייבן.

ר׳ כאַצקל האָט זיך גיך צוגעקאַטשעט (אַזוי האָט אויסגעוויזן זיין גאַנג), עטלעכע מאָל אונטערגעטאַנצט אויף איין אָרט און זיך גוט אַרומגע־קוקט, בשעת ער האָט זיך אַוועקגעזעצט באַם טיש.

— ווי אַזוי רופט מען אייך ? — האָט דינה געפרעגט דעם ייד, און געפילט, אַז דעם יידס שטילע, ברוינע אויגן לעשן דעם פלאַם פון אירע געררויטלטע באַקן.

— נאָך אַלץ כאַצקל — האָט דער ייד געזאָגט און פאַר־באַהאַלטן אַ שמייכל אין די שטעכיקע האָר פון זיין געשווירענער באָרד.

— האַ, אַ, איך ווייס... — האָט זיך דינה געכאַפּט, אַז זי האָט אַ טעות געמאַכט.

די אַרבעט פון פאַרשרייבן זיך אויף אומזיסטער ערד, וואָס יעדער ייד האָט באַדאַרפט באַקומען ערגעץ אין אַמעריקע, איז אָנגעגאַנגען זייער גיך. געטון מיט ליבע, אי פון נאַקמאָנען, אי פון ישראל גאָלדשטיינס מיידל, דינה, און אויך פון די אַלע יידן, וועלכע זענען געקומען זיך צו פאַרשרייבן.

ישראל גאָלדשטיין איז אַרומגעגאַנגען צווישן די געסט, זיי צוגע-טראָגן שפּיגלדיקע גלעזער טיי, וועלכע ער האָט אַלע מאָל אָנגעצאַפּט פון זידנדיקן סאַמאָוואַר.

רייזל גאָלדשטיין, ישראלס ווייב, איז געווען אַליין אין אַן אַנדערן צימער, פאַרטון אין עפּעס אַן אַרבעט, אַזוי ווי איר טבע איז תּמיד, ווען אין הויז זענען געווען מאַנספּערשוינען. זי האָט שוין עטלעכע מאָל אי-בערגעשמועסט מיט ישראלן, און זי זעט, אַז ער איז איינגעשפּאַרט, פאַר-עקשנט. וואָס קען זי טון? עס איז פאַרפאַלן. דער מאַן וויל אַזוי. די קינ-דער ווילן אויך אַזוי. פאַרוואָס זאָל זי אויך נישט וועלן? זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז האַלטן ערד אין אַרענדע מוז דאָך אומעטום זיין גוט. היינט זאָגן זיי דאָך, אַז די ערד וועט זיין אייגענע. אַזוי האָט איר ישראל דערקלערט. אייגענע ערד איז דאָך בעסער.

זי האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו מאָלן דאָס ווייטע לאַנד מיט דער אייגענער ערד זייערער, ווי די צעאַקערטע פּאַסן ערד לויפן אַלץ באַרג אַרויף, באַרג אַרויף, און דאָס הויז שטייט אין טאָל.

רייזלען האָט אויך הנאה געטון, וואָס אַזאַ געלערנטער בחור, ווי נאַקמאָן, וועט אויך פאָרן מיט זיי און אַזוי פיל יידן. מען קען זיך זייער גוט איינער דעם אַנדערן. מען וועט כאָטש נישט זיין אין דער פרעמד.

זי האָט דערפילט אַ פרייד, ווען זי האָט געטראַכט, אַז נאַקמאָן פאָרט אויך נעמען פריי לאַנד. זי האָט אַזאַ פרייד, ווי וועגן אַ זאַך, וואָס זי ווייסט זיכער, אַז די זאַך וועט קומען, אָבער זי האָט דאָך מורא געהאַט צו פרייען זיך מיט דעם פולן באַוווסטזיין; מורא געהאַט אויסצו-פרייען די פרייד ביז צום ברעג און איבערגעלאָזט אַ ביסל אויף שפּע-טער.

אָבער אינעווייניק, אין דער גרויסער שטוב, האָבן זיך די יידן פאַר-שריבן און זיך שוין געפרייט מיט דער אַלעמען אַרומכאַפּנדיקער פרייד

פון קינדער, ווען מען ברענגט זיי שפּילערייען. אַז אַ ייד האָט זיך אויפ־געהויבן פון טיש, האָט ער אָפּגעטרייסלט איין האַנט אָן דער אַנ־דערער און נאָך דער רייע נאָך זיך געקושט מיט אַלע יידן דאָ, אין ישראל גאָלדשטיינס הויז; זיך געקושט מיט ליפּן איבער ליפּן און מיט אַן אָפּקלאַנג, אַזוי ווי זיי וואָלטן אָפּגעביסן, אָדער צוגעלייגט, איי־נער פון אַנדערן, איינער צו דעם אַנדערן, אַ שטיק אייגן בלוטיק פלייש.

— אוי, יידן, דערלעבט זיך אַ שטיק אייגענע ערד!

— זאָג נישט האָפּ, ביז דו שפּרינגסט נישט אַריבער! — האָט גע־פּרוווט איינער.

— עס איז אייגענע ערד, אַזוי ווי מיר האָבן היינט מיטוואָך אויף דער נאַכט, — האָט ישראל גאָלדשטיין געזאָגט.

— וואָס דען? אַז איך פּיל, עס איז מיינס!

— מיר וואָלטן באַדאַרפט אַרויסגיין אין דרויסן און שרייען, אַז די גאַנצע וועלט זאָל הערן, אַז מיר האָבן אייגענע ערד! — האָט אַן אַנדערער ייד זיך געהיצט.

— די וועלט וועט שוין וויסן! די וועלט וועט שוין וויסן!

עס האָט זיך געעפנט די טיר און אין שטוב איז אַריינגעקומען אַ פאַרוויקלט געשטאַלט. דאָס געשטאַלט האָט זיך אָנגעהויבן אויפצוּוויקלען, אַרויס פון די שמאַטעס. פאַרטיק געוואָרן, איז דאָס געשטאַלט ערשט גע־בליבן שטיין באַ דער טיר.

ישראל גאָלדשטיין איז איר אַנטקעגנגעגאַנגען און אויסגעשריגן:

— האַ, די מאַטיכע איז אויך געקומען צו פאַרשרייבן זיך אויף פריי לאַנד? קיין ווייבער אַליין וועלן מיר נישט פאַרשרייבן. וואָס זאָגט איר, באַקמאַן?

אָבער נאָך איידער באַקמאַן האָט געהאַט צייט עפּעס צו זאָגן, איז דידאָזיקע פרוי צוגעלאָפן צום טיש, זיך אַ וואָרף געטון אויף באַקמאַנען, אים אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט, מיט די דאַרע און מיט בלויע אָדערן, און האָט אָנגעהויבן צו וויינען.

דאָס געוויין האָט צעמישט דעם גאַנצן עולם. עס האָט אַזוי טיף איטלעכן געשניטן און געריירט ביז צו טרערן.

באַקמאַן אַליין האָט זיך געריסן פון דער פרויס דאַרע הענט, וועלכע

האָבן זיך געשאַרט אויף זיין גלאַט־ראַזירט פּנים, אַזוי ווי מיט אַ ריב־אייזן. ער האָט עפּעס געזאָגט, אָבער דאָס געוויין פון דערדאָזיקער פרוי האָט אַריבערגעשטיגן אַלץ.

— וואָס הייסט, איר ווילט מיך נישט פאַרשרייבן? אויב מיין מאַן לעבט נישט, לעבן דאָך מיינע קינדער. מיינע קינדער זענען ערלעכע קינדער. זיי האָבן זיך געשעמט צו קומען אַליין זיך צו פאַרשרייבן. האָבן זיי געזאָגט צו מיר: מאַמע, גיי און פאַרשרייב זיך אויף ערד. מיר ווילן אַרבעטן אויף דער ערד און דיך, מאַמע, ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר האַלטן באַ אונז. נו, זאָגט, נישט קיין ערלעכע קינדער? — פאַר־וואָס זשע ווילט איר מיר נישט געבן קיין ערד? — האָט די מאַטיכע אויפגעהערט צו וויינען, פרייגעלאָזט נאַקמאַנען און אויף איר פּנים, מיט די רינצלען און קנייטשן, האָט זיך צעגאָסן אַזאַ רחמנות און זי האָט גע־האַלטן אויסגעבויגן איר קאָפּ אויף אַ זייט און איין האַנט איבערגעלייגט אויף דער אַנדערער.

— מיר וועלן אייך פאַרשרייבן! — האָט נאַקמאַן געזאָגט און טרערן פון פרייד האָבן געשיינט אין זיינע אויגן.

— קומט אַהער — האָט דינה זי געבעטן — איך וועל אייך פאַר־שרייבן.

אָט אַזוי איז אַריבער דאָס פאַרשרייבן זיך. נאַקמאַן האָט אין דער מאַטיכע מיט איר וויינען געזעען די נשמה פון זיין פאָלק, ווי זי וויינט צו דער גאַנצער וועלט: גיט מיר אַ שטיק ערד.

אויף דינהן ווידער האָט דאָס אָנפאַלן פון דער מאַטיכע אויף נאַק־מאַנען געמאַכט זייער אַ שיינעם איינדרוק. נאַקמאַן האָט באַ איר געוווּנען אַזוי פיל חן, אַז זי איז געוועזן פאַרטיק, האָט זיך איר געדאַכט, מיט אים באַלד צו אַנטלויפן, וווּהין ער וועט נאָר ווען.

דינה איז נאָכדעם געלעגן אַ גאַנצע נאַכט אין איר בעט און נישט געקענט, פאַר עפּעס אומבאַוווּסטס, אַנטשלאָפן ווערן. זי האָט זיך אַליין נישט געקענט אָפּגעבן אַ חשבון. געדאַנקען זענען געלאָפן אַזוי גיך, אַז זי האָט זיי נישט געקענט גוט איבערטראַכטן.

נאַקמאַן האָט שוין גאָר צום לעצט באַ זיין אַוועקגיין אַהיים באַמערקט, אַז דינה האָט געטראָגן אַ קאַפּטל פון ווייסן באַטיסט מיט אַ הויכן קאָלנער אַרום איר האַלז.

עס איז געווען פּונקט דעמאָלט, ווען ער האָט געזאָגט אַ גוטע נאַכט. ער איז אַרויס אין דרויסן און זיך איינגעוויקלט אין זיין מאַנטל און ווי־ זיין שטייגער, גענומען גיין גיך אַהיים. דעם גאַנצן וועג האָט ער געטראַכט פון צוויי זאַכן: דינהס הויכער, באַטיסטענער קאָלנער און דאָס געוויין פון דער נשמה פון זיין פאָלק.

## 6.

דינה, ישראל גאָלדשטיינס מיידל, איז געווען, אַזוי ווי באַ איר טאַטן, דאָס איינציקע מיידל אין שטעטל. עס זענען געווען אַ סך אַנדערע מיידלעך פון אַלערליי יאָרן, אָבער דינה האָט אַזוי ווי אַרויסגעשיינט פון צווישן די אַלע מיידלעך. זי איז געווען דאָס ערשטע מיידל, וואָס האָט זיך געלערנט באַ אַ לערער. זי האָט זיך געקענט זייער שיין אָנטון. אירע איינפאַכע קליידער האָבן פון איר אַראָפּגעזוּנגען. זי איז געווען נאָך גאָר יינג און מיט איר רייך פאַרטרונקען דעם, ווער עס האָט נאָר געטון אויף איר אַ קוק. זי איז נישט געקומען אין קיין געזעלשאַפט, סיידן עס איז אין שטעטל געווען אַ חתונה. עס איז איר דערפאַר נישט אויסגעקומען זיך צו באַקענען נענטער סיי מיט די מיידלעך, סיי מיט די בחורים פון שטעטל.

עס איז דאָס גאַנצע באַקאַנטשאַפט געווען אַן אויגיקע באַקאַנטשאַפט. אַמאָל זיך געטראָפן אין גאַס מיט דער און מיט יענער, זיך אָנגעקוקט און ווייטער אַוועק, יעדער זיין וועג.

עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז די מיידלעך האָבן פון דינהן גערעדט און איבערדערציילט וועגן איר זאַכן, וואָס מען האָט קיינמאָל נישט געוווּסט פונוואַנען און פון וועמען זיי זענען באַשאַפן געוואָרן.

די בחורים פון זייער זייט האָבן אויך באַ אַ געלעגנהייט צוגעלייגט אַ וואָרט.

אָבער כאָטש מען האָט זי געהאַלטן אין די מיילער, פונדעסטוועגן, דינהס מעלות האָט קיינער נישט אָפּגעלייקנט.

דינה איז געווען אַ בעסאַראַביש מיידל. ביז צען־צוועלף יאָר איז זי געגאַנגען אין חדר. זי האָט זיך אויסגעלערנט דאַוונען און ווייטער גאָרנישט.

נאָכדעם איז זי געוואָרן אַ היים־זיצערין. קיינמאָל אין ערגעץ נישט געפאָרן. געוואַקסן, זיך אַנטוויקלט אונטער דער השגחה פון איר מאַמען.

זי איז געווען נישט הויך געוואַקסן, אָבער סאָליד און בויגיק. איר פּנים קליין און קיילעכדיק; די הויט פון פּנים מונקל. אירע שוואַרצע געדיכטע האָר האָבן איר פּנים צוגעגעבן אַ מאַט־ווייסן קאָליר. זי האָט פאַרקעמט אירע האָר מיט אַ שרונט אין דער מיט פון קאָפּ און זיי פאַרפלאָכטן מיט אַ לאַנגן צאָפּ, וועלכער איז געהאָנגען אויף אירע פּלייצעס, אַזוי ווי אַ לאַנגע, גלאַנציקע, שוואַרצע שלאַנג.

פון איר האַלז זענען געלאָפן אין סאָסנע ליניען צוויי אַקסלען, ווייכע און רונדע. און אירע פּוכקע, אויסגעאיידלטע הענט האָבן זייער שיין זיך געוויגט פון די אַקסלען.

אין אירע גלידער איז געווען דאָס ווייכקייט פון דער בעסאַראַביער ערד און וואָל, דאָס שטאַרקייט פון די בעסאַראַביער וויינען און פּרעסט.

דינה איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ שטאָלצע פּאַווע.

מען האָט געמוזט זיך אָפּשטעלן און קוקן, ווי אַזוי דינה גייט. אָפט האָבן די מיידלעך פון איר זיך אויסגעלאַכט, אָבער אין די באַהאַלטענע ווינקלען פון זייערע הערצער, האָבן זיך די מיידלעך געווונטשן, אַז זיי זאָלן אַזוי קענען גיין אויף זייערע פיס, ווי דינה גייט אויף אירע פיס.

ווען דינה איז אָפּגענומען געוואָרן פון חדר, ווו זי איז געגאַנגען עטלעכע יאָר צוזאַמען מיט אַנדערע קינדער, פון איר גלייכן און נישט פון איר גלייכן, האָט זי פון לייענען ביכער גאָרנישט געוווסט.

דאָס שטעטל איז געווען אין די ענינים פון לייענען ביכער, אָדער קענען שפּראַכן, אָדער לייענען אפילו אַ צייטונג, זייער אַלט־מאָדיש; עס הייסט, מען האָט נישט געוווסט, צי עס זענען דאָ ביכער אויף דער וועלט. קענען שפּראַכן, האָט מען נישט געקענט. צייטונגען זענען צו קיינעם נישט אָנגעקומען. די ווייטע וועלט איז געווען נישט מער ווייט פון שטעטל, ווי אַ צווייי, דריי אַנדערע אַזעלכע שטעטלעך, וועלכע זענען נישט געווען זייער ווייט.

וואָס עס האָט זיך אָפּגעטון פון יענער זייט פון יענע שטעטלעך, האָט קיינעם נישט אינטערעסירט. דערפאַר האָט מען נישט באַדאַרפט האָבן אַזאַ פּשוטע זאַך, ווי צייטונגען.

איז ווי באַלד ישראל גאָלדשטיין האָט געלעבט אָן ביכער, אָן שפּראַכן און אָן צייטונגען, האָט דאָך דינה אויך אַזוי געקענט ווייטער לעבן.

קומט צו פאָרן נאַקמאַן און הייבט אָן מיט דינהן לערנען רוסיש. עס גייט פאַריבער אַ יאָר און דינה קען שוין לייענען אַ ביכל. דינה דעקלאַמירט פון רוסישע פּאָעטן. זי האָט נישט אַזאַ גוטן קאָפּ, אָבער זי איז אַ „גרויסער ווילער", זי וויל און לערנט מיט התמדה. נאַקמאַן ברענגט אין שטעטל אַריין די מאָדע פון לייענען אַ צייטונג. אויף אים קוקנדיק שרייבט ישראל גאָלדשטיין אויך אויס אַ צייטונג. נאַקמאַנס אַלע תּלמידים באַקומען צייטונגען. מען הייבט אָן צו לייענען. עס וועקט זיך אויף אַ חשק צו וויסן, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. מען שרייבט אויס ביכער.

דינה ווערט דער מיטלפּונקט. אַרום איר דרייט זיך אַ קרייז פון דורשטיקע נשמות, וועלכע טרינקען און שעפּן און טרינקען ווייטער אויס. דינה ווערט אַנטוויקלט. זי וואַקסט אויס. קיינער באַמערקט עס נישט.

ישראל גאָלדשטיינס הויז ווערט אַ הויז פון די „פאַרזאַמלטע צו שעפּן מער וויסן". מען מיידט אויס פון אָנפאַנג, אַז ישראל גאָלדשטיין זאָל זיין אינדערהיים. ער איז אַ ביסל שטרענג. אָבער מען געוויינט זיך איין. דאָס הויז איז תּמיד פול מיט יינגוואַרג. מען שמועסט, מען זינגט לידער פון באַליבטע פּאָעטן. מען קריטיקירט די ווערק, וועלכע מען לייענט.

דינה האָט זיך אויסגעלערנט שיין רעדן. נאַקמאַן האָט זי אָנגעהויבן צו באַמערקן. ער הערט זיך צו, ווי זי פירט דעם געשפּרעך; ווי אַזוי זי לייגט אַוועק איר אַרגומענטאַציע, אַזוי לאָגיש, שטאַרק ווי אייזן. און ווען זי רעדט, האָט זי ליב זיך אויפצושטעלן פון איר אָרט אויפן דיוואַן. און דעמאָלט איז דאָ אַזוי פיל פרויענהאַפטס אין איר פּאָזע און אין איר זשעסט.

נאַקמאַן האָט זיין וועג שוין אַ סך מאָל איבערגעשניטן, טראַכטנדיק וועגן דינהן, ווייל אויב דינה, האָט דאָך שוין מער נישט געקענט זיין קיין עקזאַמען. עס הייבט זיך אָן מיט דינהן און עס ענדיקט זיך ערגעץ באַ די האָריזאָנטן.

אָבער איצט, אַז גאָט האָט אים אונטערגעשיקט אַזאַ שיינעם, ליכ־
טיקן וועג, אַרויסצופירן די יידן פון שטעטל אויף אייגענע ערד; און ער
אַליין וועט אויך גיין מיט דידאָזיקע יידן. און אויב דינה זאָל וועלן, אויב
דינה זאָל נאָר וועלן...

ער האָט נאָך מיט איר נישט געשמועסט.

7.

אַ פרימאָרגן נאָכן אָוונט, וואָס די יידן האָבן זיך פאַרשריבן. עס איז באַגינען, אין דרויסן איז נאָך פינצטער. דער פראָסט איז שטיל, אָבער קריכט אין די ביינער מיט זיין שאַרפקייט. דער הימל איז נאָך באַשאָטן מיט שטערן. צווישן די שטערן שיינט דער ליכטיקער, שיינער מאָרגן־שטערן. אין מזרח־זייט פאַרהוילט זיך אַ ווייסער, בלייכער שיין.

צוויי שאָטנס פון צוויי געשטאַלטן. זייערע טריט שניידן זיך קריצנדיק אין דעם שניי. די געשטאַלטן קומען צו צו דעם קווערן ווייסן הויז מיט די פינצטערע פענצטער. דאָס הויז איז איינגעהילט אין שאָטנס.

איינער בלייבט שטיין. דער אַנדערער גייט אַוועק אין דער אַנדערער זייט פון דעם הויז. עס הערט זיך זיין קול: „ר' משה", און אויך זיין קלאַפן אין פענצטער, וואָס איז ענלעך צו אַ ציטער פון אַ האַרץ.

דער אַנדערער קומט צוריק, בלאָזט אין די נאַקעטע הענט, קלאַפּט אַ פוס אין אַ פוס,

— נו ?

— באַלד !

די גאַס איז בלינד־פינצטער אַ ווײַלע און באַלד טון אַ בליץ דורך אַלע פענצטער פאַסן מיט ליכט.

די צוויי גייען אַריין אינעווייניק, שרייען ביידע מיטאַמאָל אויס: גוט מאָרגן, ר' משה!

— די תורה האָט זיך אין אייך צעבערענט, — זאָגט ר' משה, און מיט ביידע הענט רייבט ער זיך זיינע אויגן.

— פאַרטאָג איז אַ שעת הכושר צום לערנען, — זאָגט איינער.

— פאַרטאָג איז דער כוח קלאָר, — זאָגט דער אַנדערער.

ביידע נעמען אַרויס פון דער גרויסער שאַפע, אין ווינקל פון קלויז, צוויי גמראס, זעצן זיך אַוועק איינער לעבן דעם אַנדערן, עפענען די גמראס און הייבן זיך אָן וויגן און זינגען שטילערהייט.

ר' משה, דער שמש פון קלויז, גייט אַוועק, קומט באַלד צוריק, שלעפנדיק אַ לאַנגן זאַק מיט שטרוי אָנגעפּילט, עפנט אַ טירל אין דער וואַנט, וועלכע טיילט אָפּ די מאַנסבילשע שול פון דער ווייבערישער, שטופּט אַן אין דער עפענונג אַ בינט מיט שטרוי, צינדט עס אָן. עס טוט אַ פלאַם און אַ בליץ. עס ווערט היימלעך און עס הייבט אָן צוצוזאָגן, אַז באַלד וועט ווערן וואַרעם.

— ר' משה, איר האָט זיך אויך פאַרשריבן?

— איר מיינט אויף פּריילאַנד. יאָ.

— מען וועט דאָך אייך פון קלויז אַרויסוואַרפן.

— ווען, מיך?

— נישט אונז.

— נו, וועל איך מיר גיין און זיך באַזעצן אויף מיין ערד.

— ווער ווייסט, ווען דאָס וועט אַרויסקומען.

— די פּאַפּירן זענען שוין אַוועקגעשיקט. און אַז עס וועט אָנקומען אַן ענטפער, וועלן מיר פאָרן.

— און אויב משיח וועט פריער קומען?

— איז דאָך מה טוב.

— דאָס הייסט, אַז איר גלייבט נישט אין דער גאולה.

— פאַרוואָס גלייב איך נישט, בין איך נישט קיין ייד?

— שאַט, ענטפערט אונז, וואָס וועט איר טון, אַ שטייגער, אויב עס

ווען געשען, אַז משיח קומט אָן פּונקט דעמאָלט, ווען איר האַלט אין פאָרן צו אייער אייגענער ערד?

— וואָס דער רב וועט טון, וועל איך אויך טון.

— אַזוי, דער רב האָט זיך אויך פאַרשריבן?

— אונזער הייליקער רב האָט זיך אויך פאַרשריבן.

— ווער זשע וועט זיין רב אין שטעטל?

— אַזוי פיל יינגעלייט לערנען, וועט דאָך עמעצער אויסלערנען זיך צו זיין אַ רב.

— באַדאַרף מען טאַקע אָנהייבן צו לערנען, — האָט יענער געזאָגט, אויסזינגענדיק די ווערטער מיט אַ גמרא־ניגון.

ביידע געשטאַלטן האָבן אָנגעהויבן צו לערנען מיט ברען. אין קלויז איז געוואָרן וואַרעם, אין די פענצטער האָט אָנגעהויבן צו ווערן בלוי.

ביידע געשטאַלטן האָבן פּלוצלינג אויפגעהערט צו לערנען, נאָר שטילערהייט געברומט דעם ניגון פון לערנען, זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. ר' משה איז שוין נישט געווען. געטון אַ ווונק איינער צום אַנ־דערן און יעדער איינער פון זיי ביידע האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ קליינעם העפט פון ווייס פּאַפּיר מיט געדרוקטע ווערטער פון לינקס צו רעכטס. ער האָט געמוזט זיין רוסיש אָדער אפשר גאָר דייטש, גאָט ווייסט זיי און וועט זיי מוחל זיין, ווייל זיי האָבן זיך שטאַרק געהיטן. זיי האָבן זיך פאַרטיפט אין דידאָזיקע העפטן, געקנייטשט מיט זייערע שטערנס און נאָך אַ לאַנגער פּאָזע האָט איינער אויפגעהויבן זיין קאָפּ פון זיין העפט און געזאָגט:

— אַ רב זאָל איך ווערן, וויל דער ייד, דער שוטה.

— אבא, ווייסטו שוין, וואָס דו וועסט זיין? — האָט געפרעגט דער אַנדערער.

— ניין, לייביש, נאָך נישט. ווייסטו שוין, לייביש, וואָס דו וועסט זיין?

— אָדער אַ פּראָוויזאָר, אָדער אַ דאָקטאָר, אבא.

— איך אויך אַזוי, לייביש, אָבער דאָ אין קלויז וועט פון אונז גאָרנישט ווערן.

— וואָס זשע זאָלן מיר טון? — האָט לייביש געפרעגט און זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, טאָמער הערט עמעצער.

— נעָן באַדאַרף פונדאַנען אַנטלויפן, לייביש.

— טאַקע, אַ שכל, אבא.

— אוי, עמעצער קומט, לייביש.

ביידע געשטאַלטן כאַפּן אין דער גיך און באַהאַלטן די העפטן אין זייערע קעשענעס, נעמען זיך שאָקלען איבער די אָפענע גמראָס מיט אַ געזאַנג.

אין קלויז אַריין איז אָבער קיינער נישט אַריינגעקומען.

— עס האָט געמוזט זיין עמעצער, וואָס קוקט אונז נאָך.

— איך וועל אומישנע אַרויסגיין און זען, — האָט אבא געזאָגט.

— איך זע קיינעם נישט, — האָט אבא געזאָגט, ווען ער איז נאָכ־דעם צוריקגעקומען, — עס האָט געמוזט זיין דער ווינט, די טיר איז לויז, האָט דער ווינט מיט איר געטון אַ קלאַפּ.

— מען קען דאָ גאָרנישט לערנען, — האָט לייביש זיך געקלאָגט, — זעסט דאָך, שוין אויפגעשטאַנען פאַרטאָג און גאָרנישט אויפגעטון. אינ־דערהיים קאָנען מיר אויך נישט לערנען. מיר מוזן אַוועקפאָרן אין אַ גרויסער שטאָט, אבא.

— הערסט, מיר איז איינגעפאַלן, איך וועל באַ מיין טאַטן נעמען געלט „בלא יודעים" און דו נעם און טו אויך דאָס אייגענע. מיר וועלן זיך שטילערהייט פאַרטיק מאַכן. מען באַדאַרף אָפּשמועסן מיט נאַקמאַנען. ער תּעט אונז שוין פון אַלעמען דערקלערן. און אין איין פרימאָרגן וועלן מיר זיך מאַכן, אַז מיר גייען לערנען אין קלויז אַריין און מיר וועלן מאַכן פאַטויג — אַוועק! ביז מען וועט זיך אַרומקוקן, וועלן מיר שוין זיין ווייט.

— אַ פּלאַן! אָבער נאַקמאַן זאָגט, אַז עס איז אַ חוב קדוש, אַז אַלע זין פון פאָלק ישראל זאָלן זיך באַזעצן אויף אייגענער ערד; אַז מען באַדאַרף נישט שטודירן; אַז עס איז שוין דאָ גענוג שטודירטע אויף דער וועלט.

לייביש האָט זיך געשאָקלט, מיט זיינע הענט אַרונטערגעלייגט אויף זיין פּלייצע, אַלע מאָל זיך אָנגעררט מיט דער פּלייצע אין דער הייסער וואַנט פון דער הרובע. די וואַנט האָט אים געטון אַ ברי און די וואַרעמ־קייט איז צעגאָסן געוואָרן איבער אַלע זיינע גלידער. זיין לענגלעך און בלאַס פּנים האָט זיך עטוואָס פאַרפלאָמט און זיינע אויגן האָבן ערגעץ ווייט אין דער גרויסער הוילקייט פון דעם גרויסער קלויז געקוקט.

זיין חבר אבא האָט אויך געטון דאָס אייגענע.

זיי האָבן געשוויגן און געטרוימט. אין דרויסן איז שטילערהייט אָנ־געקומען דער ווייסער מאָרגן.

לייביש האָט זיך אויסגעהוסט. זיין חבר האָט אים געפרעגט, צי ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן.

זיי האָבן זיך ביידע אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. לייביש האָט גע־זאָגט זייער שטיל און מיט זיינע אויגן האַלב פאַרמאַכט, ווי פון אַ חלום אַרויס:

— אבא, ביסט געווען בײַ ישראל גאָלדשטיין אַמאָל אין הויז?

— ניין.

— האָסט חשק אַמאָל אַריינצוגיין?

— איך ווייס? אפשר — האָט אבא געענטפערט מיט האַלב אָפּגע־האַקטע ווערטער — אָבער? פּלוצלינג אַהין אַריינפאַלן.

— וואָס דען? האָסט געוואָלט פריער שיקן אַ שליח?

— ניין, נישט דאָס, לייביש. איך מיין, אַז איך וואָלט פריער דאָרט אין הויז באַדאַרפט זיין עטלעכע מאָל און נאָכדעם...

ביידע חברים האָבן זיך זייער האַרציק צעלאַכט.

לייביש האָט זיך אויפגעהויבן און אָנגעפאַנגען אַרומגיין אַהין און הער, געריבן איין האַנט אין דער אַנדערער. איז באַלד געבליבן שטיין עטוואָס איינגעבויגן לעבן דעם אָרט, ווו זיין חבר איז געזעסן.

— אַלע מאָל, ווען איך באַגעגן דינהן, גיסט זי מיך אָפּ מיט אירע אויגן.

— דו ביסט נישט דער איינציקער בײַ איר.

— וואָס הייסט?

— מיך אויך. זי האָט אויגן, קוקט זי אויף אַלעמען.

— עט, נישט דאָס, אבא. איך גיי אַרום ווי אַ פאַרברענטער. מיינע אייגענע אויגן זענען אויסגעלאָשן און איך זע נישט וווּהין איך באַדאַרף גיין. איינמאָל האָב איך זיך מיט איר באַגעגנט. אמת, איך האָב אויף איר פריער אַ קוק געטון. אָבער נאָכדעם האָט דינה געטון אַ הייב אויף אירע גרויסע ברעמען. איך בין אַזוי צעמישט געוואָרן, אַז איך בין נאָכדעם ערגעץ געלאָפן, נישט געוווסט וווּהין. ביז איך קוק זיך אַרום און זע, אַז איך בין שוין בײַם טייך. ווען נאָך אַ ביסל, וואָלט איך געווען אַריינגע־

גאַנגען אין וואַסער אַריין. און באַנאַכט קען איך נישט שלאָפן, בשום ענין ואופן נישט שלאָפן.

אבא האָט זיך צוגעהערט און געשלונגען יעדעס וואָרט, וואָס זיין חבר לייביש האָט געזאָגט. זיין האַרץ האָט געקלאַפּ, אַזוי ווי מען קלאַפּט מיט אַ האַמער. ער האָט געשוויגן, ווייל דאָס, וואָס זיין חבר האָט געזאָגט, איז אפשר געווען דאָס נעמלעכע, וואָס ער האָט געהאַט צו דערציילן זיך און דינה גאָלדשטיין. עס האָט אים פאַרדראָסן פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי פיל געשלאָגן מיט דער דעה, יאָ, צי ניין. פאַרוואָס האָט ער נישט דער-ציילט פריער? דער פשוטער דין, אַז דער וואָס קומט פריער, דער האָט געוווּנען.

אבא האָט זיך געשאָקלט אַהין און אַהער איבער דער אָפענער גמרא און עס האָט זיך אים אויסגעמאָלט אין זיין דמיון, אַז זיי אַנטלויפן ביידע ערגעץ אין אַ גרויסער שטאָט, לערנען אויס, דערהאַלטן אַטעסטאַטן און קומען ביידע צוריק אַהיים. זיין חבר לייביש האָט חתונה מיט דינהן, איז דער דאָקטאָר אין שפּיטאָל, היילט מענטשן, באַווייזט וווּנדער און דערוווי-טערט זיך פון אים.

ווער ווייסט, ביזוואַנען אבא וואָלט זיך דערטראַכט, ווען עס עפנט זיך נישט פּלוצלינג די טיר פון קלויז מיט אַ פּראַל.

ביידע חברים האָבן אין דער גיך זיך אָנגעהויבן צו שאָקלען איבער זייערע גמראס און שטיל און טרויעריק געזוּנגען.

אין קלויז איז אַריינגעקומען הירש-בער דער לימוואַק און צוגע-לאָפן צו דער "אַרעמער וואַנט פון דער הרובע, געקלאַפּט מיט די פיס אין דיל און געבלאָזן אויף זיינע רויטע, אָנגעפרוירענע הענט. פון די אויגן זענען געלאָפן טרערן און זיין נאָז איז אויך געווען רויט.

— פרעסט פאַרהאַן דאָ, איבער דעם מענטשס כוח!

— זיצט מען אין דער ליטע, אויב מען קען קיין פּולווער נישט שמעקן — האָט אבא ברוגז געזאָגט.

— שוטה, בא אונז איז אויך קאַלט. דערצו אַ ווייב מיט קינדער. אָבער פאָרט אַ מענטשלעכע קעלט. קינדער, שפּאַס אָן אַ זייט. ווייסט איר עפּעס בייעס?

— ניין. וואָס האָט געטראָפן?! — האָבן די חברים מיטאַמאָל גע-זאָגט.

— בן־ציון שוחט, וועלכער האָט שוין נישט געשאָכטן אַ סך יאָרן, האָט אויפגעזוכט זיינע אַלטע חלפים און זיי אפילו נישט געוויזן דעם רב און איז אַוועק אין דעם שעכט־הויז און געקוילעט אַן אָקס פאַר יאַנקל קצב.

— אַזוי?

— נישט געוויזן דעם רב די חלפים?

— היינט דאָס מדחה זיין אַן אַנדערן שוחט — האָט הירש־בער מיט די הענט געריבן זיין גרויסן שטערן, וועלכער איז בײַ אים געלאָפן כמעט ביז אַ האַלבן קאָפּ אַרויף.

— וואָס איז געשען? פאַרוואָס האָט בן־ציון אַזוי געטון?

— דאָס, וואָס איך זאָג — האָט הירש־בער זיך געהיצט — אַן אומגליק געשען. זיצן יידן, ווי גאָט אין זיין ווײַן־הויז, לעבן מיט הרחבה. צו וואָס נאָך, זאָגט מיר, טויג זיי אייגענע ערד? דערפון נעמט זיך עס.

## 8.

הירש-בער איז דער איינציקער ליטוואַק אין שטעטל. ער איז אַראָפּ-געקומען אין דער בעסאַראַביע און געוואָרן אַ מלמד. לערנען האָט ער געקענט מער ווי די בעסאַראַביער יידן האָבן געדאַרפט.

שוין עטלעכע יאָר, אַז ער איז דאָ, ברענגט נישט אַראָפּ זיין ווייב מיט די קינדער. שיקט זיין ווייב געלט און אַמאָל אין אַ יובל אַ בריוו.

דאָרט, ווו ער לערנט מיט זיינע תלמידים, אין דעם קליינעם צי-מער, שטייט אַ בעט, אין וועלכן ער שלאָפט.

ער האָט די בעסטע תלמידים אין שטעטל, און חוץ דעם, וואָס די באַלעבאַטים זיינע צאָלן אים, גיט מען אים אויך עסן. ער עסט קעסט. און זיינע זמנים זיינען צעטיילט. בּאַ יעדן באַלעבאָס עסט ער אַן אַנדער שטיק צייט קעסט. אַן אָנבייסן, אַ נאַכטמאָל.

פון די בעסאַראַביער מאכלים איז ער זייער צופרידן.

איז זייער אַן אָפּגעלאָזטער, קעמט זיך נישט די באָרד און זיינע שיטערע האָר פון קאָפּ. זיין קאָפּ איז אַ גרויסער מיט אַ הויכן שטערן און זיינע אויגן קליינע, שוואַרצע און שאַרפע.

זיין למדנות איז אים אַלע מאָל בייגעשטאַנען.

דאָס, וואָס ער האָט ערגעץ אין דער ליטע איבערגעלאָזט אַ ווייב מיט קינדער און שוין אַזאַ לאַנגע צייט צו זיי נישט אַהיימגעפאָרן — קיינער האָט דאָס אין דער בעסאַראַביע נישט געקאָנט פאַרשטיין. דער ליטוואַק קאָן אָבער לערנען. און כאָטש עס זענען אין שטעטל געווען אַ

פאַר יידן, וואָס האָבן אויך געקענט לערנען, זענען זיי געווען מיט זייערע מסחרים פאַרנומען און האָבן נישט געקאָנט ווערן קיין מלמדים, און עס איז נישט געווען קיין צווייפל, אַז זיי האָבן אויך נישט געקאָנט אַזוי גוט לערנען, ווי דער ליטוואַק.

דורך אַרץ האָבן פאַר אים, האָט מען אָבער נישט געהאַט, דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַ ליטוואַק. מען קען זאָגן, אַז מען האָב אים אַ ביסל פיינט געהאַט.

פאַרוואָס ?

אין דער בעסאַראַביע האָט מען נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי אַ מענטש קען זיין אַזוי פאַרטראַכט, אַז ווען ער גייט, למשל, פון דעם דאַווגען, זאָל ער פאַרגיין ווייט אַרויס פון דעם שטעטל, העט ווייט ביז אין מאָלדאַוואַנישן דאָרף אַריין און די הינט זאָלן אויף אים אָנפאַלן. אין דער בעסאַראַביע, אַז אַ ייד איז ערגעץ געגאַנגען, האָט ער געוווסט, אַז ער גייט אַהין און אַהין.

וואָס זשע האָט מען געזאָגט אויפן ליטוואַק ? זיין פאַרטראַכטקייט איז אַ געמאַכטע. מיט דעם באַרימט ער זיך אַזוי. וואָס הייסט אַ מענטש ווייסט נישט וווהין ער גייט ?

אין דער בעסאַראַביע האָט מען אויך נישט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס דער ליטוואַק מאַכט זיך קיינמאָל נישט קיין ביי מלבוש. זיינע קליידער זענען שוין געווען צעפוילט און אַ לאַטע אויף אַ לאַטע. די שטיוול מיט לעכער. אַ ייד פאַרדינט אַ קערבל, עסט פון דעם שענסטן און בעסטן און איז אַ ייד אַ למדן, טאָ, ווי קען ער אַזוי אַרומגיין אין אַזוינע פאַרלאַטעטע קליידער ?

דער ליטוואַק מוז דאָס זיך רייצן מיט די בעסאַראַביער יידן. ער מאַכט זיך פאַר אַ נעבעכל, אָבער אין האַרץ מוז ער זיך אויסלאַכן פון די בעסאַראַביער מיט זייערע גאַנצע שטיוול, מיט זייערע שיינע קליידער.

ווער ווייסט און ווער קען דערגרייכן אַ מענטשס טיפענישן.

ווער איז געווען אָט דער איינציקער ליטוואַק אין דער בעסאַראַביע ?

דאַכט זיך, אַ ייד גלייך מיט אַלע יידן.

אין האַרץ האָט הירש-בער מבטל געווען גאַנץ בעסאַראַביע מיט אַלע אירע יידן.

יידן, וועלכע טרינקען ווייַן און עסן קאָדע מיט פעפער; טראָגן גרויסע שטיוול אי זומער, אי ווינטער; בויען אַליין זייערע הייזער פון ליים מיט געפלאָכטן שטרוי און פון צווייגן פון ביימער; האַנדלען מיט פערד און מיט שאָף און האָבן פאַרגרעבטע פנימער, הענט און אַ גראָב לשון.

הירש בער האָט פאַרגליכן דאָס לשון פון די בעסאַראַביער יידן מיטן הירזשען פון זייערע בעסאַראַביע פערד, אָדער מיט דעם מעקען פון זייערע שאָף.

הירש-בערס תלמידים האָבן געהאַט גראָבע קעפּ. עס איז אים אָנגעקומען זייער שווער, איידער ער האָט דעם בעסאַראַביער ייִנגל אויפגעעפנט די ווינקעלעך פון זיין פאַרגרעבטן מוח.

דאָסדאָזיקע מבטל זיין פון הירש-בערן איז אָבער נישט געווען, חלילה, אויסגעמישט מיט שנאה. ניין, אַזוי ווייט איז דאָס נישט געגאַנגען. ער האָט זיי אָט אַזוי אָ, מבטל געווען, ווי ער האָט מבטל געווען דעם באַרג אַקעגניבער פון שטעטל.

האָט הירש-בער דען געוווּסט, וואָס פאַר אַ קאָליר דער באַרג האָט זומער, אָדער ווינטער? צי ווען עס קומט אים עמעצער זאָגן, הירש-בער, דער באַרג איז גרין, פאַרב זיך אויך אָפּ מיט גרינס.

הירש-בער האָט זיך געטראָגן זיינע אָרעמע קליידער און געהאָפט, אַז ווען ס'בישט איז וועט ער אַהיימפאָרן צוּ זיין ווייב און קינדער און וועט שוין דאָרט בלייבן צווישן זיינע יידן, ווּוּ אַ ווונק איז געמיינט צוּ זאָגן זייער אַ סך, ווּוּ מען עסט ווינציקער און מען לעבט דאָס לעבן מיט אַנדערע, דינערע זאַכן, ווּוּ אַלע טראַכטן מער, ווי מען טוט; ווּוּ דאָס גאַנצע לעבן איז אינגאַנצן אַ פאַרטראַכטס, — אַזאַ ווייט-קייט!

הירש-בער האָט זיך נישט פאַרשריבן אויף אייגענער ערד.

וואָס טויג אים אייגענע ערד?

זיין ביסל ערד, וועלכעס יעדער מענטש האָט ערגעץ אויף דערדאָ-

זיקער וועלט, האָט ער דאָך אויך ערגעץ, קיינער וועט דאָסדאָזיקע שטיקל ערד בײַ אים נישט אַוועקנעמען.

דערפֿאַר האָט ער שטילערהייט, בײַ זיך אינעווייניק געלאַכט פֿון די בעסאַראַביער ייִדן, וואָס זיי לויפֿן אַזוי און פֿאַרשרייבן זיך אויף אײַגע־נער ערד.

9.

נאָך האַלבער נאַכט זענען געקומען קצבים און אויפגעוועקט אברהם שוחט.

אברהם שוחט איז אויפגעשטאַנען, זיך אָפּגעוואַשן, אָפּגעזאָגט דאָס, וואָס אַ ייד דאַרף זאָגן, ווען ער שטייט אויף אינדערפרי און זיין נשמה איז אים צוריק איבערגעגעבן געוואָרן פאַר נאָך איין אַנדערן טאָג.

ער האָט פון אַ שופלאָד אַרויסגענומען אַ לעדערן, לאַנג שיידל, אין וועלכן עס זענען געלעגן זיינע חלפים, יעדעס באַזונדער אין אַן אַנדערן בייטל.

אברהם האָט אַרויסגענומען זיינע חלפים איינס נאָכן אַנדערן. די בלאַנקענדע חלפים איבערגעקוקט, מיט זייערע שאַרפע זייטן אַריבערגעפאָרן איבער דעם לאַנגן ווייסן נאָגל פון זיין אָנווייזונגס־פינגער. נאָכדעם האָט ער די חלפים צוריק באַהאַלטן אין די קעשענעס פון לעדערנעם שיידל. אָנגעטון זיין מאַנטל מיט דעם פוטערנעם קאָלנער; אויף דער יאַר־מולקע אַרויסגעשלעפּט אַ היטל פון שאָפענעם פעלץ, געקושט די מזוזה און איז אַרויס אין דרויסן.

די קאַלטע שוואַרצע נאַכט האָט אים אַרומגענומען. אַ ציטער איז אַריבער זיין גאַנץ וועזן.

— גוט מאָרגן!

— אַ גוט יאָר! — האָבן אויסגעשריגןביידע געשטאַלטן, וועלכע האָבן געוואַרט אויף אים אין דרויסן מיט אַ שליטן. — זעצט אייך אַריין אין שליטן, שוחט.

אברהם האָט זיך אַריינגעזעצט אין שליטן, אַ קוק געטון צו דעם הימל, אַריינגעצויגן אין זיינע שטאַרקע לונגען אַ סך קאַלטע לופט און ווייל דער שליטן האָט זיך גערירט פון אָרט, האָט ער געפרעגט בײַ די קצבים :

— וויפיל שטיק ?

— איין אָקס, אַ קו און עטלעכע שאָף.

— וואָס־זשע האָט איר זיך אַזוי געאיילט ?

— דער אָקס איז אַ ווילדער, וועט נעמען צייט איידער מען וועט אים בייקומען.

— נאָך ווייט צו טאָג ? — האָט אברהם פון היימלעכקייט וועגן געפרעגט. עפּעס אַ פאָרגעפיל האָט זיך געגנבעט אין זיין האַרץ. ער האָט תמיד ליב בייצוקומען אַ ווילדן בעסאַראַביער אָקס. דאָס איז געווען זיין שטאָלץ אַלס שוחט. אַז ער האָט געטון אַ נעם אַ ווילדן אָקס בײַ די הערנער, האָט זיך דער אָקס געמוזט אונטערגעבן. דערפאַר האָט ער נישט צוגעלאָזט דאָס, וואָס זיין ווייב האָט אים תמיד געזאָגט, אַז זי האָט מורא, אַז עס וועט מיט אים טרעפן אַמאָל, אַז אַ ווילדער אָקס וועט אים צעברעקלען.

דער שליטן מיט די צוויי פערד איז געלאָפן איבער דעם פאַרפרוירענעם שניי אַזוי גיך, אַז מען האָט געפילט, ווי מען פליט אין דער לופטן.

פלוצלינג האָט זיך דער שליטן געטון אַ גליטש אין אַ זייט און אין איין אויגנבליק איז אברהם געלעגן אין שניי. ער האָט נישט געוווּסט אין דער מינוט ווו ער איז.

אברהם שוחט איז ערשט געקומען צו זיך, ווען ער האָט דערפילט, ווי מען ווערגט אים. ער האָט זיך געראַנגלט מיט דעם, וואָס האָט אים געוואָרגן, זיך איינגעגראָבן מיט זיינע שטיוול אין שניי און זיך געפּרוווט אויפשטעלן. אָבער יענעמס הענט אַרום זיין האַלז זענען געווען שטאַרקע. אברהם האָט געסאַפּעט זיין מויל, נישט געקענט מער אָטעמען, צו ביסלעך פאַרלוירן דאָס באַוווּסטזיין.

אין דרויסן איז שוין געווען גוט ליכטיק, ווען אברהם שוחט איז געקומען צו זיך. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און זיך דערמאָנט ווו ער איז און דאָס ערשטע גענומען זוכן זיינע חלפים.

ער האָט זיי געפונען צעוואָרפן אין שניי. נאָסע און צעקאַרבטע. עס איז אים געוואָרן פינצטער אין די אויגן. אַ ווייטיק האָט ער געפילט אין זיין האַלז און זיין גאַנץ וועזן האָט געציטערט, פון קעלט און פון גרויס עגמת נפש.

ער האָט צונויפגעקליבן זיינע חלפים, זיי פאַרוויקלט און מיט שנעלע טריט אַוועק אין קלויז אַריין.

ווען אברהם שוחט איז געקומען צו לויפן אין קלויז אַריין, האָט ער באַלד באַם עפענען די טיר געטון אַ געשריי:

— געוואַלט יידן!

די שטיפאַנעשטער קלויז איז דעמאָלט געווען אַ וואַרעמע און פול מיט ליכט פון דעם פרימאָרגן. יידן מיט טליתים און תפילין האָבן גע־דאַוונט: ווער עס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל און ווער פון די אַנדערע האָט זיך אַרומגעדרייט אַהין און אַהער פון דער דרום־וואַנט ביז צו דער צפון־וואַנט. דאָס דאַוונען האָט געשמעקט מיט דעם בעסאַראַביער מאָרגן, מיט אויסגעשלאָפנקייט, אַנגעזעטיקטע זאָרגלאָזיקייט. עס האָט זיך געפילט אין דעם גיכן אינדערוואָכיקן דאַוונען פון אַלע יידן אויף אַ קול דאָס לויפן פון אַ בעסאַראַביער טייך איבער אַ שטיינערדיקן באַרג־אַראָפּ, פון יאָגנדיקע לעמער און שאָף איבער דער מיידלישער בעסאַראַביער ערד, ווען זיי דערפילן דעם פון אונטן אָנקומענדיקן רעגן־שטורם.

און אין מיטן דערינען, אַזוי ווי אַ דונער אין זוניקן טאָג, פאַלט אַריין אברהם שוחט מיט אַ געוואַלט.

די יידן זענען פאַרציטערט געוואָרן.

אין אַ מינוט אַרום זענען אַלע געשטאַנען אין אַ רעדל אַרום אברהם שוחט, וועלכער איז געזעסן באַ דער הרובע מיט זיין צעקנעפּלטן שמוי־שענעם טולופּ און מיט זיין פוטערנעם היטל אַרויפגערוקט ביז אין מיטן קאָפּ. ער האָט נאָך זיין קאָליר פון זיין פּנים נישט באַקומען צוריק, זיינע אויגן האָבן, גרויסע און בייזע, געקוקט אין דער ווייט אַריין. שוין יעדעס ברעקל באַ אים איבערגעפרעגט, און ער האָט אַלעמען געענטפערט וויכ־טיק און מיט אַ טעם פון איבערנעמען זיך. פון אויספיינען; ער איז דער איינציקער, און דאָס, וואָס עס האָט מיט אים געטראָפן, האָט נאָר געקאָנט טרעפן איינמאָל און ווייטער וועט עס שוין מער נישט פּאַרקו־מען.

הירש־בער דער ליטוואַק איז אויך געשטאַנען צווישן עולם, זיין של־ראש איז געלעגן אַ ביסל אויף אַ זייט אויף זיין מיט בלויע אָדערן פאַרבונדענעם נאַקעטן שטערן. ער האָט אויסגעזען ווי אַ הון, וואָס קוקט מיט איר איינזייטיקן אויג אויף עפּעס נייעס, איר אומבאַקאַנטס. הירש־בער האָט זיך טאַקע געוווּנדערט, ווי אַזוי יידן קאָנען זיין אַזעלכע גזלנים.

— ר' אברהם, זענען דאָס געווען יידן?

— וואָס דען, גויים וועלן קומען וועקן אַ שוחט? — האָט אברהם שוחט זיך געקרימט.

— און ווו האָבן זיי איבערגעקערט דעם שליטן? — האָט הירש־בער ווייטער זיך געוווּנדערט.

— אַרויס פון דער שטאָט, דאָרט, ווו עס הייבט זיך אָן דער טיפער גראָבן.

— עס איז דאָך סכנות נפשות.

— איך האָב טאַקע געמיינט, אין דער מינוט, ווען איך בין געטון אַ פאַל אַרויס פון שליטן, אַז איך בין שוין אַ מת, — האָט אברהם שוחט געטון אַ ציטער, — אָבער איך האָט באַלד דערפילט, אַז עמעצער וואַרגט מיך.

— גומל בענטשן! — האָבן עטלעכע יידן אויסגעשריגן.

דערווייל איז אַריינגעלאָפן משה שמש און געזאָגט, אַז דער רב קומט.

— געלאָזט דעם רב אַליין קומען?

— ווי וועט זיין, אַז עמעצער באַפאַלט אים, חס ושלום?

— לויף שוין און באַגעגן דעם רב, שמש!

משה שמש איז געלאָפן צוריק צו דער טיר, בייז געמורמלט צו זיך אַליין. אָבער אין דער רגע איז אים איבערגעגאַנגען זיין כעס. ער האָט אין דער גיך געטראַכט, אַז ער באַדאַרף איצט מיט זיך נעמען זיין שטעקן. ער וועט ברעכן עמעצן די ביינער, אויב מען וועט לייגן אַ יד אויף זיין רב. אַז משה שמש האָט געעפנט די טיר, האָט ער פון ווייטן דערזעען דעם רב שפּאַנען זייער גיך. ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט, אַריינגעשריגן אין קלויז אַריין צו די יידן, אַז דער רב קומט.

אין קלויז איז געוואָרן שטיל. דער רב איז אַריינגעקומען, געקוקט

באַ דער טיר די מזוזה, זיך מיט זיין קאָפּ געטון אַ לייכטן בייג אַ קעגן דער מזרח־וואַנט, און איז נאָך דערדאָזיקער צערעמאָניע צוגעגאַנגען גיך, פּלאָנטערנדיק זיינע פיס אין זיין גאָר לאַנגן, ביז צו דער ערד לאַנגן מאַנטל, צו אברהם שוחט.

— ווייזט מיר די חלפים, — האָט דער רב געזאָגט! בשעת ער האָט דערווייל אויסגעטון זיין מאַנטל.

אברהם שוחט האָט אַרויסגענומען די חלפים זיינע פון זייערע שיידן, זיי אַוועקגעלייגט אויף דעם לאַנגן טיש, וואָס איז געשטאַנען באַ דער הרובע.

צווישן די יידן אין קלויז איז געוואָרן אַ געדראַנג, אָבער מען האָט זיך גערהיט נישט אָנצורירן דעם רב, וועלכער האָט געהאַלטן אין זיין האַנט איינעם פון די חלפים.

— ווייסט איר, ווער דאָס איז געווען? — האָט דער רב געפרעגט אברהמען.

— ניין, דאָס הייסט, איך האָב יאָ געהאַט אַ ידיעה ווער זיי זענען געווען, ווייל איך קאָן דאָך אַלעמען באַ אונז און זייער שטים, דאָ אויסגעוואַקסן, — האָט אברהם שוחט געזאָגט זייער פּאַמעלעך און אַזוי ווי געטראַכט צווישן איין וואָרט און דעם אַנדערן, — אָבער עפּעס גלייבט זיך עס מיר נישט, אַז עס זאָל זיין אמת, און איך וויל נישט דן זיין לחוב אויף יידן.

— האָט מען אייך געוואָרגן ביז איר האָט געחלשט? — האָט דער רב געפרעגט.

— איך האָב זיך ערשט אויפגעכאַפּט אינדערפרי. איך קוק זיך אַרום, וווּ בין איך? איך ליג אין טיפן שניי, אין פעלד, — האָט אברהם שוחט געמאַכט מיט זיינע הענט אין דער לופט אַלערליי צייכנס, מיט וואָס ער האָט געמיינט אויסצומאָלן אַ טיפן שניי, אַ פעלד, און ווי ער האָט זיך אַרומגעקוקט און געוווּנדערט, ווי אַזוי ער קומט אַהין.

— הייסט דאָס, אַז איר געדענקט נישט, ווער זיי זענען געווען, די רוצחים? — האָט דער רב געפרעגט.

— גזלנים! — האָט הירש־בער ליטוואַק אונטערגעכאַפּט — גזלנים! באַ אונז אין דער ליטע הערט מען נישט אַזעלכע זאַכן.

עס האָט אָבער אויסגעוויזן, אַז קיינער האָט נישט געהערט דאָס, וואָס הירש־בער האָט געזאָגט וועגן זיין ליטע.

דער רב האָט איבערגעקוקט די חלפים און פון זיינע ליפן אַרויסגעבראַכט מאָדנע קולות פון שרעק, און אין דער אייגענער צייט אויך אַזוי ווי געמאַכט דעמדאָזיקן מענטש, וואָס האָט געטון די אַרבעט פון צעקאַרבן די חלפים, אַזוי קליין ווי אַ וואָרעם.

— אַ שטומען חלף צו צעקאַרבן, טע, טע. דער רב האָט זיך געווענדט צום גאַנצן עולם:

— מיר וועלן קודם דאַווגען, און נאָכדעם וועלן מיר זיך דורכגיין צו די קברים.

10.

דעם אייגענעם פרימאָרגן אין דער באַלעבאַטישער שול, ווו עס האָבן געדאַוונט די קרעמער פון שטעטל, די אויפגעקומענע יידן, און אויך אַ טייל פון באַלמעלאָכעס, וועלכע האָבן געקאָנט אַ ביסל לערנען, און האָבן זיך אויך דורך זייער פיינער אויפפירונג און דורך דעם, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט אייגענע, שיינע שטיבער, אַריינגערעכנט צווישן דעם באַלעבאַטישן קלאַס פון שטעטל, — אָט אין דערדאָזיקער שול, וועלכע האָט אויך תמיד געפירט אַ שטילן קאַמף מיט דער חסידישער שטיפּאַנעשטער קלויז, איז דאָס דאַוונען אַזוי ווי תמיד אין אַ וואָכעדיקן טאָג, אָפּגעגאַנגען זייער גיך. די קרעמער, סוחרימלעך און די שיינע, אויסגעפּוצטע באַלמעלאָכעס, זענען אַוועקגעגאַנגען באַלד נאָכן דאַוונען, יעדער צו זיינע עסקים.

געבליבן זענען אין שול אַ פּאָר יידן, אַזוינע יידן, וואָס האָבן זיך אַליין געהאַלטן אַלס די טאַטעס פון שטעטל.

זיידע, אַן עלטערער ייד, מיט אַ ווייסער, שיטערער באָרד און מיט רויט בלוט אין זיין געזונט פּנים. דערדאָזיקער ייד האָט געהאַנדלט מיט די וועלדער פון אַרום שטעטל און באַזאָרגט דאָס שטעטל מיט געהאַקט האָלץ צום הייצן און קאָכן און אויך פאַרקויפט ברעטער, יאַלאָווע סלופּעס, שינדלען, לייסטן, האַליאָבליעס און רעדער, קלעפּקעס און הילצערנע רייפן.

לייב שוסטער, אַן אַלטער קליינטשיקער ייד מיט אַ לאַנגער ווייסגרויער באָרד, באַפלעקט מיט געלע פלעקן, אַ ייד וואָס האָט געקענט תהילים אויסנווייניק, פון דעם, וואָס ער האָט אַלע זיינע יאָרן געזאָגט יעדן

פרימאָרגן עטלעכע קאַפּיטלעך תּהילים. ער האָט גערעדט מיט מענטשן האָט ער געשאָטן מיט גאַנצע פּסוקים פון תּהילים. תּמיד האָט זיך דער פּסוק אַריינגעפּאַסט אין זיין געשפּרעך, אויב נישט אינגאַנצן, איז כאָטש מיט איין וואָרט, אָדער מיט אַ ווונק פון אַ וואָרט.

פּייוול דער אַלטער, דער זקן פון שטעטל, וואָס האָט שוין זייער שוואַך געזען מיט זיינע אויגן, אָבער זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן אָנ־צוטון בּרילן. ער איז געבּוירן געוואָרן אין שטעטל, זיין זון איז שוין אויך באַלד אַ זקן און איז דער „סטאַראָסטאַ״ אין שטעטל. אָבער פּייוול איז נישט שטאָלץ דערמיט. וואָס זיין זון איז „סטאַראָסטאַ״. ער ווייסט, אַז דאָס, וואָס ער אַליין איז דער איינציקער זקן אין שטעטל, איז אַ סך מער ווערט. ער געדענקט אַזוינע זאַכן אַ שטייגער ווי די צייט ווען אין שטעטל זענען געווען צען מיט אַ האַלב הייזער. און דעמאָלט האָט דער פּריץ פון שטעטל געשיקט רופן אים און די איבעריקע און זיי געוואָלט שענקען ערד אומזיסט. האָבן די יידן דאָס דערהערט, האָבן זיי זיך שטאַרק דער־שראָקן און אָנגעהויבן צו וויינען פאַר אים, אַז זיי ווילן נישט קיין ערד. דער פּריץ האָט געלאַכט און זיי האָבן געוויינט. פּייוול דער אַלטער גע־דענקט דאָס אַזוי ווי היינט.

און אַז ר׳ אַרקע האָט צונויפגעלייגט זיין טלית נאָכן דאַווענען און אָנגעהויבן צו פאַרציען אַ שמועס מכּוח דעם, וואָס עס איז נאָך נישט גע־הערט געוואָרן אַזאַ רציחה אין דער וועלט; וואָס מען לאָזט יידן זאָלן זיך אַליין פאַרשרייבן אויף פרייע ערד, ערגעץ ווייט, — האָט פּייוול דער אַלטער געזאָגט מיט זיין הייזעריקן שטייגער פון רעדן, אַז זיי זאָלן אַלע גיין אין דער ערד אַריין...

פאַרבייגייענדיק, זאָלן מיר וויסן דאָס, וואָס אַלע אין שטעטל ווייסן, אַז ר׳ אַרקע איז אַ ייד אַ חסיד, האָט אַ „שטאָט״ אין דער — שטעפּאַ־נעשטער קלויז, נאָר דורך עפּעס אַ קריג מיט די חסידים, איז ער פון יענער קלויז אַוועק און דאַוונט אין דער באַלעבאַטישער שול. דאָ פילט ער זיך, ווי אַ קלוגער צווישן נאַראָנים: וואָס ער זאָגט, דאַכט זיך אים, איז קלוג ווי דער טאָג. זיין גרויסע, רוימע נאָז שטראַלט פון קלוגשאַפט. און בשעת ער רעדט פון עפּעס, לאָזט ער קיינעם זיך נישט אַריינמישן, שרייט אַריבער איטלעכן. און אויב עמעצער גליקט אָפּ צו זאָגן אַ וואָרט האָט ר׳ אַרקע אַ טבע צו טון אַזאַ מין לאַך, וואָס מעקט יענעם אָפּ אי

פון דער וועלט, אי פון יענער וועלט. ער איז יענעם נישט מבייש, נאָר גלאַט אַזוי גוטמוטיק גיט ער יענעם אַ שטופּ אַוועק.

ר׳ אַרקע האָט געהאַט אין שטעטל נאָך צוויי ברידער. ביידע זענען געווען באַלמעלאָכעס. זייער שטיקל ברויט האָבן זיי פאַרדינט מיט דעם שווייס פון זייערע הענט. אַלע דריי ברידער זענען געווען היכע געזונטע יידן. זייער פאָטער האָט אַלע דריי געלערנט אַ מלאכה. אָבער אַרקע האָט נישט געוואָלט זיך אויסלערנען די מלאכה. איז ער געבליבן אַ לערנער און אַ לופט-מענטש. זייער פאָטער איז געווען פון די ערשטע טאַטעס אין שטעטל. אַרקע, פונקט פאַרקערט פון זיינע אַנדערע צוויי ברידער, האָט זיך געמישט אין שטעטל, געשטעלט זיין שטאַרקייט אויף זיך אַליין און אויך אויף דעם כוח פון זיינע ברידער. איצט אָבער, האָבן זיך זיינע צוויי ברידער אויך פאַרשרייבן אויף פריי לאַנד.

ר׳ אַרקע האָט דערפאַר איצט געברענט מיט פייער. און ער איז געווען דער ערשטער צו געבן מוט בנציון שוחט, אַז ער זאָל אַרויסנעמען די אַלטע חלפים, נישט פרעגן בא קיינעם קיין שאלות, און גיין אין שעכט-הויז קוילן.

דער אַלטער פּייוול האָט געפּרוּווט אַרקען שטראָפן, אַז מען טאָר נישט גיין קייגן דעם רב, אַז בנציון שוחט איז אַ פּראָצענטניק און האָט שטובן אין וועלכע עס וווינען אָרעמעלייט און אַז די אָרעמעלייט קענען נישט צאָלן קיין דירה-געלט, וואַרפט זיי בנציון אַרויס אין גאַס. דערפאַר טאָר בנציון נישט זיין קיין שוחט.

ר׳ אַרקע האָט דערפון געלאַכט. אמת טאַקע, ער איז אַליין אויך אַן אָרעמאַן, אמת טאַקע, אַז ער צאָלט אַליין פּראָצענט און וואָכן-געלט, אָבער קיינער איז אין דעם נישט שולדיק, מן הסתם וויל אַזוי דער אייבערשטער. און וואָס איז שייך בנציון שוחט איז ער אַ פרומער ייד. גאָט האָט אים געגעבן הצלחה און ער האָט געלט. קומט אַ ייד אַן אָרעמאַן און וויינט פאַר אים, אַז ער זאָל אים לייען געלט, וואָס זשע זאָל טון בנציון, איך פרעג אייך, ר׳ פּייוול, וואָס זאָל טון בנציון? נישט לייען? האַ, איר זאָגט יאָ לייען. איז דאָך גוט. דער אָרעמאַן קען אָבער נישט באַצאָלן מיט איינמאָל, לאָזט אים בנציון דאָס געלט אויף אָפּצאָלעכטס. איר זאָגט, פּראָצענט? ניין, וואָס האָט איר געוואָלט, ר׳ פּייוול, מען זאָל אים אָפּשלאָגן די טיר פאַר אומזיסט? ווער מעגנס משרת, למשל, וועלן מיר זאָגן,

איז בנציון, צו פֿאַרשרייבן און אויסצומעקן. און גלאַט, וואָס געהער זיך דאָס אָן מיט שוחטות. אויף צו זיין אַ שוחט, לערנט מען. און אַז בנציון קען לערנען, ווייסן דאָך אַלע. יענער זיצט יומם ו ילה און לערנט. אין קייגן דעם רב אונזערן מעג ער גיין, ווייל ערשטנס זאָל זיך אייך דאַכטן, אַז ער איז שוין אָוועקגעפֿאָרן, דער רב אונזערער, דאָרט קיין אַמעריקע. ער האָט זיך פֿאַרשריבן, און צווייטנס, האָט איר שוין געהערט אַזאַ זאַך, אַז אַ רב זאָל אַליין האָבן אייגענע ערד? איאַ, איר האָט נישט געהערט? איך אויך נישט. איז אויב אַ רב קען איינפֿאַלן אַזאַ מחשבה זרה, איז ער שוין באַ מיר על פּי דין אויס רב. איאַ, איר שווייגט. בין איך דאָך גערעכט, איך מיין, אַז עס איז געווען אַ חוב אויף מיר צו טון אַזאַ זאַך.

— מדחה זיין פֿון פּרנסה, — האָט אַריינגעוואָרפֿן אַזוי ווי פֿון דער זייט, לייב שוסטער, — ווי שטייט דאָרט אין תהלים...

— עוקר מן השורש זיין! — האָט אַרקע זיך צעשריגן אויף אַ קול.

## 11.

דער שמש האָט אויסגערופן איבער אַלע גאַסן פון שטעטל, אַז דער רב לאָזט וויסן אַלע יידן, אַז פון היינט אָן איז דאָס פלייש פון בנציון שוחטס שחיטה טרפה און מען טאָר עס נישט אַרויפנעמען אויף אַ יידישן טיש. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מחלוקה. און באַלד איז דאָס שטעטל צעטיילט געוואָרן אין צוויי טיילן. איין טייל, גאָר א קליינער, האָט געהאַלטן מיט בנציון שוחט. נישט געפאָלגט דעם רב און געקויפט פלייש באַ די קצבים, אפילו באַהאַלטערנערהייט, אָבער דאָך געקויפט.

דער אַנדערער טייל פון שטעטל, דער גרעסערער, האָט נישט געקויפט קיין פלייש, געווען שטאָל און אייזן אויף דער זייט פון אברהם שוחט און דעם רב.

עס איז אַוועקגעגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ברידער און שוועסטער האָבן אויפגעהערט קומען איינער צום אַנדערן אין געסט, שכנים האָבן זיך אויפגעהערט צו זאָגן גוט-מאָרגן און האָבן נישט געוואָלט אַנטלייען איינער באַ דעם אַנדערן קיין כלים, אַזוי ווי עס איז די מאָדע געווען פריער.

עס איז געווען די צייט פון חתונות. האָט געטראָפן, אַז איין מחותן איז געווען אַ בנציוניסט און דער אַנדערער מחותן איז געווען אַן אברהמיסט, דערפון איז שוין במילא אַרויסגעקומען, אַז דער חתן פון בנציונס צד האָט נישט געקענט חתונה האָבן מיט אַ כלה, וואָס איר פאָטער

און איר מוטער זענען און זי אַליין איז מסתּמא אויך אַן אברהמיס־טעכע.

און אויב עס האָט שוין, לאָמיר זאָגן, געטראָפן, אַז אי דער חתן און אויך די כּלה זענען געווען פֿון איין צד, איז אָבער געווען זייער שווער חתונה צו מאַכן אַ קינד אין שטעטל, מחמת אַ סך טעמים.

עס איז געווען זייער שווער צונויפצושטעלן אַ קאַפּעליע מוזיקאַנטן. די אַלטע קאַפּעליע, וועלכע האָט געשפּילט אויף אַלע חתונות איז צע־בראָכן געוואָרן, ווייל דער פידלער איז געווען אַן אברהמיסט און דער מיטן באַט האָט אין דער שטיל געגעסן פליייש פון בנציונס שחיטה. און דער, וואָס האָט געשפּילט מיט די טאַצן, האָט זיך געווערטלט און געלאַכט, אַז ער ווייסט נישט, וועלכע פון זיינע טאַצן איז אויף אברהם שוחטס זייט און וועלכע נישט.

הייסט עס, אַז עס איז נישטאָ קיין קאַפּעליע מוזיקאַנטן. און אָן קלעזמער וועט קיינער נישט האָבן קיין חשק חתונה צו האָבן.

און וואָלט שוין געווען קלעזמער איז דאָ אַן אַנדערע צרה. לאָ־מיר זאָגן, אַז ביידע מחותּנים זענען פון בנציון שוחטס צד. פליייש איז דאָ. ווייל דאָס רוב קצבים האָבן זיך נישט פאַרשריבן אויף דער פרייער ערד דערפאַר, וואָס מען דאַרף דאָרטן נישט קיין קצבים און דערפאַר זענען זיי געווען אויף בנציונס זייט, הייסט עס, אַז פליייש איז פאַרהאַן.

ווער זשע עסט דאָס פליייש? אַז מען מאַכט חתונה אַ קינד, קען מען זיך נישט באַהאַלטן, קלעזמער שפּילן. מען מוז רופן דאָס גאַנצע שטעטל. דעם רב אויך. וועט מען דאָך שוין קיין פליייש נישט קענען עסן. ווייל מען קען דאָך נישט דערלאַנגען איין טייל מחותּנים פליייש און דעם אַנ־דערן טייל מחותּנים גאָרנישט.

אַז עס איז נישטאָ קיין קלעזמער און נישט קיין פליייש. און דער גרעסטער טייל פון די מחותּנים אין שטעטל זענען צעטיילט, דער שרייט בנציון און דער שרייט אברהם, — ווי זשע האָבן געקענט מעגלעך זיין חתונות?

דאָס איז אַלץ געוועדט געוואָרן פון חתונות. וויל מען, האָט מען חתונה און וויל מען נישט, האָט מען נישט חתונה. אָבער צום ביישפּיל,

אַז אַ יידישע טאָכטער האָט געבוירן אַ בן זכר און מען האָט באַדאַרפט מל זיין דאָס קינד, האָט זיך דאָס אָפּגעטון. נישט איין מאַמע האָט זיך פאַרשאָלטן און מורא געהאַט אין אַזאַ צייט איבערצוגעבן איר קינד אין די הענט פון מוהל. טאָמער ציטערן זיינע הענט פון מורא, טאָמער איז אין אַזאַ צייט שולט דער שטן. עס קאָן חלילה זיך אויסלאָזן דער צאָרן פון שטן צום קליינעם קינד.

די חדר־קינדער פון שטעטל האָבן זיך אויך אַריינגעמישט אין דער מחלוקה. ערשטנס האָבן אַ סך קינדער אויפגעהערט צו גיין אין חדר. למשל, הירש־בער, דער ליטוואַק, האָט זיך נישט פאַרשריבן אויף פרייע ערד, גאָר מחמת זיינע אייגענע טעמים, און אויב ער האָט דאָס געטון, איז ער דאָך קייגן דעם רב, און אויב ער איז קייגן דעם רב, איז ער דאָך במילא שוין אויף בנציון שוחטס זייט.

האָבן זיינע באַלעבאַטים אָפּגענומען פון אים זייערע קינדער. ווייל עס האָט געטראָפן, אַז אַלע זיינע באַלעבאַטים זענען געווען אויף אברהם שוחטס זייט. גייט אַרום הירש־בער אָן אַ קבעלונג, הונגערט צו ביסלעך, איז שטאָלץ און וויל זיך נישט אונטערוואַרפן. און זיינע תלמידים גייען אַרום איבער דער גאַס פוסט און פּאַס, שלאָגן חזירים מיט שטעקנס, לויפן און שפּרינגען נאָך די ציגן, און שרייען אויף קולות, אַז בנציון שוחט איז געגאַנגען איבער דער גאַס, האָט ער געזעען, ווי אַ חזיר איז געלאָפן, האָט ער אַרויסגענומען אַ חלף און מיט אים געקוילעט דעם חזיר און די קצבים פאַרקויפן דאָסדאָזיקע פלייש, בע־ע־ע...

באַ אַן אַנדערן מלמד האָט געטראָפן, אַז די באַלעבאַטים זיינע זע־נען געווען צעטיילט אין ביידע צדדים. איז דאָך נישט אָנגעשטאַנען די יידן פון אברהם שוחטס צד, אַז זייערע קינדער זאָלן לערנען אין איין חדר מיט די קינדער פון די יידן פון בנציון שוחטס צד. האָבן ביידע צדדים אָפּגענומען זייערע קינדער פון דעם מלמד. דער ייד אַליין איז נישט געווען אויף קיינעמס צד, אַ שטילער, אָרעמער ייד, וועמען מען האָט גערופן יאָסל לאָקש אפילו אין די אויגן. מען האָט אים אַ שטייגער גע־קענט אַזוי זאָגן: ר׳ יאָסל לאָקש, זייט אַזוי גוט און בראָקט אַריין מיין בחור אַ צוויי־דריי לאָקשן אין זיין „וויהייסטמענעס״, וואָס זשאַלעוועט איר לאָקשן... אָט דער אָרעמער ייד האָט באַדאַרפט אויסשטיין געבראָטענע ליידן פון

זיינע תלמידים, די בעסאַראַביער קינדער; חוץ דעם האָט ער געהאַט אַ שלעכט ווייב. נאָר אַזוי ווי עס איז נישט אונזער ענין, וועלן מיר נאָר דערציילן, אַז יאָסל לאָקש האָט נישט געוווסט צו וועמען פריער ער זאָל גיין און בעטן, אַז מען זאָל אים צוריקשיקן די קינדער אין חדר. ווייל צו וועמען ער איז נישט געקומען, האָט מען אים אַלץ אָפּגעזאָגט און געהייסן וואַרטן ביז די מחלוקה וועט אַריבער.

די קינדער האָבן זיך געפרייט. זיי זענען געווען פריי, ווי די פייגל. אַרומגעלאָפן אין די גאַסן מיט געשרייען. זיי האָבן זיך געפירט, פּונקט אַזוי ווי זייערע עלטערן, געשפּילט זיך נאָר מיט די קינדער וועמענס עלטערן זענען געווען פון דעם אייגענעם צד, צו וועלכן זייערע עלטערן האָבן זיך גערעכנט.

קינדער פון בנציון שוחטס צד האָבן געפירט מלחמות מיט די קינדער פון אברהם שוחטס צד. די מלחמות האָט מען געפירט מיט שטעקנס און מיט שטיינער, מען האָט זיך צונויפגעזאַמלט אין איין גאַס, געמאַכט אַ קיסר. דער קיסר איז געגאַנגען פריער און אַלע זיינע סאָלדאַטן נאָך אים. אַזוי איז דער קיסר מיט זיינע סאָלדאַטן באַפאַלן אַן אַנדערע גאַס אַמאָל גאָר אומדערוואַרט און פּלוצלינג, געכאַפּט אַ פּאָר יינגלעך פון אַנדערן צד, זיי גוט אָנגעבראָכן די ביינער, צעריסן זייערע היטלעך און אַנטלאָפן.

בּאַ די קינדער פון אברהם שוחטס צד איז געווען אַ מאָדע, אַז ווי־באַלד עס איז אין דרויסן געווען כמאַרנע און עס האָט גערעגנט האָבן זיי דאָך נישט געקענט אַרויס אין דרויסן זיך שפּילן און דערפאַר אַ נאָמען געגעבן די כמאַרנע רעגנדיקע טעג, בנציון שוחטס טעג. איז אָבער געווען שיין און זוניק אין דרויסן, אָדער אויב עס האָט געשנייעט, האָבן די קינדער דידאָזיקע טעג אַ נאָמען געגעבן אברהם שוחטס טעג.

פאַרשטענדלעך, אַז די קינדער פון בנציון שוחטס צד האָבן אויך געטון דאָס אייגענע. אויב עס האָט גערעגנט אין דרויסן, האָבן זיי געשריגן, אַז דער טאָג איז אַזוי ווי אברהם שוחט. און פאַרקערט, ווען עס איז געווען שיין און די זון האָט געשיינט, האָבן די קינדער געזונגען און געטאַנצט, אַז דער טאָג איז אַזוי שיין, ווי בנציון שוחטס מזל.

די מחלוקה האָט געשוועבט איבער דעם גאַנצן שטעטל, זיך אַריינ־געמישט אין אַלע פאַרבאָרגענע ווינקעלעך צווישן חתנים און כלות, מאַן און ווייב, איין שכן און דעם אַנדערן; צווישן קינדער, דינסטן און זייערע באַלעבאָסטעס, מלמדים און תלמידים, דעם סוחר און דעם מעק־לער.

אין שפיץ פון דער מחלוקה זענען געשטאַנען פון איין זייט ישראל גאָלדשטיין, וועלכער האָט געהאַלטן מיט אברהם שוחט און אַקייגן אים איז געשטאַנען ר' אַרקע און זיך אָנגעהאַלטן אָן זיין שוחט בנציון.

ביידע קריגער, אי ישראל גאָלדשטיין, אי ר' אַרקע, האָבן קיין סך נישט גערעדט איינער וועגן אַנדערן, נאָר אונטער פאַרשטעלטע וועגן געגאַנגען איינער אויף דעם אַנדערן. ווי, צום ביישפיל, אַז ישראל גאָלדשטיין האָט אויפגעהערט צו האַנדלען מיט די סוחרים, האָט ר' אַרקע אים אויף צולהכעיס יאָ געהאַנדלט מיט די סוחרים פון שטעטל.

און דאָס שטעטל האָט זיך געפירט, פון אויבנאויף, אַזוי ווי תמיד. יאַרידן זענען געווען אין דער צייט, קרעמער האָבן פאַרקויפט, סוחרים האָבן געהאַנדלט. טיפער אין דעם לעבן פון שטעטל האָט זיך אָבער געפילט די מחלוקה.

דער ווינטער האָט שוין געהאַלטן באַ זיינע לעצטע טעג.

באַנאַכט זענען צוגעפאַלן פרעסט און אויף מאָרגן, אַז די זון האָט געשיינט, איז שוין געווען גאַנץ וואַרעם.

דערפון האָט זיך דאָס גאַנצע שטעטל געטרונקען אין אַ בלאָטע אַ טיפע. די ערד פון בעסאַראַביע איז אַ שוואַרצע און אַ קלעפיקע ווי קלעי. די בלאָטע האָט אַ שוואַרצע געגלאַנצט קייגן דער זון, איבער דער ברייט פון די גאַסן האָט מען שטעגן אין דער בלאָטע געשניטן. האָט עמעצער אַ טעות געהאַט און זיין פוס אין דער בלאָטע אַריינגעשטעקט, איז שוין דאָרט אין דער בלאָטע זיין שטיוול געבליבן שטעקן אַ צוגעקלעבטער און אויב ער איז אַרויס, איז ער אַרויסגעקראָכן מיט דעם זאָק פון שטיוול.

באַנאַכט האָט דער פראָסט פאַרקילט און איבערגעצויגן די בלאָטע מיט אַ הייטל פון אייז. פון די בערג, וווּ עס איז געלעגן דער גאַנצער

גאַנג שניי פון דעם גאַנץ לאַנגן ווינטער, זענען וואַסערן געלאָפן אין די טאָלן אַריין. פון די טאָלן איז דאָס וואַסער געלאָפן אין טייך אַריין. פון דעם טייך האָט זיך דאָס וואַסער געריסן און געשלאָגן אַריבער דער ערדענער בריק. דאָס וואַסער האָט געפירט מיט דער בריק אַ מחלוקה. דאָ און דאָרט פון דער ערדענער בריק אָפּגעביסן שטיקער. האָט מען געעפנט די דאמבעס און דאָס וואַסער לויפט מיט אַ געוואַלט דורך די אָפענע דאמבעס, נאַכט בײַ נאַכט, לויפט צוריק אין די טאָלן.

די בּאַנאַכטיקע פרעסט ציען אַרויס די פייכטקייט פון די בלאָטעס. דערפון ווערט די בלאָטע געדיכטער, הייבט זיך אָן ברעכן, אַזוי ווי דאַר ברויט. עס ווערט אויסגעקלאַפּט אַ גוטער, גלאַטער וועג. בײַ די זייטן פון וועג ליגט די בלאָטע שוין אַ טרוקענע, אַ צעבראָכענע אין שטיקער. דאָס איבערבלייבעכץ פון שניי זאַפּט זיך איין אין דער ערד אַריין. דאָס גראָז וואַרפט זיך אין גרינעם. בּאַרג און טאָל קייקלען זיך אַקייגן דער וואַרעמער זון. אַ פּאַרע קומט אַרויס פון דער ערד, און קראָען פליען אַרום נידעריק בײַ דער ערד און זענען משוגע פון פרייד.

עס גייען אַוועק דריי טעג און עס בלאָזן ווינטן: ווער הערט אָבער די ווינטן, ווען זיי בלאָזן מיט אַ וואַרעמען פרילינג אין פּנים אַריין. עס גייען אַוועק די דריי ווינטיקע טעג און עס קומען אַנדערע דריי טעג שיינע, ליכטיקע. אַזעלכע גרויסע טעג. און זיי ווילן גאָרנישט אַוועקגיין.

די ערד טריקנט זיך אויס צו ביסלעך, וואַרעמט זיך אָן. ווו עס איז געוואַקסן גראָז אַלע מאָל, וואַקסט גראָז דאָס מאָל אויך. שאָף גייען אַרום איבער די פעלדער און בייסן די ווייכע נידעריקע גראָזן און קלינגען מיט די גלעקער אויף זייערע העלזער. בלאָזט אַ ווינט, זענען די שאָף זייער ציטעריקע און זאַמלען זיך צונויף איינע לעבן דער אַנדערער, וואַרעמען זיך מיט זייער אייגענעם אָטעם און מיט זייער וואָל. און אויב עס איז שיין, זענען די שאָף צעשפּרייט און אויסגעשאָטן ווייט איינע פון דער אַנדערער.

גאַנצע טשערעדעס מיט שאָף זענען צעוואָרפן איבער די פעלדער פון דער בעסאַראַביע. עס זענען פאַרהאַן טשערעדעס דאָרפישע און אַזעל־

כע. וואָס איינציקע פערזאָנען פאַרמאָגן. יעדע טשערעדע שאָף האָט איר טשאַבאַן (פּאַסטוך) און אַמאָל האָט אַ גרויסע טשערעדע שאָף צוויי אָדער דריי טשאַבאַנעס, יעדער טשאַבאַן איז אַ קינד פון די בעסאַראַביער פעלדער. דער טשאַבאַן האָט איין היים און דאָס איז דאָס פעלד. זיינע ברידער און שוועסטער זענען די הינט זיינע. הינט מיט שווערע פאַרוואַקסענע האָר און זייערע ווידלען מיט אָנגעקלעבטער בעסאַראַביער בלאָטע. אַז דער טשאַבאַן טוט אַ קוק צו זיין הונט, ווייסט שוין יענער אין דעם קוק, וואָס מען באַדאַרף טון. מען דאַרף צולויפן נאָך אַ פאַרבלאָנדזשעטער שאָף, אָדער פאַרקערט, אַז ער זאָל זיך אַוועקלייגן און צורולאָזן די טשערעדע.

חוץ די הינט האָט דער טשאַבאַן אַ טאָרבע, אין וועלכער ער טראָגט מיט זיך עסן אויף אַ גאַנצן טאָג, און אין דער טאָרבע טראָגט ער אויך זיין פייפל, אויף וועלכן ער שפּילט אַמאָל, אַז עס נעמט אים אַרום אַזאַ געפיל, וואָס ציט אים אַרויס דעם זאַפט פון זיינע ביינער.

פון גאַנץ פרי ביז באַנאַכט איז דער טשאַבאַן מיט זיינע שאָף אין פעלד. פאַרנאַכט טוט ער אַ וווּנק צו זיינע הינט. ווערן די הינט נערוועז, הייבן אָן צו שפּרינגען און צו יאָגן די שאָף, און מיט פאַרריסענע עקן אויף וועלכע עס הענגען שטיקער בלאָטע, לויפן זיי אויף פריער. די שאָף קלינגען מיט די גלעקער אויף זייערע העלזער און די יינגע לעמלעך מיט די שוואַרצע פעלעכלעך און מיט די דינע פיס, ווי אָפּגעפאַרבטע שטעקעלעך, טאַנצן נאָך מיט זייערע מאַמעס.

דער טשאַבאַן גייט פון הינטן. אויף איין אַקסל זיין טאָרבע, זיין היטל פאַררוקט אויף אַ זייט. די מאַנטאַ (מאַנטל) אַריבערגעוואָרפן איבער זיינע פּלייצעס און מיט אַ לאַנגן שטעקן אין זיין האַנט. ער פייפט פון צייט צו צייט. שרייט אַמאָל אויך מיט בייזקייט. די הינט זיינע קומען אַלע מאָל צוריק צו לויפן, שמעקן צו זיינע פיס, קוקן אין זיינע אויגן, קלוג, און אַנטלויפן ווייטער, ביז מען ברענגט די שאָף אין סטינע אַריין.

די סטינע איז די נאַכט־היים פון די שאָף און אויך פון טשאַבאַן. עס איז אַ גרויס אָרט אַרומגעגרויזעט מיט אַ פּלויט, אויסגעפלאָכטן פון צווייגן. אינעווייניק אַרום די הויכע ווענט פון סטינע זענען געמאַכט שטאַלן

מיט שטרויענע דעכער. דער גאַנצער פּלאַץ אינעווייניק איז אָנגעפּילט מיט שאָפן־מיסט און שטרוי. עס שטייט דאָרט תּמיד אין דער לופט אַ ריח פון שאָף, אַ פעטער, זיסלעכער ריח.

אין דער מיט פון דעם פּלאַץ איז געמאַכט אַ וואַנט פון געפלאָכ־טענע צווייגן. אין דער וואַנט איז דאָ אַ שמאָל טירל. דורך דעם טירל טרייבט מען דורך די שאָף. איינער פון די טשאַבאַנעס זיצט פון איין זייט טיר און כאַפּט יעדע שאָף, ווען זי גייט דורך דאָס טירל באַ אַ פוס, מעלקט זי אויס און לאָזט זי נאָכדעם אָפּ. (דאָס אייגענע ווערט געטון, ווען מען שערט פון די שאָף די וואָל.) די וואָל פון יעדער שאָף ווערט איינגעקייקלט אין אַ בינטל און פאַרקויפט אויף דעם מאַרק. נישט אַזוי אָבער איז מיט דער מילך.

די מילך זאַמלט מען אָן אין גרויסע פעסער, זויערט זיך איין צו־ליב דעם, וואָס מען לייגט אַריין אין איר אַ שטיקל טיאַג (אַזאַ זויער שטיקל קעז, וואָס מען נעמט אַרויס פון די געדערים פון אַ יינג איין־טאָגיק־לעמעלע). דאָס אַלץ ווערט געטון פון דעם טשאַבאַן. דערפאַר האָבן די טשאַבאַנעס אַזעלכע גראָבע, פאַרשמאָלצענע העמט און אויך זייערע קליידער ווערן מיט דער צייט אָנגעזאַפּט מיט פעטקייט און מען קאָן אַ טשאַבאַן דערשמעקן פון אַ מייל ווייט.

דאָס איז אַלץ גערעדט געוואָרן פון אַ טשערעדע שאָף, וואָס איין מענטש פאַרמאָגט. עס זענען אָבער דאָ דאָרפישע טשערעדעס אין דער בעסאַראַביע. יענע האַלטן אויך אַ טשאַבאַן, אָבער באַנאַכט ברענגט דער טשאַבאַן די שאָף אין דאָרף אַריין און יעדער באַלעבאָס נעמט זיך אָפּ זיין ביסל שאָף. דער באַלעבאָס מעלקט זיינע שאָף אַליין, שערט די וואָל פון די שאָף אַליין און מיט די קליינע לעמער טוט ער, וואָס ער וויל. וויל ער, האַלט ער זיי ביז זיי וואַקסן אויס, וויל ער נישט, פאַרקויפט ער זיי קליי־נערהייט צו די קצבים.

די קצבים קוילן די לעמער, ציען אַראָפּ די שוואַרצע קאַראַ־קולענע פעל און טוען מסחר, אי מיט דעם פלייש און אי מיט דער פעל.

בעסאַראַביער יידן עסן געבראָטן לעמער־פלייש מיט מאַמאַליגע. דאָס לעמל ווערט פון קצב צעטיילט אין צוויי חלקים. איין חלק, דער וואָס מיטן קאָפּ, ווערט פאַרקויפט צו די יידן, און דאָס אַנדערע חלק,

וואָס מען רופט אין דער בעסאַראַביע, דער פּריידיק, ווערט פאַרקויפט צו די מאָלדאַוואַנעס. דאָס פעלעכל פון לעמל, אַז מען שינדט עס נאָר אָפּ, ציט מען אויס אויף דער ערד קייגן דער זון, מען קלאַפּט עס אַרום מיט הילצערנע פלעקער, און אַזוי טריקנט זיך דאָס פעלעכל אויס און עס ווערט אַ מאַרק־פּראָדוקט. אויב עס איז אַ געוויינלעך פעלעכל, האָט עס זיין ווערט אויפן מאַרק, אויב אָבער עס איז אַן אויסערגעוויינלעך פעלעכל, דאָס הייסט, אויב די האָר פון דעם פעלעכל זענען אויסגעקייקלטע און ליגן אין קרומע און כוואַליעדיקע ליניען, דעמאָלט האָט דאָס פעלעכל אַ סך מער ווערט.

דאָס שטעטל האָט אָבער היינטיקן פרילינג כמעט אויפגעהערט צו האַנדלען מיט לעמער. די מחלוקה האָט געבראַכט דערצו, אַז יידן האָבן אויפגעהערט צו עסן פלייש. דערפון האָט זיך גענומען, אַז דער מאָלדאַוואַן האָט נישט געוואָלט פאַרקויפן זיינע לעמער נאָר צוליב דער פעל אַליין.

חוץ דעם איז דער מסחר מיט דער פעל אַ סך געפאַלן, ווייל אַ סך סוחרים האָבן מורא געהאַט אַריינצוגיין אין דידאָזיקע וויטע מסחרים. פעל האָט מען באַדאַרפט קענען האַלטן אַ גאַנצן זומער און אַקייגן ווינטער זיי פאַרקויפן מיט די גוטע פּרייזן.

הייסט עס, פלייש האָבן די יידן נישט געגעסן, פעל האָבן זיי נישט געקויפט. דערפאַר האָבן די מאָלדאַוואַנעס איבערגעלאָזט דעם גאַנצן גאַנג פון פרילינג לעמער אויף די פעלדער, אַז פון זיי זאָל אויסוואַקסן שאָף.

אָדער אויב זיי האָבן געוואָלט, זענען זיי געפאָרן אין אַנדערע שטעטלעך, ווייל אין די אַנדערע שטעטלעך האָבן די יידן נישט געפירט קיין מחלוקה (באַטאַליע, ווי דער מאָלדאַוואַן האָט עס גערופן).

פאַרשטענדלעך, אַז אויב דער מאָלדאַוואַן איז איינמאָל און אַ צווייט מאָל געפאָרן אין אַן אַנדער שטעטל, האָט ער זיך שוין צוגעוויינט צו יענעם אַנדערן שטעטל. אַ ביסל און אַ ביסל ביז די יאַרידים זענען געוואָרן קלענער דאָ אין שטעטל.

דערפון האָט זיך גענומען, וואָס עס איז געוואָרן אין שטעטל אַן ענגעניש אין געלט. קרעמער האָבן ווייניק פאַרקויפט, האָבן זיי נישט גע־

קענט צאָלן זייערע וועקסלען אין דער צייט. דערפאַר האָבן די מענטשן, וואָס לייען געלט, נישט געקענט מער לייען. ערשטנס, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט צו לייען געלט. עס האָבן אויפגעהערט פאַר זיי צו זיין אַזעלכע מענטשן, וועמען מען קאָן געטרויען געלט. צווייטנס, האָבן זיי נישט געהאַט גענוג געלט, אויב זיי וואָלטן שוין יאָ געוועזן גוט און וויל, ווייל אַלע האָבן איצט, אָן אויסנאַם, נאָר געוואָלט אַנטלייען געלט.

און אַז דער קרעמער האָט נישט קיין געלט מיט וואָס זיך אַ דריי צו טון, איז ער שיער נישט דערוואָרגן געוואָרן.

שוין אָפּגעשמועסט דערפון, אַז מען האָט זיך נישט געקאָנט פאַרגינען אַזאַ לוקסוס, ווי אַ פּאָר שיך, אָדער אַ גאַרניטור באַם שניידער, אָדער פאַרריכטן דאָס הויז. דער שניידער, שוסטער און סטאָליער האָבן אָוועקגעלייגט זייערע מלאכות.

דאָס האָט זיך, צוריקקוועגס, אָנגעקלאַפּט אָן דעם קרעמערס טישקעסטל. מען האָט נישט פאַרקויפט: דער לעדערוואַרגער זיין לעדער, דער שניט־קרעמער זיין געוואַנט, דער סקלאַד פון ברעטער זיינע ברעטער און שינדלען.

קרעמער, וואָס זענען אַלע מאָל געווען צעקריגט איינער מיטן אַנדערן; נישט פאַרגינען, טאָמער האָט יענער איינגעלייזט מער מיט עטלעכע גראָשן, געקוקט מיט אַ קרום אויג צו יענעם אין קראָם אַריין, טאָמער איז די קראָם איבערפולט געווען מיט סחורה און אויך קיינמאָל נישט פאַרפעלט צו דערזען אויב אין יענעמס קראָם זענען די ראַפּטן עפּעס אַ ביסל ליידיק געוואָרן; קרעמער, איינער לעבן דעם אַנדערן, גאַנצע שורות מיט קראָמען, דאַך מיט דאַך געשלאָסן, אָבער דאָך ווייטע און פרעמדע, קיינמאָל נישט גערעדט איינער מיטן אַנדערן, חוץ דאָס מאָל, ווען מען האָט זיך געווערטלט, אָדער ווען מען האָט זיך געפּאַטשט — אָט דידאָזיקע קרעמער, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין צייט צו טראַכטן פון דעם, אַז עס איז דאָ עפּעס אַזוינס חוץ זייערע קראָמען, אַז זיי זענען אַ טייל פון דער געזעלשאַפט פון זייער שטעטל — אָט דידאָזיקע קרעמער האָבן איצט, אין אַזאַ שלעכטער צייט, נישט נאָר געזיפצט און געקרעכצט פאַר זיך אַליין, און זענען נישט געווען צופרידן מיט דעם. וואָס זיי האָבן שטילערהייט איבערגעשמועסט מיט זייערע ווייבער, אַז עס שטייט

שמאָל, נאָר זיי האָבן פאַרגעסן איז זייער שנאה צו דעם אַנ־דערן, אָפּן זיך אויסדערציילט דאָס האַרץ איינער פאַר דעם אַנ־דערן.

עס וואָלט געוועזן קאָמיש, ווען עס איז נישט, ווי עס איז, אַזוי טרויעריק, אַז פונקט אין אַזאַ צייט, ווען אין שטעטל שאַרפט מען די מע־סערס איינער קייגן אַנדערן, זענען די קרעמער געוואָרן צווישן זיך גוטע פריינד.

— טשוועקעס האָט זיך מיר געוואָלט! — זאָגט איינער פון די קרעמער, וועלכע שטייען כמעט אַלע באַ די אָפענע טירן פון זייערע קראָ־מען און פירן זייער אינטים געשפרעך, נישט האָבנדיק עפּעס אַנדערש צו טון.

— איך וועל אייך אַוועקגעבן אומזיסט מיינע טשוועקעס אויך, — זאָגט אַן אַנדעדער.

— מיין אייזן איז שוין פאַרזשאַווערט, — קלאָגט זיך איי־נער.

— און וואָס הערט זיך עפּעס מכּוח מיין אייזן, קומט אַריין, וועט איר זעען, עס איז אויך פאַרזשאַווערט — זאָגט אַן אַנדערער און דער־פאַר, ווייל זיין קראָם איז העט ווייט אין עק פון גאַס, שרייט ער זיינע ווערטער אויף אַ קול און באַגלייט זיינע ווערטער מיט אַ טרוקן באַסאָווע געלעכטער:

— עס האָט אויפגעהערט צו „גיין" אייזן, ווער באַדאַרף איצט אייזן — האָט אַן אַנדערער זיך געוויצלט — עס קאָן אָבער זיין, אַז אייזן וועט אָנהייבן צו „גיין".

— פון וואָס איז געדרונגען, אַז אייזן וועט ווערן אַ סחורה?

— גאָרנישט. איך רעכן, אַז אַזוי ווי עס וועט נישט זיין וואָס צו עסן, — האָט איינער פון די קרעמער זיך אָנגענומען באַ זיין באָרד מיט איין האַנט און זיך געשאָקלט אַהין און אַהער — וועט דאָך נישט זיין וואָס צו עסן, האַ? נו, וועט מען אָנהייבן צו קייען טשוועקעס און אייזן אויך.

דאָס געלעכטער האָט זיך געקייקלט פון איין קראָם צו דער אַנ־דערער.

אָפּגעלאַכט, האָט מען זיך אויסגעריבן די פאַרטרערטע אויגן און

דערזעען, אַז אַ פרוי לויפט און ברעכט זיך די הענט. באַלד נאָך איר זע־
נען געלאָפן נאָך מענטשן.

איבער דער ליידיקער גאַס האָבן זיך אַלע מאָל אַ שיט געטון אַ בינטל מענטשן אין אַלערליי געשטאַלטן. איינער איז געלאָפן מיט איין אַרבל פון זיין ראָק אָנגעטון און דעם אַנדערן ליידיקן אַרבל האָט ער לויפנדיק נישט געקאָנט אָנטון אויף זיין צווייטער האַנט. איין פרוי איז געלאָפן מיט די שפּיזלען און האַלב אויסגעאַרבעטן זאָק אין אירע הענט, דער קנויל באַנוול האָט זיך פון אירע אָרעמס אַרויסגעקייקלט און איבער דער גאַס פאַרלוירן געוואָרן, אַן אַנדערע פערזאָן איז מיט אַ פול מויל קייענדיק זיין ביסן געלאָפן.

וואָהין איז דאָס געלויפעריי? האָט מען איינס דאָס אַנדערע גע־פרעגט... עס ברענט ערגעץ? ניין. וואָס דען? אַ געשלעג! ווער שלאָגט זיך שוין ווידער?

קינדער האָבן געוואַלדעוועט, געוויזן מיט די הענט און גע־לאָפן אַהין, וווּ דאָס געשלעג איז פאָרגעקומען אין דער קצבישער גאַס.

דאָס איז געווען אַ ברייטע גאַס. די בלאָטע איז דאָרט אַלע מאָל געווען טיפער ווי אין אַלע גאַסן, ווייל די קצבישע גאַס איז געלעגן אויסגעשטרעקט אין אַ טאָל. איצט איז שוין דידאָזיקע בלאָטע געווען פאַר־טריקנט און האָט זיך געבראָכן אין גרויסע שטיקער. די זון האָט די בלאָ־טע געבאַקן. עס איז געווען וואַרעם, די הינט פון דער קצבישער גאַס זענען געלעגן באַ די טירן פון קצבישע קראָמען און זיך געוואַרעמט אויף דער זון.

און דאָ גאָר פּלוצלינג אַ געשלעג. האָבן זיך די הינט דערשראָקן און זיך אויפגעכאַפּט פון זייער מיטנטאָגיקן שלאָף. הונגעריק זענען זיי געווען, ווייל שוין לאַנג ווי דידאָזיקע הינט האָבן נישט געהאַט אַזאַ שלעכט שטיקל צייט. ווען דען זענען זייערע געדערים געווען אַזוי ליידיק? זיי האָבן געוואַרט אַ גאַנץ לאַנגן ווינטער, פון קעלט און פראָסט פאַרוואַקסן געוואָרן מיט אַזעלכע לאַנגע האָר. אַז זיי האָבן זיך אַליין נישט דערקענט. זיי האָבן אויסגעזען ווי די וועלף אין די בעסאַראַביער פעלדער. פון קעלט, פראָסט און הונגער האָבן זייערע אויגן באַקומען אַזאַ שאַרפן בליק. זיי האָבן קוים איינגעהאַלטן אין זיך דאָס געפיל, קוקנדיק איינס אויף

דאָס אַנדערע, וואָס האָט זיי שיער נישט צוריק ווילד געמאַכט. נישט איינמאָל האָט זיך זיי געוואָלט, אָט דידאָזיקע קצבישע הינט, אויפהייבן זיך אַלע מיטאַמאָל און ווי די ווילדע וועלף (נישט אַנדערש, אַז זייערע טאַטעס און מאַמעס זענען אויך געווען ווילדע וועלף) זיך אַוועקלאָזן איבער די פאַרשנייעטע פעלדער פון דער בעסאַראַביע.

נאָר אַלע מאָל איז געקומען דער זיסער חלום פון פריילינג און האָט פון ווייטן צו זיי געווונקען און געלויכטן. דער שיינער פריילינג אין דער קצבישער גאַס. זון־שיין און ביינער פון יינגע לעמעלעך. אפילו הינט קאָנען אויך נישט ביישטיין אַקייגן אַזאַ שיינעם פרווו.

דערפאַר האָט זיי גאָט באַשטראָפט. אַ שיינער פריילינג מיט זון־שיין, אָבער וווּ זענען אַהינגעקומען די ווייכע ביינער פון די לעמעלעך?

זענען די הינט אַרומגעגאַנגען אָפּגענאַרטע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ ביז צו דער ערד. האָבן אויסגעזען זייער אָפּגעלאָזט, זיך נישט געפרווט אפילו אָפּלעקן און פאַרגלעטן זייערע פאַרוואַקסענע האָר פון לאַנגן ווינטער. אין די האָר זייערע איז געווען אַריינגעקלעבט די בעסאַראַביער בלאָטע. דערפאַר האָבן אַלע הינט אויסגעזען אַזוי ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט: ברוינע מיט שוואַרצע פלעקן.

די הינט זענען געוואָרן זייער פויל, זיך געוואַלגערט אונטער די פיס. ווער עס איז נאָר עפּעס געווען אין כעס, האָט אויסגעלאָזט צו זיין כעס. די הינט האָבן זיך שוין צוגעוווינט. אַ בריק פון אַ פוס איז שוין באַ זיי געווען אַ קלייניקייט, מיט וועלכער מען קאָן זיך נישט רעכענען. וואָס מער מען האָט זיי געבריקעט מיט די פיס און געטריבן פון די טיר, האָבן די הינט נאָך מער זיך געוואָלט דערנענטערן צו דידאָזיקע טירן.

עס איז די הינט אַן אַנדערשמאָל גאָרנישט איינגעפאַלן אַ חשד, אַז מען וויל זיי פאַרטרייבן פון דער קצבישער גאַס. דאָס וועלן זיי נישט דערלאָזן. אויב פאַרטרייבן זיי פונדאַנען, האָט מען דאָס באַדאַרפט טון אָנהייב ווינטער. נישט לאָזן זיי וואַרטן אַ גאַנצן ווינטער און עס קומט פריילינג, ווען אין דרויסן איז וואַרעם, ווען מען קאָן אַליין אַוועקגיין וווּהין דאָס האַרץ גלוסט, דאַן אַוועקטרייבן. ביין! און זיי האָבן טאַקע נישט

פאַרשטאַנען, אַז אויב מען וועט זיי אַוועקטרייבן, ווו וועלן די קצבים נע־
מען נייע הינט?

די הינט האָבן אויך נישט געוווסט, פאַרוואָס מען שלאָגט זיך איצט.
אַזוי פיל מענטשן זיך אָנגעלאָפן. עס איז אַזאַ געפילדער.

— נעמט צו דאָס מעסער בײַ אים!

— האַק אים אָפּ דעם קאָפּ!

— בינדט אים!

— בראַזג!

— וואָס איז דאָ? איר זעט נישט! ווער האָט אָנגע־
הויבן?

— עס רינט בלוט פון זיין שטערן!

אין דער מיט פון גאַס איז געלעגן אַ בינט מיט מענטשן, מיט די
הענט און פיס געפלאָכטן. אַלע מאָל האָט אַ קאָפּ מיט אַ פּנים געטון זיך
אַ ריס אַרויס פון בינט. דאָס פּנים אויסגעשמירט מיט בלוט און מיט בלאָטע,
די האָר צעשויבערט און פאַרפּלאָנטערט.

פון דער אַנדערער זייט פון דעמדאָזיקן קנויל מיט מענטשן, האָט אַ
האַנט זיך געטון אַ שווערן הייב אויף און אַ פּאַטש געטון אין דעם פּנים
אַריין.

דער בינט מיט מענטשן האָט זיך אויפגעפּלאָנטערט. איינער איז
אַוועקגעלאָפן. עס איז געוואָרן אַ געלויף.

מען האָט געטרעטן אויף קינדער. ווייבער האָבן געוויינט, געפאַלן
אין חלשות. עס האָבן זיך געהערט קולות: וואַסער. קנייפּט בײַ דער נאָז.
קוועטש די שלייפן.

די הינט האָבן אָנגעהויבן צו בילן. איין הונט האָט אויף דריי פיס
ערגעץ געיאָגט און געקוויטשעט. אַן אַנדערער הונט האָט זיך איבערגע־
קייקלט עטלעכע מאָל און זיין קוויטשעריי האָט געשניטן די לופט, נאָכדעם
האָט ער זיך אויפגעהויבן, ווי אַן איבערגעשניטענער אויף צוויי שטיקער
און אַנטלאָפן מיט זיין קאָפּ אויסגעבויגן צו זיין בויך.

בײַ איינער פון די קראָמען, וווהין מאָטי קצב איז אַריין און הינטער
זיך פאַרריגלט די שווערע טיר, זענען געשטאַנען אַ בינטל קצבים און
מיט צעבלוטיקטע הענט געקלאַפּט אין דער טיר. די האָר אויף די קעפּ
פון די מענטשן זענען געווען צעשויבערט און אויף די שטערנס, פּנימער

זענען נעלאָפן דינע ריטשקעלעך בלוט. זיי האָבן גערעוועט מיט הייזעריקע קולות:

— עפענען זאָל מען די טיר! דעם קאָפּ וועט מען אים אָפּשניידן! די קישקעס וועט מען אים אַרויסטרייבערן!

דאָס גאַנצע בינטל מענטשן האָבן זיך אָנגעלענט אויף דער טיר, מיט זייערע פיס זיך איינגעגראָבן אין דער ערד און אַ שפּאַר געטון די טיר. זיי זענען אַריינגעפאַלן אין קראָם אַריין מיט דער טיר צוזאַמען. גיך זיך אויפגעהויבן און אַלע מיטאַמאָל אַריינגעשפּרונגען אין הויז אַריין.

אין הויז איז קיינער נישט געווען. זיי האָבן איבערגעקערט דאָס גאַנצע מעבל, געזוכט און קיינעם נישט געפונען. נאָכדעם אויסגעזעצט די פענצטער און אַרויסגעשפּרונגען דורך די פענצטער אין דרויסן אַרויס און גענומען לויפן.

בײַ אייניקע פון דידאָזיקע מאַנסבילן האָבן זיך געפּלאָנטערט ווײַנענדיקע ווייבער מיט פאַרבראָכענע הענט. די ווייבער האָבן אומזיסט געפּרוווט זיי אָפּשטעלן. אין די קצבים האָט זיך דאָס בלוט זיך צעקאָכט.

— אוי וויי, זיי לויפן עמעצן הרגענען! יידן, שטעלט זיך אין זייער וועג, מישט זיך אַריין. זיי ווילן עמעצן הרגענען.

עס איז געוואָרן אַ געלויף, אַ געיאָמער און אַ געוואַלט.

מענטשן זענען געשפּרונגען איבער פּלויטן, אַזוי ווי הירשן. קינדער זענען געלאָפן און געפאַלן און זיך ווייטער אויפגעהויבן און געלאָפן.

די צעווילדעוועטע קצבים זענען געקומען צום הויז, וווּ דער רב פון שטעטל האָט געוווינט. זענען אַריין אין הויז אינעווייניק. אין גרויסן צימער, בײַלד בײַם אַריינקומען פון דרויסן, איז בײַם טיש אין מיט שטוב, געזעסן דער רב, אַזוי ווי ער איז געווען איינגעוויינט תּמיד, אָנגעטון אין זיין שלאָף-ראָק און מיט דעם גאַרטל מיט קוטאַסן, פאַרבינדן אַרום זיינע לענדן.

אַז די קצבים זענען אַריין צו דעם רב אין הויז, האָבן זיי די טיר נישט פאַרמאַכט און דורך דער אָפענער טיר זענען זיך אָנגעלאָפן אַ פולע שטוב מיט ווייבער, קינדער און אַזוי מענטשן. דער רב

איז געוואָרן בלאַס. פאַר שרעק האָט ער זיך נישט געקאָנט רירן פון זיין אָרט.

— גיט אונז אַרויס מאָטיע קצב! — האָבן די קצבים געפילדערט און אַ ווייסע שוים האָט געזעצט פון זייערע מײַלער — מאָטיע קצב ווו איז? מיר ווילן אים דעם גאַרגל איבערשניידן!

דער רב האָט געטון אַ מאַך מיט איין האַנט צו דעם ווייב זיי־נעם, — אַ שיינע, הויכע פרוי, וועלכע האָט זיך באַוויזן פון אַן אַנדע־רער טיר און שוין געוואָלט אָנהייבן צו פאַרקרימען מיט איר פּנים. די פרוי זיינע האָט אים געפאָלגט און האָט זיך צוריקגעצויגן דורך דער טיר.

דער רב האָט געטון אַ שמייכל אין זיין שפּיציקן בערדל אַריין. זיך אויפגעהויבן און אָנגעשפּאַרט זיינע צוויי דאַרע הענט אין טיש, פּונקט איבער דעם אָפענעם גרויסן ספר און אָנגעהויבן צו רעדן, וואַרפנדיק בשעת מעשה מיט זיין קליינעם קאָפּ אַהין און אַהער:

— הערט אויס מיינע ליבע יידן, מיין זעליקער פאָטער, ער זאָל אַ גוטן זכות פאַר אונז טראָגן, און אייערע זעליקע טאַטעס, זיי זאָלן אַ ליכטיקן גן־עדן פאַר אונז אויסבעטן, ליגן אַלע שוין אויפן הייליקן אָרט, און ווען זיי זאָלן איצט קאָנען אויפשטיין און טון אַ קוק אויף אונז, וואָלטן זיי נאָכאַמאָל געשטאָרבן מיט אַ שווערן טויט, רחמנה לצלן, איר הערט מיך, מיינע ליבע יידן, קילט אָפּ אייער בלוט און גייט בעסער אַהיים און הייבט זיך אָן פירן, אַזוי ווי יידן באַדאַרפן זיך פירן און עס וועט זיין שלום אויף אַלע יידן.

צי דאָס אָפענע, גרויסע ספר מיט דעם ווייסן פּאַפּיר און די שיינע שוואַרצע אותיות, צי דאָס ווייכע רעדן פון דעם רב און זיין פאַרגלייך פון זיין פאָטער דעם אַלטן רב, ווענען די איצטיקע יידן האָבן געדענקט נאָך פון קינדווייז אָן, מיט זייערע אייגענע עלטערן, אָדער אפשר גאָר דאָס קליינע, אומבאַהאָלפענע, דאַרע באַשעפעניש מיט די קליינע שוואַרצע אויגן פון דעם רב האָט אויף די קצבים געווירקט.

זיי זענען געבליבן שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, געטאַפּט זיך מיט די הענט אויף זייערע פאַרוווּנדעטע, אויסגעשמירטע פּנימער. אין דער אָנגעלאָפענער פולער שטוב מיט ווייבער האָט זיך געהערט אַ שטיל שלוכצן און אַ שנייצעריי פון נעזער. די קינדער האָבן זיך אַרויסגערוקט

פון רבס הויז. באַלד נאָך זיי האָבן זיך באַוויזן די ווייבער און נאָך די ווייבער זענען אַרויסגעקומען די קצבים, פאַרשעמטע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און דאָס געשלעג האָט זיך געענדיקט מיט דעם, וואָס איטלעכער איז זיך אַוועקגעגאַנגען זיין וועג, צו זיך אַהיים.

נאָכדעם ווי דער רב פון שטעטל האָט פאַרבאָטן די יידן צו עסן פלייש פון בנציון שוחטס שחיטה, און, ווי עס האָט אויסגעוויזן, האָבן אים דאָס רוב באַלעבאַטים פון שטעטל געפאָלגט, און טאַקע אויפגעהערט אינ־גאַנצן צו עסן פלייש, און ווען עס זענען אויסגעבראָכן די מחלוקות מיט גע־שלעגן, ברעכענישן פון פענצטער און אַנדערע אָנשיקענישן, האָט דער רב אָנגעהויבן פרווון צו מאַכן שלום.

דאָס ערגסטע, וואָס דער רב האָט נישט געקאָנט זעען און בלייבן גלייכגילטיק, איז געווען דאָס, וואָס יידן האָבן זיך באַקלאָגט, אַז די קינ־דער פון שטעטל גייען אַרום פוסט און פּאַס און דערצו הייבט אָן די פּרנסה צו ווערן געשלאָגן.

באַ די באַלעבאַטים פון זיין צד האָט ער שוין אַלע זאַכן געפועלט און ער האָט מיט זיי אפילו נישט געשמועסט. ער האָט געוווסט, אַז וואָס ער וועט זאָגן, וועט זיין גוט, בפרט נאָך, אַז ער וועט אויספירן, אַז אברהם שוחט זאָל ווייטער אָנהייבן שעכטן.

דערפאַר האָט דער רב זיך געפּרווט מיטן אַנדערן צד. ער האָט פאַרבויגן זיין כבוד און געשיקט עטלעכע מאָל רופן צו זיך אין הויז אַריין בנציון שוחט. ער האָט אים דאָס לעצטע מאָל געשיקט רופן מיט דעם הארבן וואָרט פון אַ מרא דאתרא, אַז דאָס שטעטל רופט אים צו אַ דין־תורה. בנציון איז נישט געקומען. דאָס לעצטע מאָל האָט ער דעם שמש אַרויסגעוואָרפן פון זיין פאַרפוצט הויז.

נאָך דערדאָזיקער פּאַסירונג האָט דעם רבס חייב זיך אַריינגעמישט און געבעטן דעם רב, אַז ער זאָל אָפּהיטן דעם כבוד פון דעם פאַרשטאָרבענעם אַלטן רב, זיין פאָטער.

דער רב האָט זי נישט געפאָלגט. זי מדחה געווען עפּעס מיט אַ ווערטל, אַז ווייבער היטן זייער פיל אָפּ דעם כבוד פון דעם גוף, אָבער דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן כבוד.

ער האָט געשיקט רופן ר' אַרקען.

ר' אַרקע איז געקומען באַלד צו לויפן. גייענדיק מיט זיינע לאַנגע שפּאַנען פון זיינע לאַנגע פיס צום רב, האָט ר' אַרקע געטראַכט, אַז ער האָט גאָרנישט צום רב. פאַרקערט, דער רב איז אַ למדן און אַ קלוגער. איז נישט מקפּיד אין אַ דין=תורה עד לקיצו של יוד. פאָלגט די מחמירים, נאָר דעמאָלט ווען זיי זענען אַ ביסל מילדער. איז דן לכף זכות דעם אָרעמאַן און דעם עם=הארץ. נאָר ער קען דעם רב אָבער נישט פאַרגעבן דאָס, וואָס ער האָט זיין נאָמען פאַרשריבן, מיט אַלע עמי הארצים און מיט דעם גוי נאַקמאַן, אויף פּריילאַנד. ר' אַרקע האָט דאָס נישט געקאָנט פאַרשטיין.

ער איז אָבער געקומען, ווען דער רב האָט געשיקט אים רופן.

אַריינקומענדיק, געזאָגט גאָט העלף מיט ברייטקייט. זיין ברייט פּנים מיט די צוויי גרויסע פּאות, וואָס זענען אַזוי ווי פליגלען געפלויגן באַ די זייטן פון זיין פּנים, און דער ברייטער שמייכל אין זיין גרויס מויל האָט באַוויזן, אַז ר' אַרקע איז פאַרטיק, אַלע מאָל פאַרטיק, וואָס דער רב וועט זאָגן, וואָס עמעצער אַנדערש וועט זאָגן, אָדער שוין געזאָגט אַמאָל, אַז יאָ, איז ר' אַרקע פאַרטיק זיך אַנטקייגנצושטעלן און נישט נאָר מיט זיין גראָבן פינגער טון אַ דריק און זאָגן פאַרקערט, אַז עס איז נישט אַזוי. ניין, ער איז פאַרטיק אויסצוהערן וואָס מען האָט צו זאָגן און דערנאָך טוט ער זיך הייזעריק אַ לאַך און בלייבט באַ דאָס זייניקע.

דער רב האָט אים געבעטן זיצן. אין גרויסן צימער האָט די זון אַריינגעשיינט און מיט אַ ברייטן פּאַס ליכט אַ ווינקל פון טיש פאַרדעקט. דעם רבס געזיכט איז געווען געל און אַזוי דאַר און אַ צער איז איבער דעם

געלעגן איבערגעצויגן. די אויגן זיינע, די קליינע און שווארצע, האבן קלוג געקוקט אויף ר׳ ארקען.

— איר ווייסט דאך מן הסתם וועגן וואס איך האב אייך מטריח געוועז אהער? — האט דער רב אנגעהויבן דאס געשפרעך.

— פונוואנען זאל איך וויסן? איך וויים, היינט איז א שיינער טאג פון גאט און עס איז נישטא וואס צו טון, לערנען ווילט זיך נישט. רבי, וואס טוט מען, אויב עס ווילט זיך נישט לערנען.

— מען לערנט אזוי לאנג ביז עס הייבט זיך אן צו וועלן — האט דער רב געענטפערט.

— וואס זשע, בא אייך טרעפט אויך אמאל, ווען עס ווילט זיך נישט לערנען?

— וואס בין איך, נישט קיין מענטש, ווי איר און ווי אנדערע — האט דער רב געזאגט.

— איך בין זיכער, אז ער, ווי רופט מען אים דארטן, דער נאק-מאן — האט ר׳ ארקע געזאגט מיט א טאן פון חוזק — וויל אלע מאל מן הסתם לערנען.

— א גאנץ ווילער יינגערמאן — האט דער רב פארקנייטשט מיט זיין שטערן — א קענער. ווייסט גאנץ תנ״ך אויסנווייניק און קאן רעדן לשון קודש, נישט ווי אלטער דער שניט-קרעמער, באלעבאטישעט לשון קודש אום שבת.

— אלטער שרייבט אבער נישט קיין לשון קודש אום שבת.

— קיינער האט אבער נישט געזעען נאקמאנען שרייבן אום שבת.

— מען האט געזעען. אבער איר זענט נישט קיין מחמיר.

— אז א ייד זאגט ניין, גלייב איך אים.

— און אן אנדערער ייד זאגט יא.

— עס געוועגדט זיך — האט דער רב געזאגט — ווער עס זאגט יא און ווער ניין און אויך ווען, איר פארשטייט, ווען. וואס עס געהער זיך אן מיט דעם ארעמען לערער נאקמאנען, זאג איך אייך, ר׳ ארקע, אז ער האט א יידיש הארץ, אז ער איז אפשר א גרויסער ייד, נאר פארקליידט זיך אין דעם גוף פון אן אנדערן. פון דרויסן איז נישטא וואס אנצוקוקן, אבער אינעווייניק לויכט א יידישע נשמה.

— מיט וואָס אַ שטייגער?

— איר וואָלט באַדאַרפֿט אַ קוק טון, ווי ער לייגט זיך אָוועק פֿאַר אונזערע יידן. געשריבן בריוו און געקלאַפּט אין די טירן אַזש אין פּאַריז. אויסגעבעטן פֿאַר יידן אומזיסטע ערד. איר הערט, ר' אַרקע, ווען איך וואָלט נישט מורא געהאַט, וואָלט איך אים צוגעגליכן צו אונזער משה פֿון דער תּורה. דאָרטן אין מצרים האָבן פּשוט די יידן זייער פֿיל צרות געליטן. אָבער יידן זענען מיר אויך און צרות פֿעלט אונז אויך נישט.

— איך שטוין, בשעת איך הער פֿון אייך אַזעלכע ווערטער, רב, — האָט ר' אַרקע געזאָגט, — אויב איר קאָנט אַזוי רעדן, ווער דאָך מאָרגן עמעצער אַנדערש, אַן עם־הארץ, קאָנען זאָגן, אַז דער דאָזיקער באַקמאַן איז משיח אַליין. איך מיין, וואָס האָט ער דאָ אויפֿגעטון. פֿאַרקערט, נאָך מיין פֿאַרשטאַנד און פּשוטן שכל איז ער אַ פֿאַרפֿירער, ווייל ער וויל פֿאַרפֿירן די יידן ערגעץ אין אַ וויסטעניש, וווּ זיי וועלן פֿאַרגרעבט ווערן, זייערע קינדער וועלן אויסוואַקסן, ווי די מאָלדאַוואַנעס אין דאָרף.

— פֿונוואַנען ווייסט איר, אַז זיי וועלן פֿאַרגרעבט ווערן, — האָט דער רב געפֿרעגט און זיך אַליין געענטפֿערט, — מען קאָן האָבן אייגענע ערד און אויך קאָנען לערנען. לערנען תּורה איז נישט קיין מלאכה. מען טאָר דאָס נישט מאַכן פֿאַר קיין מלאכה. מיך פֿאַרדריסט אויף מיין פֿאַרשטאָרבענעם פֿאָטער, פֿאַרוואָס ער האָט מיך געלערנט תּורה אַלס אַ מלאכה. איך וועל שוין נישט דערלאָזן, אַז מיינע קינדער זאָלן דאָס טון. דערפֿאַר האָב איך זיך אויך פֿאַרשריבן. מיין פּרנסה איז מיר נמאס. איך וויל מיר זיצן אויף מיין אייגענער ערד מיט מיינע קינדער, עסן מיין אייגן ברויט און אויף לערנען וועלן מיר אויך געפֿינען אַ באַזונדערע צייט.

— איך האָב אָבער מורא, אַז דאָרט אויף די פֿעלדער, ערגעץ אין אַמעריקע, וועלן יידן פֿאַרגעסן אין גאָטס וואָרט, — האָט ר' אַרקע זיך אויפֿגעהויבן פֿון זיין אָרט און אָנגעהויבן צו גיין איבער דער שטוב הין און הער. — איר ווייסט, אַז אונזערע עלטערן, ווען זיי האָבן זיך צוערשט באַזעצט אין דער בעסאַראַביע, זענען זיי טאַקע אַזוי פֿאַרגרעבט געוואָרן,

אַז גאָט זאָל שומר ומציל זיין. ווער האָט אַמאָל מיט פינפציק יאָר צוריק דאָ געקאָנט לערנען? דאָך האָבן יידן זיך נישט געלאָזט פאַרנאַרן אפילו ווען דער אַלטער פריץ האָט זיי געוואָלט שענקען ערד, ימח שמו זאָל ער געוועזן זיין!

— אַ שיינע חכמה געוועזן פון יענע יידן. איצט לאָזט מען דאָ אין שטעטל קיין יידן נישט באַזעצן, ווייל עס איז נאָענט פון דער גרענעץ. אָבער ווען די ערד וואָלט געווען יידישע, ווער וואָלט אונז געקאָנט זאָגן אַ דעה? — אָבער — האָט דער רב פלוצלינג געטון זיך אַ ווענד צו ר' אַרקען, — איצט האָב איך מיט אייך געוואָלט גאָר שמועסן מכוח אַן אַנדערן ענין.

— וואָס זאָל ער איצט טון מיט דערדאָזיקער עדה יידן — האָט דעם רב געבויערט אַ געדאַנק, פון וועלכן ער האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול און אָנגעהויבן זיך אַרומצודרייען אין זיין גרויסן צימער, מיט זיינע הענט פאַרשטעקט אין די לויזע אַרבל פון זיין שלאָפראָק.

די ווייסע, קאָלירטע ווענט פון דעמדאָזיקן צימער האָבן, אין דעם אָנבליק פון קומענדן אָוונט, באַקומען אַ גרויען קאָליר. די לופט איז געוואָרן קיל, און דער רב האָט דערפילט, אַז זיינע פיס זענען קאַלט. ער האָט געשפּאַנט איבער דעם דיל, זיך געוויקלט און זיך איינגעדעקט אין זיין שלאָפראָק.

— מיינע שמערצן הייבן אָן זייער אַרבעט — האָט דער רב געטראַכט.

פריער הייבט אים אָן ווי טון אין דער לינקער זייט, דאָרט, ווו די ריפּן־ביינער. עס גייט אַוועק אַ טאָג און אַמאָל מער. אַז ער פילט דעם ווייטיק אין די ריפּן־ביינער. דערנאָך לאָזט זיך דער ווייטיק אַראָפּ אין דער דיך אַריין און דער רב הייבט אָן צו הינקען אויף דעם לינקען פוס, אַזוי ווי יעקב אבינו האָט געהונקען. דערנאָך, אַז עס גייען אַוועק עטלעכע טעג, פאַרשווינדט דער ווייטיק ערגעץ און ער ווייסט נישט, וווהין עס גייט אַוועק.

און זינט עס האָט אים אַזוי אָנגעהויבן ווי צו טון, האָט ער זיך צו־

געוויינט צום שלאָפּראָק. ער שטייט אויף אינדערפרי מיטן שלאָפראָק און לייגט זיך מיט אים שלאָפן. אין אים לערנט ער און אין אים נעמט ער אויף מענטשן.

נאָר פון שבת צו שבת טוט ער אָן זיינע קליידער, ווייל נאָר שבת גייט ער אין שול אריין. אינדערוואָכן דאַוונט דער רב בא זיך אינדערהיים, איינער אַליין.

ער איז אַ „רוחני", ווי זיין ווייב רופט אים, מיט זייער פיל ווי אין איר שטים.

אמת, זיין גאַנצער גוף איז הויט און ביינער.

ער איז געווען אין די פערציקער יאָרן, זיינע האָר זענען נאָך שוואַרץ אי אויפן קאָפּ און אויך אין זיין קליינער באָרד. אָבער דער רב פילט שוין פון אַ פּאָר יאָר, אַז אַ שווערקייט ליגט אויף זיינע ביינער. עס דאַכט זיך אים אַלע מאָל, אַז אַזוי אַרומגייענדיק אויף זיינע פיס וועט ער זיך טון אַ צעברעך אין פיצלעך. די ביינער זענען לויז, קוים וואָס זיי האַלטן זיך איינער אין דעם אַנדערן.

דער רב האָט אַלע מאָל זייער ווינציק געגעסן אין די וואָכעדיקע טעג, אָבער אַז עס פלעגט קומען שבת, האָט ער דאָך געגעסן אַ ביסל מער, ווייל שבת איז אין אים געווען די נשמה יתרה. אָבער איצט עסט ער שבת אויך ווינציק. עס אַרט אים נישט.

פאַרקערט, ער האָט אַלע מאָל איבער זיך אַליין געאַרבעט און זיך געניט, וואָס ווינציקער צו עסן. עס האָט געהייסן, אַז ער האָט זיך געלייטערט זיין גוף.

דערפאַר האָט ער פונאַנדערגעשפּרייט דאָס האַרץ זיינס. אים האָט זיך תמיד אויסגעוויזן, אַז דאָס האַרץ זיינס איז זייער קליין. אָבער אין זיין קליין האַרץ איז געווען גענוג אָרט אַריינצוזאַפּן, אַזוי ווי אין אַ שוואָם, אַלע פרייד און שלעכטיקייטן פון דער וועלט. און אויב עס האָט מיט עמעצן אין שטעטל געטראָפן אַ צרה, האָט דער רב אויף זיך גענומען אַלע יסורים און יענעם געהאָלפן מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט; און אַמאָל נאָך איבער זיינע כּוחות.

דער רב איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן אַליין אויך. דאָס הויז, אין וועלכן ער האָט געוווינט, איז אים געבליבן אַ ירושה, איינינעם מיטן „רבנות", נאָך פון זיין פאָטער, דעם אַלטן רב.

זיין פאָטער, כאָטש שוין אויף יענער וועלט, איז נאָך אַלץ געבליבן, אַזוי ווי אַ לעבעדיק געשטאַלט בּאַ איטלעכן אין שטעטל. פון אים האָט מען געשמועסט, ווי וועגן אַ לעבעדיקן — „דער אַלטער רבי".

זיין זון, דער איצטיקער רב, האָט איבערגענומען דאָס רבנות בּאַלד נאָך זיין פאָטערס אַוועקגיין פון דער וועלט. ער האָט שוין דעמאָלט גע־האַט איין קינד. זיין ווייב, אסתּר, איז אפילו נישט געווען צופרידן מיט דערדאָזיקער פּרנסה, ווייל זי האָט געוואָלט, אַז איר ר' וואָלף זאָל בּאַ־קומען אַ רבנות אין אַן אַנדער שטעטל, מיט מער פּרנסה. די אַלטע רביצין איז שוין פון לאַנג געווען אויף דער אמתער וועלט. די יינגע שנור איז געקומען און געפירט דאָס הויז אַזוי ווי אַ רביצין. פאַר זיין טויט האָט דער אַלטער רב זי צוגערופן און איר געזאָגט: רביצין, גיב אַכטונג אויף מיין זון.

איז ר' וואָלף געבליבן רב אין שטעטל.

אסתּר, זיין ווייב, האָט מסכּים געווען צו לעבן אַן אָרעם לעבן, כאָטש זי אַליין איז אַרויסגעקומען פון אַ הויז, וווּ עס איז געווען אַלדאָס גוטס, דערפאַר ווייל זי האָט זייער פיל אָפּשיי צו איר מאַן געהאַט. פון ליבע האָט אסתּר נישט געוווּסט, אָבער עס האָט געמוזט זיין אַזאַ מין ליבע פון איר צו וואָלפן, וואָס האָט איבערגעוויגן אַלע גוטע זאַכן אין דער וועלט.

אסתּרס פאָטער איז געווען אַן אַרענדאַר אין אַ דאָרף. דאָרט אין דאָרף, ווייט פון יידן, האָט איר פאָטער געלעבט דאָס לעבן פון אַ שיינעם ייד. טאַקע געקאָנט לערנען און געווען אַ פאַרברענטער חסיד פון דעם שטיפּאַנעשטער רבין. אים איז געגאַנגען זייער גוט און זיינע טעכטער האָט ער חתונה געמאַכט מיט רבנים.

אַז אסתּר איז אַראָפּגעקומען אין שטעטל אַריין, האָט זי מיט איר שיינקייט אָפּגענומען דאָס אויג. איר שטילקייט האָט נאָך מער אויסגענומען. דאָס איז אַן אמתע רביצין, האָט מען אויף איר גע־זאָגט.

בּאַלד נאָך דעם אַלטן רבס טויט, האָט אסתּר אָנגעהויבן צו פירן דאָס הויז ווי אַן אמתע רביצין.

איר מאַן, דער רב, האָט זיך נישט געמישט אין דער פּרנסה און קיינמאָל נישט געוווסט, ווי אַזוי אַ צורה פון אַ מטבע זעט אויס. אויב עס איז אַריינגעפאַלן געלט, איז דאָס אָנגעקומען אסתּרן אין די הענט אַריין.

די פּרנסה איז אַריינגעקומען פון קוויטלעך. וואָס יעדער איינער האָט באַדאַרפט האָבן, אויב ער האָט געוואָלט קוילן אַן עוף און אויך פון די קוויטלעך, וואָס יעדער קצב האָט באַדאַרפט האָבן, אויב ער האָט געוואָלט קוילן אַ בהמה.

די רביצין האָט פאַרקויפט דידאָזיקע קוויטלעך און פלעגט זיך טיילן האַלב אויף האַלב מיטן שוחט. דער שוחט האָט אַלע מאָל געבראַכט פאַר דעם רב אַ האַלב פון זיין חלק, וואָס ער האָט באַקומען פון די קצבים, וואָס איז באַשטאַנען פון לונג און לעבער, פיס, צונג, מילצן אָדער קיש-קעס.

דאָס הויז, אין וועלכן דער רב האָט געוווינט, איז באַשטאַנען פון עטלעכע צימערן מיט ווייסע געקאַלעכטע ווענט און מיט ערדענע דילן. איין צימער, דאָס גרעסטע, איז געווען, ווו דער רב איז תּמיד געזעסן באַם גרויסן טיש. דאָרט האָט ער געדאַווינט, אויפגענומען מענטשן צו אַ דין-תּורה, געפּסקנט שאלות און געלערנט ביזוואַנען ער האָט געוואָלט. קיי-נער פון דעם הויז-געזונט האָט אין דעמדאָזיקן צימער נישט געטאָרט אַריינקומען. אַזוי איז געווען איינגעפירט נאָך באַם אַלטן רב, און אַזוי האָט אויך איינגעפירט די יינגע רביצין אסתּר.

אַז דאָס עסן איז געוואָרן פאַרטיק, האָט אסתּר אַליין געווּפן דעם רב, עפענענדיק די טיר פון דעם גרויסן צימער, און דערביי איז זי קיינ-מאָל די שוועל נישט אַריבערגעטרעטן. נאָר אַזוי שטייענדיק אויף דער שוועל האָט זי שטיל און פרום געבעטן זיך: — וואָלט קום שוין אַריין עפּעס אין מויל אַריין נעמען.

דערפאַר, אַז דער רב איז שוין געזעסן אין עס-צימער באַם געגרייטן טיש, האָט די רביצין געהאַט מער מוט. זי האָט שוין דעמאָלט גע-וואַגט צו דערציילן דעם רב וועגן זאַכן, וואָס האָבן זיך פאַרלאָפן אין שטעטל; צו רעדן מיטן רב וועגן זייערע קינדער און וועגן אַנדערע זאַכן.

בײַ די אָוונט־מאָלצײַטן האָט די רביצין געהאַט מער געלעגנהײַטן. זי האָט באַמערקט, אַז אין אָוונט האָט דער רב מער רחבת הדעת, װי אַ גאַנצן טאָג. זי האָט דערפֿאַר אין די אָוונטן פֿאַרצויגן די צײַט צװישן אײַנגעריכט און דעם אַנדערן.

אין די אָוונטן האָט די רביצין תּמיד אין זיך פֿיל פֿון דעם דאָרפֿישן אַרױסגעװיזן. פֿון קלײנװײז אָן צוגעװױנט געװען זיך צו לײגן שלאָפֿן זײער פֿרי, האָט זי דאָס קײנמאָל נישט געקאָנט אין זיך צעברעכן.

אין די אָוונטן האָט אסתּר תּמיד געפֿילט אַזױ װי אַן אױפֿגעלעזטע. זי האָט גערעדט און אין איר שטימע האָט זיך געהערט נאָכלאָזיקײט, װײכקײט, פֿאַרשכּורטקײט.

דער רב איז געזעסן בײַם טיש, מיט אײן האַנט אונטערגעשפּאַרט אָן זײַן שטערן, און װײַל איז געװען זײַן װײַב אסתּר, אױב ער האָט געטון אַ הײב אױף זײַנע אױגן און זי אָנגעקוקט. דאָס האָט אַמאָל געקאָנט טרעפֿן אין אַ פֿרײַטיק־צונאַכטס.

אַמאָל אין אַ פֿרײַטיק־צונאַכטס האָט אסתּר געפּרוּװט פֿאָלגן דאָס, װאָס איר מוטער האָט איר געהײסן טון. װען אסתּר האָט חתונה געהאַט מיט ר׳ װאָלפֿן, האָט די מוטער בסוד איר אָנגעזאָגט, אַז אױב זי װעט זײַן נאָך טבילה, זאָל זי בײַם עסן, פֿרײַטיק־צונאַכטס, אַראָפּװאַרפֿן די שליסלען אױף דעם דיל.

אסתּר האָט שטילערהײט זיך נאָר געװוּנדערט אױף דער קלוגער מאַמעס אײַנפֿאַל.

אַז אסתּר האָט אָנגעהױבן צו טראָגן מיט דעם ערשטן קינד, האָט די מוטער אירע זיך זײער געפֿרײט. נאָכדעם, אַז אסתּר האָט געבוירן אַ זון האָט דער פֿאָטער איר געבראַכט מתּנות און געלט. די מתּנות האָט אסתּר געװיזן איר מאַן אָבער פֿון דעם געלט האָט זי מורא געהאַט צו דערמאָנען. װײַל זי האָט זיך שױן דערװוּסט, אַז איר מאַן האָט פֿײַנט מתּנות בשר ודם. זי האָט אים נישט געװאָלט אָנטון עגמת נפֿש.

עס זענען אָװעקגעגאַנגען אַ פּאָר יאָר און זי האָט געבוירן נאָך אַ זון.

און פון דאַן אָ מער נישט.

מילא, גאָט וויל מער נישט געבן. ער ווייסט, וואָס ער טוט.

אסתּרס מוטער איז נישט צופרידן. זי, די קלוגע מאַמע, ווייסט וואָס דאָס הייסט, אַז מען האָט נאָר צוויי קינדער. צוויי קינדער זענען, זאָגט זי, ווי צוויי אויגן באַ אַ מענטש.

אסתּר זיפצט נאָר, ווייל זי ווייסט נישט, וואָס צו זאָגן. זי קאָן נישט זאָגן דער מאַמען אירער, דאָס, וואָס זי ווייסט יאָ.

און די עטלעכע יאָרן פון איר לעבן מיט דעם רב, די שטילע יאָרן, האָט אסתּר אַזוי ווי מיט דעם ווינט אָוועקגעבלאָזן. זי איז נאָך, אַזוי ווי אַלע מאָל, געווען יינג, געזונט קיינמאָל נישט קראַנק געווען. אָבער דער רב איז פון יאָר צו יאָר און פון טאָג צו טאָג אַלץ שוואַכער געוואָרן.

דער דאָקטאָר פון שטעטל האָט געשריבן רעצעפּטן. דעם רב האָט דער דאָקטאָר געהייסן אַ סך שפּאַצירן אין דרויסן.

ר׳ וואָלף האָט אַלע טאָג, אויב עס איז נאָר געווען שיין אין דרויסן, געשפּאַצירט, אַרויס איבער די פעלדער ווייט פון שטעטל.

גאָטס וועלט מיט די פעלדער האָבן דעם רב אַריינגעגעבן אַזעלכע מחשבות, אַז ער האָט אָפט זיך פאַרגעסן, אַז ער גייט אַרום מיט זיינע פיס אויף דער ערד. ער האָט געקענט אַריינגיין טיף אין אַ פעלד פון ווייץ, שטיין אַזוי צווישן די זאַנגען און זיך אויסמישן מיט זיי. אים איז זייער ליב געווען זיך איינצוהערן, ווי די בינען, פליגן און אַנדערע באַשעפענישן פליען אום און זינגען זייער געזאַנג איינגעם מיט זייער טאָג־אַרבעט.

ער האָט פאַרגאַפט געקאָנט שטיין און קוקן, ווי אַזוי אַ מאָל־דאַוואַן אין זיין ווייס לייוונטענעם גאַרניטור, מיט דעם העמד אַרי־בער די הויזן גייט נאָך דעם אַקער. ווי אַזוי די אָקסן ציען דעם אַקער און ווי אַזוי עס גיסן זיך פאַסן שוואַרצע ערד פון דעם אַקער.

ערשט דאָ אין פעלד האָט גאָטס תּורה פאַר אים באַקומען איר זינלעכקייט. דאָס, וואָס ער האָט אין זיין גאַנץ לעבן געלערנט האָט באַ די יידן אין שטעטל, זיך נישט אָנגעזען. מערער ווי טריף,

אָדער כשר, דאָס הייסט, ווייטער פון דעם איז מען נישט אַוועקגעגאַנגען. אָבער ווען גאָט וועט העלפן און מען וועט זיך באַזעצן אויף אַן איי־גענער ערד, וועט דער אמתער יידישער דין, ערשט דאָרט געפינען זיין תיקון.

## 13.

די אַרבעט פון באַזעצן זיך אויף פרייער ערד, איז געטון געוואָרן מיט גרויס ליבע פון דעם לערער נאַקמאַן. די פּאַפּירן, מיט די נעמען פון אַן ערך דרייסיק יידישע פאַמיליעס, זענען שוין דורך נאַקמאַנען אַוועקגעשיקט געוואָרן. אין יעדן פּאַפּיר האָט זיך אויסגערעכנט אין קורצן, ווי אַזוי דער ייד הייסט, וואָס זיין מלאכה אָדער פרנסה איז, וויפיל קינדער ער פאַרמאָגט און אויך וויפיל געלט ער רעכנט צו האָבן אין זיינע הענט אין דעם טאָג, ווען מען וועט באַדאַרפן פאָרן. צי דער ייד איז געזונט, צי זיין ווייב איז געזונט און דאָס נעמלעכע וועגן זיינע קינדער.

נאַקמאַן האָט די פּאַפּירן אַוועקגעשיקט און וואַרט איצט מיט אומגעדולד אויף אַן ענטפער. דערווייל לעבט ער זיך זיין לעבן אַזוי ווי אַלע מאָל.

נאָר אין אָוונט ווען ער קומט צו זיך אַהיים אין זיין איינזאַמען צימער, נעמט ער אַרויס אַלע פּאַפּירן וועגן דער פרייער ערד און צעלייגט זיי אויף זיין טיש.

דאָס פּאַפּיר מיט דער לאַנדקאַרטע פון דער ערד, האָט ער ליבער פון אַלע אַנדערע פּאַפּירן. אויף דער קאַרטע זעט ער דעם ים און נישט ווייט פון ים איז דאָס שטיק ערד, וואָס מען וויל די יידן פון שטעטל אַוועקשיקן. אין אַן אַנדערן בריוו זאָגט זיך, אַז דער קלימאַט איז אַ מילדער דאָרטן. זייער אַ קליינער ווינטער, ווינציק שניי, זייער פיל רעגן, די ערד איז אַ לויזע.

נאַקמאַן ווייסט זייער ווינציק וועגן אַט דידאָזיקע זאַכן. אָבער עס שטעלט זיך פאַר זיינע אויגן אַוועק אַ לאַנד. דאָרטן איז וואַרעם. דאָרט רעגנט אַ סך. רעגן איז גוט. אַלע פויערן בעטן גאָט אויף רעגנס.

נאַקמאַן קוקט איבער דאָס צעטל פון די פאַרשריבענע יידן. ער כאַפּט זיך, אַז עס פעלט אים אין צעטל אַ קאָוואַל. וואָס וועט מען טאַקע טון דאָרטן אָן אַ קאָוואַל. דער איינציקער קאָוואַל אין שטעטל איז גאָר אַ גוי.

ווו וועט מען באַקומען אַ ייד אַ קאָוואַל?

און אַז עס וועט זיך באַ עמעצן צעברעכן אַ ראָד פון אַ וואָגן. ווער וועט דאָס קאָנען צורעכטמאַכן, אָדער ווער וועט קאָווען אַ פערד:

דאָסדאָזיקע פּראָבלעם האָט נאַקמאַנען נישט געלאָזט רוען.

ער איז שוין וועגן דעם קאָוואַל געקומען צום רב מיט אַ גע־וואַלט?

— ר' וואָלף, מיר האָבן דאָך נישט קיין קאָוואַל.

דער רב האָט זיך געזאָגט זיין גוט־ווערטל: וועל איך זיין קאָוואַל. פון וואָס נאַקמאַן האָט געלאַכט; אָבער דערפון וועט קיין קאָוואַל נישט באַשאַפן ווערן.

נאַקמאַן האָט שוין געהאַט דעם גאַנצן פּלאַן פון זיין דאָרף. ער האָט דאָס צוקונפטיקע דאָרף גערופן זיין דאָרף, ווייל ער איז געווען זיכער, אַז דאָסדאָזיקע דאָרף וועט זיין זיינס.

ער האָט גוט געקאָנט דאָס רוסישע דאָרף. וועגן די דייטשישע און שפּאַנישע דערפער האָט ער זייער פיל געלייענט, אויך וועגן דעם פראַנ־צויזישן דאָרף. די דערפער אין דידאָזיקע דריי לענדער, האָט נאַקמאַן געוווּסט, זענען וווּנדערלעך שיין. נאָך מער וווּנדערלעך זענען די רוסישע דערפער.

אָבער דאָס יידישע דאָרף, פון וועלכן נאַקמאַן טראַכט, באַ־דאַרף זיין אַזוי פּראָסט און שיין. אַז עס זאָל פאַרכאַפּן דעם אָטעם, עס זאָל אויסהיילן די ווונדן פון דער נשמה און עס זאָל באַרויקן דאָס אויג.

ווי אַזוי וועט דאָס דאָרף זיין אויפגעבויט?

נאַקמאַן זעט פּאָר זיינע אויגן איין ליניע, אַ בויגיקע, פון אַ גאַס. פאַרוואָס אַ בויגיקע? נאַקמאַן האָט דאָס נישט געקאָנט אַזוי גיך פאַרענט־פערן. עס האָט זיך אָנגעהויבן בײַ אים מיט גלאַטקייט, גלייכקייט. מענטשן, וואָס גייען מיט אַ גלייכן וועג און ווען זיי רעדן, איז זייער שפּראַך אַ גלאַטע, אַ פליסנדיקע. אַזעלכע מענטשן האָט נאַקמאַן פיינט ביז בלוט. אַזעלכע מענטשן קוקן אויף זאַכן מיט אַ גלייכער ליניע. אויב די זאַכן זענען נישט גלאַט און די ליניען פון די זאַכן זענען אַ ביסל אויסגעבויגן און מען באַדאַרף שוין געבן אַ שטרענג אָן דאָס אויג, זענען דידאָזיקע מענטשן מיט אַ פאַרקרימט פּנים פון צאָרן: וואָס פאַר אַ משוגענער, האָט געפּלאָגט דידאָזיקע זאַך?

נאַקמאַן!

פאַרפאַלן, די גאַס אין דעם צוקונפטיקן דאָרף וועט זיין אַן אויס־געבויגענע.

דידאָזיקע ערשטע גאַס וועט ווערן אָנגעוואָרפן ערגעץ אויף די פעל־דער פון אַמעריקע. פעלדער קליינע, קרומע, ווייטע און אויף זיי וועט אויסוואַקסן די אויסגעבויגענע ליניע פון אַ גאַס.

און די שטובן וועלן זיין אַלע געבויט נאָך יעדן איינעמס פּלאַן. יעדער איינער פון די יידן וועט זיך בויען זיין אייגן הויז, ווי ער וועט וועלן.

בײַ די שטובן וועט זיך ציען נאָך אַן אויסגעבויגענע ליניע, פון ביימער.

נאַקמאַן האָט שוין געזעען די ביימער פאַרטיקע, אויסגעוואַקסענע און צעצווייגטע און עס איז אים געוואָרן וואַרעם פון דעמדאָזיקן בילד. ווייסע געפאַרבטע שטובן מיט גרינע דעכער. זומער וועלן די פעלדער זיין גרין, די ביימער גרין, די דעכער גרין. און אַז עס וועט קומען ווינ־טער? נאַקמאַן האָט פיינט דעם ווינטער. און דאָס, וואָס עס האָט זיך גע־שריבן אין די פּאַפּירן, אַז דאָרט אין דעם צוקונפטיקן דאָרף איז דער ווינטער אַ מילדער, געפעלט אים. דאָס הייסט, אַז קיין שניי וועט נישט זיין. שניי, ווי נאַקמאַן טראַכט אָפּט, פאַרפלאַכט די וועלט, פאַרבלענדט דאָס אויג, נאַרט אָפּ. דער שניי מאַכט אַלץ ווייס. נאַקמאַן איז נאָך גע־גאַנגען ווייטער, מיט זיין שנאה צום ווייסן ווינטער. ער האָט נישט גע־זעען אין דעם ווייסן שניי גאָרנישט, וואָס איז בײַ אים נישט געווען קיין

קאַליר פון לאַנדשאַפט. וואָס וואָלט געזאָגט אַ בוך, ווען זיינע בלעטער וואָלטן געווען נאַקעט און ווייס?

חוץ דעם האָט ער אָרגאַניש שרעקלעך פיינט געהאַט דעם שנייעדיקן ווינטער. פונקט פאַרקערט האָט נאַקמאַן זייער ליב געהאַט די דריי אַנדערע צייטן פון דעם יאָר: פרילינג, זומער און האַרבסט.

אין פרילינג, האָט זיך צו נאַקמאַנען תמיד אומגעקערט זיין ענערגיע. אין פרילינג, האָט ער אַלע מאָל אין זיך דערפילט אַזעלכע כוחות, אַז ער איז שיער נישט אַרויסגעשפרונגען פון זיין הויט. ער האָט געמעגט שוין ווי זיין פאַרזונקען אין די טיפע סודות פון זיין אונטערגאַנג, פון זיין נישטיקייט, אָבער, אַז עס איז געקומען פרילינג, האָט ער געטון אַ וואָרף אַוועק פון זיך אַלע זיינע גריבלערייען און אויסגעגלייכט זיין איינגעבויגענע פּלייצע און זיך דערפילט אַ באַנייטער, אַ פרישער.

און נאָכדעם, אַז עס קומט דער זומער און אין דעם באַנייטן נאַקמאַנען הייבט אָן זיך צו צעוואַקסן די אויפגעוואַכטע ענערגיע, וואָס דער פרילינג האָט אין זיין בלוט אַריינגעגאָסן. און אַזוי ווי דער זומער צעוואַרעמט זיך פּאַוואָלינקע, אַזוי אויך, בּאַ נאַקמאַנען אינעווייניק, צעשפּרייט זיך אַ נייער פאַרלאַנג אַלץ אָנהייבן נאָכאַמאָל. נאַקמאַן דערפילט דעמאָלט, אַז ער איז נאָך אַ קינד. ער ווערט נאַיוו און גלייבט אַלעמען, אַזוי ווי ער גלייבט אין זיינע אייגענע כוחות.

און אַקעגן דער האַרבסט-צייט ווערט נאַקמאַן צייטיק אַזוי ווי די תבואות אין די פעלדער, אַזוי ווי די פרוכטן אויף די ביימער.

זיין צייטיקייט קומט באַלד מיט דעם אָנהייב פון האַרבסט. און בשעת דער האַרבסט פאַנגט אָן זיין אַרבעט, בשעת עס רעגנט פון די געשוואָלענע הימלען אָן אַן אויפהער און דאָס, וואָס עס איז אויסגעוואַקסן אין פעלד און אויפן בוים הייבט אָן צו ווערן פאַרפוילט, דעמאָלט כאַפּט זיך נאַקמאַן, אַז זיינע שיינע טעג פון די דריי שיינע צייטן אין דעם יאָר זענען שוין נישטאָ. עס ווערט אים אַזוי נמאס דאָס לעבן, ליידיק און פוסט בּאַ אים אינעווייניק. און אַ לאַנגער ווינטער קומט. און דעמאָלט איז נאַק-

מאן מקנא דעם בוים און דאָס פעלד, וואָס אויף איבער ווינטער ווערט בא זיי צוגענומען אַלע חושים.

ווייל, וואָס קאָן נאַקמאַן טון, זאָגאַר מיט אַלע זיינע חושים אין אים ?

אַז עס קומט ווינטער, איז נאַקמאַן פויל און האָט ליב אַ סך צו שלאָפן און אויב ער קאָן נישט שלאָפן האָט ער ליב צו ליעגן ביכער. האָט אָבער דערפאַר זייער פיינט מענטשן. ווייל אום ווינטער איז, נאָך זיין באַאָבאַכטונג, דער מענטש זייער אומבאַהאָלפן. נאַקמאַן ווייסט דאָס פון זיך אַליין. און מיט זיך אַליין מעסט ער אַלע מענטשן. און ער האָט פיינט צו זעען, אין דעם שפיגל פון יענעמס גאָרנישטיקייט, זיך אַליין.

און דאָס מאָל האָט נאַקמאַן זיך אַראָפּגענומען אַ בייעפיל פון די ביימער, גראָזן און פעלדער. אָט דידאָזיקע שטומע באַשעפעניש האָבן אין זיך דעם אייביקן כוח פון ווידערגעבורט.

— אָבער אַ מענטש איז נישט מער ווי אַ מענטש — האָט נאָך אָנגעטראַכט — און ער האָט נישט אין זיך די אייביקע כוחות פון ווידער־געבורט. עס קומט דער טאָג, ווען דער מענטש לאָזט אָפּ הענט און פיס און גיט זיך אונטער — געבצלעך!

פאַר יענעם טאָג האָט נאַקמאַן זיך זייער געשראָקן. עס האָט נאָך נישט געהאַלטן דערביי. אָבער דער געדאַנק, אַז עס קען קומען אַזאַ טאָג, האָט נאַקמאַנען משוגע געמאַכט.

און דערפאַר האָט נאַקמאַן אַזוי געזאָגט צו זיך אַליין:

— איצט איז פרילינג. לעבן זאָל דער פרילינג אין מיר!

נאַקמאַן האָט אָנגעכאַפּט דעם פאָדעם און וועט אים שוין נישט צופּלאָזן.

עס מעגן קומען טויזנט ווינטערס.

— זייט געזונט עקזאַמענס! — האָט נאַקמאַן זיך אַרומדרייענדיק אין זיין קליין צימערל אינדערהייך כמעט אויסגעשריגן — זייט געזונט, גרויסע שטעט!

נאַקמאַן פאַרשטעלט זיך דאָס פנים מיטביידע הענט און טוט דער־נאָך מיט ביידע הענט אַ וואָרף אין דער לופט אַריין.

די וועגן פון דער גרויסער שטאָט וועט ער פאַרשטעלן מיט פעל־ דער צעאַקערטע. לעבן זאָל דאָס צוקונפטיקע דאָרף ;

אַזוי ווי נאַקמאַן איז געווען אַליין אַ צעוואָרפענער, אַזוי האָט ער אויך אָנגעוואָרפן אויף אַלערליי שטיקער פאַפיר, די פּלענער פון דעם צוקונפטיקן יידישן דאָרף. די פאַפירן האָבן זיך געוואַלגערט אויף זיין טיש, צעוואָרפענע.

אָבער נישט נאָר דאָס אַליין, וואָס די פאַפירן און די פּלענער זענען נישט געווען אין אַ באַשטימטער אָרדנונג, נאָר אויך דער גאַנצער פּלאַן איז בא אים געלאָפן אין אַ צעוואָרפענער ליניע.

אָט האָט ער זיך דערמאַנט, אַז צווישן די יידן, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן, איז נישט געווען קיין קאָוואַל. עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ פּאָר טעג און זיינע געדאַנקען האָבן זיך קאָנצענטרירט נאָר אויף דעם איינעם פּונקט : אַ קאָוואַל.

דאָס אייגענע איז געווען מיט דעם, ווי אַזוי דאָס דאָרף וועט אויפ־ געבויט ווערן. בא נאַקמאַנען איז שוין געווען באַשטימט פון פריער, אַז בויען דאָס דאָרף זאָלן די יידן אַליין. איינער זאָל העלפן דעם אַנדערן אויפבויען די הייזער. און דאָס לעבן אין דאָרף זאָל זיין אַ בשותפות־ דיקס. נישט נאָר זאָלן די יידן באַאַרבעטן די ערד בשותפות, נאָר אויך דאָס ברויט און די פּרוכטן פאַרקויפן בשותפות און די מאַשינען זאָלן זיין קהלשע.

נאַקמאַן האָט שוין געהאַט פאַרטיק אָנגעשריבן אַ סך בויגן פאַפיר, וו ער האָט ברייטלעך אויסגעפירט, אַז איטלעכער ייד, וואָס איז פעיק צו אַרבעטן זאָל אויפשטיין אין אַ באַשטימטער צייט אינדערפרי, און אַלע זאָלן אַרבעטן גלייך און אין אַרטעלן. פאַרטיק ווערן מיט איין שטיק פעלד, זאָל מען זיך נעמען צום אַנדערן, און אַזוי ווייַ־ טער.

איז אָבער נאַקמאַנען אויסגעקומען שלעכט. עס וועט זיין אַ סך שטיקער פעלדער. און אויף וועמענס פעלד וועט מען פריער אָנהייבן צו אַרבעטן ?

האָט נאַקמאַן אַוועקגעלייגט דידאָזיקע פאַפירן און אָנגעשריבן אַ

בײ פּאַפּיר. דערדאָזיקער פּלאַן האָט שױן צװישן אַנדערע זאַכן געזאָגט, אַז דאָס גאַנצע לאַנד פֿון דעם ײדישן דאָרף װעט צעטײלט װערן אין עטלעכע גרױסע שטיקער לאַנד. אײן שטיק, לאָמיר זאָגן, איז באַשטימט צו פֿאַרזײען מיט װײץ, אַן אַנדער שטיק מיט קאַרטאָפֿל. די אַלע שטיקער װעלן געהערן צו דעם גאַנצן דאָרף. איצט װעט שױן נישט זײן קײן שאלות װעמענס שטיקער ערד פֿריער צו באַארבעטן. װײל דאָס שטיק לאַנד, װוּ מען װעט פֿאַרזײען װײץ, װעט זײן אַלעמענס בשותפות.

מיט דעמדאָזיקן פּלאַן האָט שױן נאַקמאַן זיך געפֿרײט. ער האָט שױן געטרױמט דערפֿון, אַז אין מיטן דאָרף זאָל זײן אַ טורעם מיט אַ גלאָק. מיט דעם ערשטן קלונג פֿון גלאָק זאָלן אַלע אױפֿשטײן פֿון שלאָף און אָפּעסן און אַלע אײנײנעם גײען אין פֿעלד. אַרײַן צו דער אַרבעט. אַלע, װאָס זענען פֿעיִק צו דער אַרבעט.

דאָ האָט שױן נאַקמאַן באַדאַרפֿט אָנשרײַבן אַ נײַ פּאַפּיר, װוּ עס האָט זיך געזאָגט, אַז פֿעיִק צו דער אַרבעט אין פֿעלד זענען מאַנסבילן העכער פֿון זעכצן יאָר, װײַבער און מײדלעך באַדאַרפֿן זיצן אין דער הײם. אָט אַזױ װיל נאַקמאַן. יאָ. מאַנסבילן העכער פֿון זעכצן יאָר זענען שױן פֿעיִק צו פֿעלד־אַרבעט, נידעריקער פֿון זעכצן יאָר דאַרפֿן גײן אין שול.

נאַקמאַן האָט אױך געמאַכט אױסנאַמען פֿאַר מאַנסבילן, װעלכע זענען נישט פֿעיִק צו פֿעלד־אַרבעט: אַלטע לײט איבער זעכציק יאָר און באַלמעלאָכעס, װי שנײדער, שוסטער און אַזױ װײַטער.

דער שנײדער באַדאַרף נײען די קלײדער פֿאַר דעם גאַנצן דאָרף, דער שוסטער די שיך א. אַז װ.

דערפֿאַר װעט מען זײן פֿעלד באַאַרבעטן און ער װעט האָבן אַ חלק אין דעם ברױט אָדער פּרוכטן, פּונקט אַזױ װי אַלע װעלן האָבן אַ חלק.

עס זענען אַװעק אַ פּאָר טעג און נאַקמאַן האָט דאָס איבערגעטראַכט.

אים איז געווען שלעכט, וואָס נאָכן פּלאַן, וועט ווערן בטל דאָס אינדיווידועלע אין יעדן איינעם פון דאָרף.

נאָכאַמאָל: אַלע קינדער וועלן לערנען אין שול ביז זעכצן יאָר.

וואָס וועט זיין אויב אַ קינד וועט האָבן חשק צו לערנען ווייטער?

און וואָס וועט זיין מיט אַזאַ קינד, וואָס וועט גאָרנישט וועלן לערנען?

אויב אַלע קינדער וועלן וויסן, אַז נאָך זעכצן יאָר וואַרט אויף זיי אַזאַ צוקונפט, פון ווערן פעיק צו פעלד־אַרבעט, פרעגט זיך נאַקמאַן, וועלן זיי אפשר גאָרנישט וועלן אָנהייבן צו לערנען?

נאַקמאַן איז געוואָרן פול מיט ספקות. ווי באַלד אַזוי, קאָן דאָך מעגלעך זיין, אַז אַלע פעיקע מאַנסבילן פון דאָרף זאָלן אויפהערן צו וועלן אַרבעטן?

עס וועט דאָך טאַקע נישט זיין עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל טרייבן דעם מענטש. אַז יעדער איינער וועט וויסן, אַז זיין חלק וועט ער סיי ווי סיי באַקומען, וועט דאָך אַמאָל איינעם באַפאַלן אַ מחשבה צו ווערן פויל.

און קאָן מען, איבערהויפּט, מעסטן אַרבעט, מיט אַן אַרשין.

איז נאַקמאַן ווייטער געבליבן מיט זיינע פּלענער אַ צעמישטער. ער איז אַרומגעגאַנגען עטלעכע טעג און געטראַכט. ביז ער האָט זיך דערטראַכט.

עס איז אים איינגעפאַלן גאָר אַרויס פון קאָפּ. ער האָט זיך נאָר געוווּנדערט, ווי אַזוי אַזאַ זאַך קאָן אים אַרויס פון קאָפּ. דאָס, האָט נאַקמאַן געמיינט, וועט שוין פאַרענטפערן אַלע קשיות. חוץ דעם קאָן ער זיך אַליין אונטערשרייבן אויף דעם מיט ביידע הענט.

נאַקמאַן האָט ווייטער באַשריבן אַ סך בויגנס פּאַפּיר. די איצטיקע פּלענער זענען געווען: אַז דאָס לאַנד וועט צעטיילט ווערן איטלעכן

ייד צו פינפצען פּאַלשעס ערד. זאָל זיך יעדער ייד אַרבעטן אויף זיין ערד, ווי ער וויל און ווען ער וויל. דאָס וועט שוין במילא ברענגען דערצו, אַז איינער וועט וועלן אַריבערשטייגן דעם אַנדערן. בײַ דעם וועט זיין דאָס פעלד געאַקערט דאָ אַרום, וועט דער אַנדערער אַקערן זיין ערד דאָרט אַרום, דער וועט פּאַרזייען ווייץ, וועט אַן אַנדערער זייען האָבער.

דאָס אייגענע וועט זיין אין דעם גאַנצן דאָרף. זאָל זיך יעדער ייד בויען זיין הויז אַליין, ווי אַזוי ער וויל. אויב דאָס ערשטע הויז וועט זיין שיין, וועלן די איבעריקע הייזער זיין נאָך שע־נער.

פעיִק צו דער אַרבעט וועלן טאַקע זיין נאָר מאַנסבילן אי־בער זעכצען יאָר, דאָס קאָן בלייבן אַ געשריבענער געזעץ פון דעם דאָרף.

און אויב אַ קינד וועט אַליין לערנען, זאָל עס לערנען. דאָס וועט מעגלעך מאַכן, אַז עס זאָל פּאַוואָליע אויסוואַקסן אַן אינטעליגענץ און אַזוי ווייטער.

אָבער עס איז נאָך נישט אַוועק אַ טאָג אַ גאַנצער און נאָכמאַן האָט זיך איבערגעטראַכט, אַז דער דאָזיקער לעצטער פּלאַן וועט ברענגען זיין דאָרף צו דער מדרגה פון אַריסטאָקראַטיזם פון איין זייט, און פון דער אַנדערער זייט וועלן זיינע יידן, ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק, ווערן הענדלער, שפּעקוליאַנטן.

וואָס טוט זיך דאָ מיט אים,

נאָכאַמאָל: יעדער ייד וועט באַאַרבעטן זיין לאַנד. מען וועט קאָנען קאָנקורירן. איינער וועט אַרבעטן בעסער פון דעם אַנ־דערן, וועט ער האָבן מער ברויט אָדער פּרוכט פון דעם אַנדערן. גוט.

דערפון וועט זיך נעמען, וואָס דער, וואָס האָט מער ווייץ אין זיין מאַגאַזין, וועט וועלן פאַרקויפן זיין ווייץ פּונקט אַזוי גוט, ווי דער ייד, וואָס האָט ווינציקער ווייץ. דער, וואָס האָט ווינציק ווייץ, וועט אָבער נישט קאָנען פאַרקויפן, סיידן מען וועט אים באַצאָלן

אַזוי פיל, וויפיל זיין מי האָט דעם וואָרט. יענער, וואָס האָט אָבער מער ווייץ, וועט שוין אָבער קאָנען פאַרקויפן ביליקער, ווייל אַז ער וועט צעוואַרפן דעם ווערט פון זיין מי אויף דער סומע פון זיין ווייץ, וועט זיין ווייץ האָבן אַ קלענערן ווערט. דאָס איז נומער איינס.

נומער צוויי איז דאָס, וואָס דער ייד, וואָס וועט האָבן מער ווייץ, וועט אַ קוק טון, אַז צוליב דעם, וואָס זיינע פעלדער האָבן אַרויסגעבראַכט אַ סך ווייץ, איז דער ווערט פון ווייץ אַ ביסל נידעריקער געפאַלן. וועט זיך דער אַ טראַכט טון, אָט אַזוי: צוליב וואָס זאָל איך דערלאָזן, אַז יענער, וואָס האָט ווינציקער געאַרבעט און האָט דערפאַר ווינציקער ווייץ פון מיר, זאָל זיך דערשרעקן און פאַרכאַפּן דעם קונה און אים פאַרקויפן זיין ביסל ווייץ ביליקער? וואָס טוט נישט אַ ייד צוליב מסחר? נעמט ער און קויפט אָפּ בײַ דעם ייד דאָס ביסל ווייץ. סיי־ווי האָט ער אין זיין מאַגאַזין אַ סך ווייץ, וועט ער האָבן נאָך אַ ביסל. דערווייל ווערט געוויר אַן אַנדערער ייד, אַז ער קויפט ווייץ. ווייץ איז אַ סחורה. וואָס טוט דער ייד? ער לויפט שטילערהייט אַוועק און קויפט אָפּ בײַ אַן אַנדערן ייד יענעמס ביסל ווייץ. באַצאָלט און נעמט דעם ווייץ צו זיך אין מאַגאַזין אַריין.

דאָס איז גערעדט געוואָרן וועגן ווייץ. און עס קאָן דאָך געשעען עפּעס אַנדערש מיט אַנדערע זאַכן אויך. ווי, צום ביישפּיל: דער שניידער און דער שוסטער וועלן האָבן זייערע אייגענע שטיקער ערד. זיי וועלן זיין אָבער אַזוי פאַרנומען מיט זייערע מלאכות, אַז זיי וועלן נישט האָבן ליידיקע צייט צו באַאַרבעטן זייער ערד. וואָס זשע וועלן זיי טון? לאָמיר זאָגן, אַז זיי וועלן דינגען אַנדערע יידן צו אַרבעטן אויף זייערע פעלדער. מיט דעם וועלן געבוירן ווערן צווייערליי שלעכטע זאַכן. ערשטנס, וועלן די באַלמעלאָכעס ווערן רייכער פון די אַנדערע יידן אין דאָרף. זיי וועלן פאַרמאָגן צוויי קוואַלן: די מלאכה זייערע און דאָס פעלד.

דער שניידער וועט פאַרזוכן איינמאָל און אַ צווייט מאָל: זיינע פעלדער ווערן באַאַרבעט מיט דעם שווייס פון אַנדערע. און עס איז גוט– וועט דער שניידער זאָגן צו זיך אַליין אַזוי: אויב עס איז גוט מיט מיין

פעלד, אז אַן אַנדערער זאָל אַרבעטן און עס איז דאָ אַ ברכה אין די פעלדער, פאַרוואָס זאָל עס נישט זיינגוט אויך מיט שניידעריי? וואָס־ושע וועט ער טון, אָט דערדאָזיקער שניידער? ער וועט דינגען אַן אַנדערן שניידער. ער וועט שוין געפינען. געלט וועט ער האָבן גענוג. און עס וועט אַזוי זיין. דער פרעמדער שניידער וועט נייען אין זיין וואַרשטאַט און אַן אַנדערער וועט אַרבעטן אויף זיינע פעלדער. ער אַליין וועט זיך אַרומדרייען ליידיק. צוליב וואָס באַדאַרף ער אַרבעטן, אַז ער קאָן דינגען אַנדערע פאַר געלט?

דערפון וועלן אַרויסוואַקסן אָט די אַריסטאָקראַטן.

איינער וועט זיך מתקנא זיין אויף דעם אַנדערן און צו ביס־לעך וועלן אַלע אויפהערן צו אַרבעטן. ווייל אויב איינער קאָן דינגען פרעמדע צו טון זיין אַרבעט, וועלן אַנדערע יידן זעען זיך אָנטון אַ כוח און וועלן אויך דינגען פרעמדע, אַז זיי זאָלן טון זייער אַרבעט. אַ דור וועט אונטערוואַקסן און עס וועט אַרויס־קומען אָט דאָסדאָזיקע באַשעפעניש, וואָס נאַקמאַן האָט פיינט ביז בלוט.

נאַקמאַן האָט דערפאַר איצט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַ נייעם פּלאַן. וואָס אָט דער נייער פּלאַן איז, ווייסט נאָך נאַקמאַן אַליין נישט. עס איז בײַ אים אין מוח אַ גאַנצע מישעניש פון געדאַנ־קען.

דערווייל פאַלט ער אַליין אַריין אין ספקות. ער באַדאַרף מיט זיך אַליין זייער פיל קעמפן. אָט פאַלט אויף אים אָן אַ שוואַרצער וואָלקן. ער הייבט אָן זיך פאַרצוואַרפן, אַז ער האָט דידאָזיקע אַרבעט נישט באַדאַרפט טון. ער האָט צו זיך תענית, אַז דער בעסאַראַביער ייד איז אויך אַ טייל פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק. אַז דאָס גאַנצע פאָלק זיינס איז נישט באַ־שאַפן געוואָרן פון דעם מין שטאָף, פון וועלכן עס לאָזט זיך שניידן שטיקער.

— עס איז אין גאַנצן נישט קיין גאַנץ פאָלק אין דעם ענגן זין פון וואָרט — האָט נאַקמאַן געטראַכט. עס האָט אים פאַרדראָסן. עס האָט אים וויי געטון.

שטיקער, — צעריסענע שטיקער, וואָס וואַנדערן איבער דער

וועלט — אַזוי האָט נאַקמאַן זיין צאָרן אויסגעגאָסן אין זיך אינע־ ווייניק.

אַז ער האָט געהערט וועגן דער מלחמה אין שטעטל, האָט ער פאַרביסן מיט זיינע ציין און עס האָט ווי געטון.

נאָכדעם האָט ער געהערט, אַז מען שלאָגט זיך. מען ברעכט פענצטער אין די קלויזן. נאַקמאַן איז אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגע־ נער.

ווי וועט זיין, אַז זיינע יידן וועלן זיך דאַרטן אין דעם צוקונפטיקן דאָרף אויך צעקריגן און אויסקלאַפּן די שויבן פון די פענצטער איינער באַם אַנדערן.

נאַקמאַן האָט דערפילט, אַז ער האָט פיינט זיין פאָלק ביז אין די טיפעניש פון זיין נשמה. אַזוי איז ער אַרומגעגאַנגען עטלעכע טעג אַ ברוגזער, אַ נערוועזער.

באַ זיך אין צימער האָט ער זיך אַלע מאָל אויסגעשטראָפט און זיך איבערגעבעטן מיט זיין פאָלק. ער איז גרייט געווען אַרויסצוגיין אין גאַס און זאָגן דעם ערשטן ייד, וועמען ער וועט באַגעגענען, אַז יענער זאָל אים אין פנים אָנשפייען.

זיין פאָלק איז אַזוי מענטשלעך. האָט חסרונות ווי יעדער מענטש און האָט אויך מעלות — אָבער זיין פאָלק פאַרמאָגט איין מעלה, וואָס אַלע אַנדערע פעלקער האָבן נישט און דאָס איז: אויסגעלייטערט־ קייט.

נאַקמאַן האָט זיך פאָרגעשטעלט, וואָס דאָ אין שטעטל וועט זיך אָפּטון, אַז אַלע יידן וועלן זיך, נאָך די מחלוקתן, איבערבעטן. פון דעם בילד וואָס ער האָט געזען, האָט זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן

נאָכדעם ווי זיינע אויגן האָבן זיך אויסגעטרערט, איז אים געוואָרן לויטער אין די אויגן.

אַזוי אויסגעלייטערט איז דאָס גאַנצע פאָלקס זיינס. און אויב עס איז נאָך נישט קיין פאָלק ווי אַלע פעלקער, וועט אָבער קומען דער טאָג און עס וועט ווערן נאָך אַ שענער פאָלק. נאַקמאַן זעט אַ ווייטע זעונג:

אַז עס וועט נאָכאַמאָל קומען דער טאָג, ווען אַלע יידן פון דער

גאַנצער וועלט וועלן זיך אויסקויפן מיט זייער געלט, מיט זייער האַנדל, מיט זייער קלוגשאַפט. זיי וועלן דאָס אַלץ אַ וואָרף טון דער וועלט אין פּנים אַריין און וועלן זיך אויסקויפן. דעמאָלט, ברידער, וועט דאָס יידישע פאָלק בלייבן אַזוי ווי אַ קינד נאָך זיין ערשטן טריט אויף דער ווייסער וועלט, אַ נאַקעטס, אַ בייס, אַן אויסגעלייטערטס.

14.

נאַקמאַן האָט אַ חוץ דעם, וואָס ער האָט געהאַט צרות מיטן פּלאַן פון דעם נייעם יידישן דאָרף, אויך געהאַט זיינע אייגענע יסורים.

אמת, דידאָזיקע יסורים זענען געווען זיס און האָבן נאַקמאַנען יינגער געמאַכט.

אין נאַקמאַנען האָט געזונגען דאָס בלוט, אַ געזאַנג פון ליבע צו דינהן.

און דערפאַר, וואָס דינה האָט דאָס געוווּסט, האָט נאַקמאַן זייער געליטן.

עס איז איינע פון די מיסטעריען פון דער וועלט. פונוואַנען האָט דינה געוווּסט, אַז נאַקמאַן האָט זי ליב?

און דאָס מענלעכע אין נאַקמאַנען האָט זיך געקריגט מיט דעם נאַר, וואָס אין אים.

וואָרים, וואָס האָט אים באַדאַרפט אַרן, אויב דינה ווייסט יאָ. פאַרקערט, דאָס האָט נאַקמאַנען געזאָלט הנאה טון.

נאַקמאַן האָט אָבער געוואָלט, אַז דאָס, וואָס ער האָט ליב דינהן, זאָל זיין אַ סוד. ער האָט זיך געוואָלט מיט דעמדאָזיקן געפיל שפּילן, באַ זיך איינעווייניק און דערנאָך, אַז ער וועט זיך גוט אָנשפּילן, זאָל ער קומען צו דינהן און דערציילן.

ווי אַזוי האָט נאַקמאַן געוווּסט, אַז דינה האָט שוין אויפגעכאַפּט זיינע געפילן?

ער האָט שוין פון אַ צייט לאַנג באַמערקט, אַז דינה קאָן נישט און
וויל נישט קאָנען דאָס, וואָס ער פאַרגיט איר אויסצולערנען.

אַלע טאָג, ווען ער קומט מיט איר לערנען, האָט נאַקמאַן באַמערקט
פון אַ שטיקל צייט, געפינט ער דינהן אַ וואַכעדיקע, אַן אויפגעפראַלטע.
נאַקמאַן, מעג זיין ווי אַזוי אויפגערעגט פון עפּעס פון פריער, ווערט ער
באַלד אַ באַרויקטער, אַ שטילער, ווי אַ פאַרשולדיקט קינד.

ער לויפט אַריין אין דעם צימער, וווּ דינה לערנט אַלע מאָל. דינה
לאָזט אים וואַרטן אַ ביסל. קיינמאָל פריער דאָס נישט געטון. זיצט נאַקמאַן
און וואַרט ביז ער ווערט נאָכאַמאָל אומגעדולדיק.

דינה קומט אַריין פליענדיק און זעצט זיך אַוועק און קוקט אויף
נאַקמאַנען מיט אירע אויפגעפראַלטע אויגן. נאַקמאַן רייכערט און פילט,
אַז ער פאַרלירט דעם דיל פון אונטער זיינע פיס.

ער באַווייזט קוים אַרויסצוזאָגן אַ פּאָר ווערטער, און דערפילט באַלד
ווייטער, ווי אַ רויקייט שלעפערט אים איין און פאַרוויגט.

דינה טוט זיך אַ וויג אויף דעם אָרט, וווּ זי זיצט אַזוי, ווי זי וואָלט
זיך אָן עפּעס דערמאָנט.

נאַקמאַן דרייט זיך אַרום איבער דעם צימער און הערט, ווי אַזוי
דינה לייענט אָדער דערציילט דאָס, וואָס זי האָט באַדאַרפט זיך אויס-
לערנען. זי מאַכט גרייזן. נאַקמאַן פאַרבעסערט די גרייזן, הייבט אָן זי
צו שטראָפן, פאַרוואָס זי האָט גאָר פּלוצלינג אויפגעהערט צו וועלן קענען.

עס טוט אים באַלד אויפן אָרט באַנג, פאַרוואָס ער שטראָפט דינען.

אָבער וואָס ווייטער, זעט אַלץ נאַקמאַן, אַז דינה האָט מחמת גע-
וויסע טעמים אויפגעהערט צו לערנען. באַ אים איז דאָס זייער אַ שווערער
קלאַפּ, ווייל עס הייסט, אַז ער נעמט געלט אומזיסט.

חוץ דעם עסט ער באַ ישראל גאָלדשטיין אויך. ווי דער מנהג איז
אין דער בעסאַראַביע, און ער האָט באַמערקט, אַז דינהס מוטער, וועלכע
איז אַזוי אויך געווען גוט צו אים אַלע מאָל, איז איצט צו אים זייער אויפ-
מערקזאַם. זי ציילט אים נאָך יעדן ביסן. אויב ער עסט ווינציקער, הייבט
זי אָן צו רעדן איבער אים, ביז זי רעדט אים איין, אַז ער זאָל נאָך אַ
ביסל עסן. און באַ דעם עסן רעדט זי צו אים וועגן אַזוינע זאַכן אינטימע,
ווי פאַר אַן אייגענעם זון.

אַזוי האָט נאָר אַמאָל גערעדט זיין מאַמע צו אים. און דאָס האָט

באַקמאַנען אָפּט זייער פּאַרדראָסן, ווייל ער האָט פיינט געהאַט אַזאַ טאָן אין רעדן אפילו פון זיין אייגענער מאַמען.

דינה ווידער פון איר זייט האָט אומישנע נישט געוואָלט אויסלער־נען דאָס, וואָס באַקמאַן האָט איר געהייסן. זי האָט זיך געוואָלט אַזוי ווי רייצן מיט אים. אַז באַקמאַן איז אירער, האָט זי געוווּסט אויף זיכער. פון ווען אָן דאָס ציט זיך, האָט זי נישט געוווּסט, אָבער מיט יעדן טאָג, וואָס דינה האָט געמאָסטן און געוויגן דאָסדאָזיקע געפיל, איז דינהן אַלץ זיכערער געוואָרן, אַז באַקמאַן איז אירער. זי האָט נישט געוווּסט פון קיין שום מיט־לען, ווי אַזוי דעם שפּיל צו פאַרענדיקן. אָבער זי האָט פונדעסטוועגן צו־געגרייט אירע אייגענע וועגן.

זי האָט געוואָלט זעען, וואָס באַקמאַן וועט זאָגן אויב זי וועט נישט קאָנען אַ לעקציע. זי האָט זיך געמאַכט פון פריער אַ סימן: אויב באַקמאַן וועט זיין ברוגז, וועט זי דאָס צווייטע מאָל אויך נישט אויסלערנען. און אויב באַקמאַן וועט ווייטער זיין ברוגז, נו, וועט זי ווייטער און ווייטער נישט אויסלערנען. דערהויפּט, וועט זי אים קוקן אין זיינע אויגן. אויב ער וועט אין אירע אויגן קוקן גלייך, וועט זיין אַ סימן, אַז באַקמאַן האַלט באַך ווייט. אויב אָבער ער וועט נישט קאָנען קוקן גלייך אין אירע אויגן, וועט זי וויסן, אַז מיט באַקמאַנען איז זי שוין זייער נאָענט. און דאָס זעט זי שוין פון לאַנג, אַז באַקמאַן קאָן נישט קוקן גלייך אין אירע אויגן.

באַקמאַן האָט זי קיינמאָל נישט אָנגערירט מער ווי באַ דער האַנט, ווען ער איז אַריינגעקומען צו זיי אין הויז אַריין און ווען ער איז אַוועק־געגאַנגען. דינה געדענקט דאָס זייער גוט, אַז ווען ער האָט איר האַנט גענומען אַמאָל אין אָנהייב פון זייער באַקאַנטשאַפט אין זיינער, האָט ער זי נישט געהאַלטן זייער פיל. איצט, אַז באַקמאַן נעמט איר האַנט אין זיינער, פילט דינה, אַז ער נעמט איר האַנט אויף נישט אָפּצולאָזן, ווי אויף אייביק. אַמאָל טוט ער איר האַנט אַ דריק צוזאַמען אין זיינער, אַז דינה פילט, ווי אירע פינגער־ביינדלעך וועלן זיך באַלד צעבּרעכן. אַן אַנדערש־מאָל וואַרעמט אַזוי באַקמאַנס האַנט, אַז דינה וואָלט אַזוי אייביק געהאַלטן איר האַנט אין זיינער.

אָט אַזוינע און נאָך אַנדערע סימנים האָט דינה זיך געמאַכט, ווייל

זי האָט נאָך קיינמאָל פריער אַזאַ געפיל נישט געהאַט צו קיין אַנדערן מאַנספערשוין.

דינה האָט נישט געוווּסט, וואָס ליבע איז.

זי האָט נישט געלייענט קיין ראָמאַנען און בײַ זיך אין הויז האָט זי נישט געהערט דערפֿון.

דינה איז אַלע מאָל געזעסן מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און זיך איינגעהערט, ווען איר מוטער רייזל פלעגט אין אַן אָוונט אַמאָל פֿאַר דער דינסט דערציילן, ווי אַזוי זי איז אַ כּלה געוואָרן פֿאַר ישׂראל גאָלדשטיין; ווי ישׂראל גאָלדשטיין איז געקומען איינמאָל אין אַ ווינטער־אָוונט. עס איז געווען זייער אַ טיפער שניי. ער איז צוגעפֿאָרן אין אַ שליטן מיט אַ גלאָק. און אַז זי האָט דערהערט דעם גלאָק, איז בײַ איר אַנטלאָפֿן דער מאַמעס מילך פֿון איר בלוט. די דינסט האָט אַלע מאָל באַמערקט פֿון איר זייט: „דראַגאַ דאָמנילי!"

הייסט עס, אַז דינה האָט אויך געדאַרפֿט וואַרטן אויף אַמאָל אין אַ ווינטער־אָוונט, און אויך הערן דאָס קלינגען פֿון אַ גלאָק. און מיט דעם שליטן וואָלט געקומען איינער אַ פֿרעמדער, אַזוי ווי איר פֿאָטער ישׂראל גאָלדשטיין איז געווען פֿרעמד צו איר מוטער. אין הויז אַריין וואָלט דער פֿרעמדער אַריינגעקומען מיט שניי באַשטויבט. עס וואָלט געוואָרן אַ גערודער. און בײַ איר וואָלט זיכער דער מאַמעס מילך אַנטלאָפֿן פֿון איר בלוט.

איז נישט בעסער אָט אַזוי?

נאַקמאַן איז שוין נישט קיין פֿרעמדער, וועלכער איז נאָר וואָס געקומען מיט אַ שליטן און מיט אַ גלאָק. דינה קען אים שוין. זי קוקט זיך גוט איין אין אים, בײַם עסן. זי האָט פֿון אָנהייב נישט ליב געהאַט ווי אַזוי נאַקמאַן האָט געגעסן.

אָבער ביסלעכווייז איז זי איינגעוווינט געוואָרן. ווען זי וועט מיט אים חתונה האָבן, וועט זי אים אויך נישט זאָגן קיין איין וואָרט וועגן דעם ווי אַזוי ער עסט, נישט אַזוי ווי די מאַמע אירע, וועלכע האָט געהאַלטן אין איין זאָגן דעם טאַטן „קוק נאָר אָן ווי דו עסט". דער טאַטע האָט זיך קיינמאָל צו דעם נישט צוגעהערט. צו וואָס זאָל זי זיך נאָר ש מאַכן? זי וועט נאַקמאַנען נאָך דער חתונה גאָרנישט זאָגן, נישט וועגן זיין געוווינהייט פֿון עסן און אויך נישט וועגן אַנדערע חסרונות.

דינה זעט אין אים אַ סך חסרונות. אָבער נאַקמאַן האָט מעלות, וועלכע וועגן אַריבער באַ דינהן אַלע זיינע חסרונות. און אַמאָל וויל זי גאָר איגנאָרירן, מאַכט זי אַלע זיינע חסרונות פאַר מעלות.

דערהויפּט איז באַ איר דאָס, וואָס זי קאָן אים. זי ווייסט, אַז נאַק־מאַן ווערט באַלד אַן אויפגעקאָכטער, אויב עס רירט אים אָן יענעמס אַ קרום וואָרט.

דינה ווייסט אָבער, אַז נאַקמאַן אַליין טראַכט זייער פיל איידער ער זאָגט יענעם אַ קרום וואָרט.

דאָס איז שוין באַ דינהן זייער הויך געשעצט, ווייל אַזוי ווי דינה האַלט זיך נישט פאַר זייער אַ קלוגע, פונדעסטוועגן פאַרשטייט זי, אַז אויב אַ מענטש טראַכט אַ סך, איידער ער זאָגט יענעם אַ קרום וואָרט, איז דער־דאָזיקער מענטש זייער אַ פיינער.

און אַז דינה האָט נאַקמאַנען פאַרגלייכט מיט אירע ברידער. גאָט! זי וועט שוין נישט טראַכטן דערפון, וואָס די ברידער זענען געבען גראָב און דאָס, וואָס נאַקמאַן איז געלערנט. דאָס טראַכט דינה איז אַ מזל. ווי איינער האָט מזל.

נישט דאָס אָבער איז דינה אויסן. זי מאָלט זיך אויס, אַז נאַקמאַן איז אויך אַזוי פאַרגרעבט, גאָט זאָל אָפּהיטן, ווי אירע ברידער. דעמאָלט שטייט אין אירע אויגן נאַקמאַן אויך אַ סך העכער פון אירע ברידער. מיט וואָס? מיט דעם האַרץ זיינעם. נאַקמאַן האָט זייער אַ ווייך האַרץ. דאָס האָט שוין דינה באַ זיך באַשטימט פון לאַנג.

און וואָס עס איז דאָ צו זאָגן וועגן נאַקמאַנען, איז לייכט צו זען. מען טוט נאָר אויף אים אַ קוק, נאָך איידער מען דערקענט אים, ווייסט מען שוין.

צום ערשטן האָט דינה ליב זיין קאָפּ האָר. דינה מיינט באַ זיך, אַז אַ מאַן באַדאַרף אויך האָבן שיינע האָר. נאָכדעם האַלט דינה אין איין קוקן אויף נאַקמאַנס פנים, וואָס מער זי קוקט אויף זיין פנים, אַלץ מער געפינט זי אין דעם אַנדערע שיינקייטן.

באַ איר זעט נאַקמאַנס פנים אויס אַלע מאָל אַנדערש. אַמאָל איז זיין פנים זייער אַ פריילעכס און דעמאָלט זענען נאַקמאַנס באַקן אויסגע־גלעט און ווייס ווי מיט מילך אויסגעוואַשן. זיינע שוואַרצע אויגן שווימען

אַרום אין נאַקמאַנס גרויסע ווייסלעך און די ווייסלעך זענען אַזוי לויטער ווייס, אַזוי ווי ווייסער שניי.

און אַן אַנדערשמאָל קוקט זי אָן נאַקמאַנס פּנים, ווי עס איז פאַר־צויגן מיט אַ טרויעריקן וואָלקן. נאַקמאַן איז דעמאָלט זייער מאָגער. פון ביידע זייטן פּנים שטעקן אַרויס צוויי ביינער, די קינבאַקן. זיינע אויגן זענען פאַרוואָלקנט און ברוין. דעמאָלט זענען זיינע רייד אַזוי ווייך.

דינה האָט ליב צו הערן, ווען נאַקמאַן רעדט ווייך און שטיל אַזוי ווי פון דעם האַרץ.

אירע ברידער זענען אַלע מאָל אָט אַזוי ווי זיי זענען. קיינמאָל האָט דינה זיי נישט געזעען אַנדערש, ווי זיי זענען תּמיד.

און נאָך אַ זאַך האָט זי דערקענט אין נאַקמאַנען. דאָס, וואָס ער שווייגט מער ווי ער רעדט. און אויב ער זאָגט עפּעס, געפעלט דאָס באַלד איטלעכן.

דינה האָט שוין געוואָלט, אַז דער טאָג זאָל קומען, ווען נאַקמאַן וועט זיין נאָר אירער אַליין. ערשטנס האָט זי געוואָלט וויסן, וואָס נאַקמאַן איז פון יענער זייט אין די פיר ווענט פון זיין היים. און צווייטנס האָט זי פּשוט נישט פאַרגינען, וואָס נאַקמאַן איז איטלעכנס און נישט אירער איינגאַנצן.

זי האָט נישט פאַרגינען, אויב נאַקמאַן איז געזעסן אָפּגעזונדערט מיט איר פאָטער אין שטוב און זייער לאַנג גיזשמועסט. וועגן וואָס זיי זאָלן דאָרט נישט רעדן, האָט דינה אויך געוואָלט וויסן. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי באַדאַרף בײַ נאַקמאַנען וויסן אַלץ. עס וועט מן הסתם אַזוי זיין, נאָכדעם ווען זיי וועלן חתונה האָבן. דערווייל האָט דינה נישט געקאָנט פאַרטראָגן.

דינה שעמט זיך פאַר זיך אַליין, אָבער אָפטמאָל קומט איר אָן אַ גע־דאַנק נאָכצוגיין ווי אַ שאָטן נאַקמאַנען ביז צו אים אין זיין צימער און באַהאַלטן זיך דאָרטן אין אַ ווינקל און זען, ווי אַזוי נאַקמאַן פירט זיך אויף אין זיין שטיבל.

און נישט נאָר דאָס, נאָר זי איז זיך מודה, אַז זי קאָן נישט פאַר־טראָגן ווי אַזוי איר מוטער דערלאַנגט נאַקמאַנען דאָס עסן. אַז די מאַמע וועט אים בײַ איר נישט צונעמען, דאָס ווייסט זי זייער גוט. אָבער זי קאָן פאָרט נישט ליידן.

זי בעט גאָט, אַז עס זאָל עפּעס טרעפן. און עס ווייזט אויס, אַז דאָס, וואָס עס וועט אינגיכן טרעפן האָט איר גאָט דאָס אַזוי געמאַכט.

מען וועט פאָרן אין אַ ווייט לאַנד. עס וועט זיך רעשן און מיט דעם פלאַנטער קאָן זיין וועט קומען דאָס, וואָס זי וויל.

גאָט זאָל העלפן!

15.

צוויי פּרעמדע־זענען זיי אין שטעטל געווען: נאַקמאַן און הירש־בער ליטוואַק. אין דער מחלוקה פון שטעטל האָבן זיי זיך נישט גע־מישט.

נאַקמאַן איז געווען פּאַרטיפט אין פלענער פון דעם צוקונפטיקן יידישן דאָרף און הירש־בער ליטוואַק האָט גאָרנישט געהאַט וואָס צו טון.

די תלמידים האָט מען בײַ אים צוגענומען. עסן האָט ער נישט בײַ קעמען. האָט ער אַזוי זיך אַרומגעדרייט אין שטעטל. זיין לעצטן גראָשן האָט ער שוין אויסגעגעבן אויף אַ גלעזל בראָנפן מיט פאַרבייסן, וואָס ער האָט באַקומען בײַ משה שמשס ווייב.

אויסגעלאָזט זיך בײַ אים דער לעצטער גראָשן, בײַ הירש־בערן. עס איז אים זייער שווער געווען דעם ערשטן טאָג. באַלד נאָכן דאַווענען האָט אים שטאַרק געצויגן צו טון אַ טרינק בראָנפן.

ער איז געקומען אין זיין צימער, דאָרט, וווּ עס איז געווען דאָס חדר און אויך דאָרט, וווּ עס איז געשטאַנען זיין בעט.

דאָס צימער איז געווען מיט אַ פענצטער אין אַ פינצטערער ליק אַריין. קיינמאָל איז צו דעמדאָזיקן פענצטער די זון נישט צוגעקומען.

הירש־בער האָט דערפילט, אַז די קעלט גערשט אים די ביינער. ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף זיין בעט, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ נידעריקער, מיט שטרוי אויסגעבעטער, קאַנאַפּע און מיט אַ קישן צוקאָפּנס.

דאָס ציכל פון דעם קישן האָט שוין לאַנג פאַרלוירן דעם קאָליר. און די וואַטאָווע קאָלדרע איז געווען פול מיט לעכער, פונוואַנען עס האָט אַרויס־געשטעקט טונקל גרויע וואַטע.

הירש־בער איז דורכגעשלאָפן אַ שטיק פון טאָג, האָט זיך אויפגע־כאַפּט און זיך אָנגעטרונקען מיט וואַסער.

דער הונגער האָט אים געטון אַ נעם. אינעווייניק באַ אים אין בויך האָבן זיך געהויבן די קישקעס. הירש־בער האָט דאָס געקאָנט הערן, ווי זיי הייבן זיך.

אין מויל, אַזוי גיך, ווי ער האָט אויסגעטרונקען דאָס וואַסער, איז געוואָרן צוריק טרוקן. הירש־בער האָט מיט דער צונג צונויפגעזאַמלט אַ ביסל שפּייעכץ און דאָס שפּייעכץ אַראָפּגעשלונגען.

שוין צום הונדערטן מאָל זיך אויסגעזידלט, אַז עס זאָל אים גאָר־נישט איינפאַלן גיין איצט עסן באַ איינעם פון זיינע באַלעבאַטים. ער האָט דאָס באַדאַרפט טון באַלד פון דער ערשטער מינוט. מילא, די קינדער קומען נישט אין חדר, אָבער וואָס האָט דאָס צו טון מיט דעם עסן. עס וועט זיך ענדיקן די מחלוקה, וועלן דאָך די קינדער אָנהייבן צו גיין אין חדר. נאָר אויב ער איז נישט געגאַנגען באַלד דעם ערשטן טאָג, באַדאַרף ער שוין איצט נישט גיין, און טאָר איצט נישט גיין. דאָס וועט הייסן בעטלען. נישט באַ הירש־בערן האָט מען געטראָפן.

— וואָס זאָגסטו הירש־בער, אַ בעטלער וועסטו ווערן, — האָט הירש־בער ליטוואַק צו זיך אַליין געטראַכט — דעם טויט וועסטו באַקומען, אום צו בעטלען!

הירש־בער האָט זיך צוריק אַוועקגעלייגט אויף זיין בעט. ער איז איצט זייער שוואַך געווען. ער האָט געפילט, אַז ווען אַ פליג וואָלט אים איצט געטון אַ ביס, וואָלט אים שוין דאָ אויפן אָרט אויסגעגאַנגען די נשמה. אַזוי איז ער איבערגעלעגן דעם גאַנצן טאָג. אַ ביסל געכאַפּט אַ דרימל און זיך אויפגעכאַפּט. דער קאָפּ האָט געברענט און די ליפּן זענען געווען טרוקן. אַנטקעגן אָוונט איז ער איינגעשלאָפן און זיך אויפגעכאַפּט אין דער פינצטער. געפילט, אַז עס איז שוין שפּעט באַנאַכט. הונגעריק איז ער נישט געווען. זיינע גלידער זענען געווען שווער און ער האָט גאָרנישט געוווּסט, פאַרוואָס זיי זענען אַזוי שווער. מסתּמא עפּעס געטון אַזאַ שווערע מלאכה, זיך אָנגעהאָרעוועט אַ גאַנצן טאָג. ער האָט

זיך אינגאַנצן באַהאַלטן אונטער דער קאָלדרע און נאָכאַמאָל איינגע־שלאָפן.

אויף מאָרגן האָט ער זיך אויפגעכאַפּט שפּעט.

אַז עס איז שפּעט, האָט ער זיך דערוווסט, ווען ער איז אַרויסגע־קומען אין דרויסן. די זון האָט שוין גוט געוואַרעמט. הירש־בער האָט זיך געאיילט אין קלויז אַריין, דאַווענען. צוגעקומען צום קלויז, האָט ער גע־טראָפן אַ סך מענטשן שטיין באַ דעם שטעפּאַנעשטער קלויז.

— מסתמא עמעצער געשטאָרבן — האָט הירש־בער געטראַכט.

הירש־בער האָט געטון אַ פרעג, ווער עס איז געשטאָרבן.

— קיינער נישט.

— וואָס דען איז דאָסדאָזיקע געלויף?

— נעמט די אויגן אין אייערע הענט, וועט איר זען.

הירש־בער האָט זיך אַזש געטון אַ טרייסל אי פון דעם, וואָס מען האָט אים אַזוי שאַרף אַריינגעפאָרן און אויך פון דעם, וואָס ער האָט דערזען, אַז די פענסטער פון דעם קלויז זענען אַלע צעבראָכן.

אַריינגיין אינעווייניק האָט ער נישט געוואַגט, אין אַ שול מיט אויסגעהאַקטע פענסטער. איז ער דערפאַר אַזוי געשטאַנען צווישן עולם פון די אָנגעלאָפענע מענטשן, דאָ באַ דעם רעדל מענטשן און שפּעטער באַ אַן אַנדער רעדל. ער האָט געהערט ווי זיי רעדן און עס איז אים געווען פרעמד. דאַכט זיך נאָר איין וואָרט האָט ער באַדאַרפט וויסן, כּדי הירש־בער זאָל אָנהייבן צו פאַרשטיין, פון וואָס עס רעדט זיך דאָ. ער האָט אָבער מורא געהאַט צו פרעגן.

פונדעסטוועגן האָט זיך אים געוואָלט אַזוי שטיין אַ גאַנצן טאָג מיט איין אויער אויסגעבויגן און הערן, וואָס מענטשן רעדן. אים האָט זיך געוואָלט, אַז עס זאָל נאָך עפּעס באַלד געשען, עס זאָלן קומען צו לויפן נאָך מער מענטשן.

אָבער דאָס, וואָס האָט זיך געוואָלט הירש־בערן, איז נישט גע־שען. פאַרקערט. דער אָנגעלאָפענער עולם האָט אָנגעהויבן צו ווערן שי־טערער.

ביז הירש־בער איז געבליבן שטיין באַם קלויז איינער אַליין. ער האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל און דערזען, אַז די זון האָלט

שוין נישט ווייט פון פאַרגיין און באַ דעם האָט ער זיך דערמאַנט, אַז ער האָט נאָך היינט נישט געדאַוונט.

פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט אויך נישט פאַרגעסן, אַז ער האָט נעכטן אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן. אים האָט געוווּנדערט, פאַרוואָס עס מאָנט אים נישט עפּעס צו עסן.

הירש־בער האָט דאָס פאַרענטפערט מיט דעם, וואָס ער האָט נישט געדאַוונט. הייסט עס, ער נאַרט זיין מאָגן אָפּ מיט דעם, וואָס ער דאַוונט נישט.

דאָס איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער האָט, זאָגאַר, געטאָן אַ שמייכל אויפן חשבון פון זיין מאָגן, און איז אַוועקגעגאַנגען זעען, צי עס איז טאַקע אמת, אַז מען האָט אין דער באַלעבאַטישער שול אויך אויס־געקלאַפּט די פענצטער.

אַזוי גייענדיק האָט ער זיך דערמאַנט אָן זיין ליטע. אים האָט זיך איצט אַזוי געוואָלט זיין אינדערהיים צווישן זיינע. דאָ איז גאָר קיין יידן נישטאָ. נאָר אַזוי ווי גויים, האָבן זיי גאָר קיין עול נישט אויף זייער קאָפּ.

ער האָט זיך דערמאַנט אָן זיינע קינדער. זיי מוזן שוין זיין גרויס — האָט הירש־בער מיט שטאָלץ געטון אַ טראַכט. נאָר ווי אַזוי קאָן ער איצט אַהיימפאָרן? ער האָט נישט קיין גראָשן באַ דער נשמה.

— זיי האָבן קיין עול אויף זייערע קעפּ — האָט הירש־בער גע־מורמלט צו זיך אַליין, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען די באַלעבאַטישע שול און דערהערט, אַז די פענצטער זענען דאָרט אויך אויסגעקלאַפּט. ער האָט אָבער מורא געהאַט זיך אָפּצושטעלן קוקן.

דערווייל איז געוואָרן נאַכט.

הירש־בער האָט פאַרוויקלט אַ ציגאַר טיטון און פאַררייכערט. דאָס איז נאָך באַ אים געווען דאָס איינציקע לעצטע ביסל פאַרמעגן. ער האָט דאָס ביסל טיטון זייער געהיטן. ווער ווייסט, צי עס וועט אים זיין גענוג אויסצוקומען מיט דעם טיטון ביז די מחלוקה וועט זיך ענדיקן און ענ־דיקן מוז דאָס. שוין דעם לעצטן שאָס געטון, די פענצטער אין די בתּי מדרשים אויסגעקלאַפּט. וואָס נאָך?

הירש בער האָט באַ זיך געטון אַ שטילן נדר, אַז אויב גאָט וועט העלפן און עס וועט זיך ענדיקן, נעמט ער צונויף דעם לעצטן גראָשן און פאָרט אַהיים אין דער ליטע.

דערווייל האָט ער דערפילט, אַז עס לאָזן זיך אים אויס די כוחות, דער רויך פון דעם טיטון איז אַריין אין זיין ליידיקן מאָגן. ער פילט, אַז עס הויבט אים אָן צו ווערן נישט גוט, נאָר זיך אָװעקצולייגן אין מיטן גאַס.

ער הייבט אָן צו פאַרגיכערן זיינע טריט. וואָס ער זאָל זיי נישט פאַרגינען, אָבער שטאַרבן באַ זיי, באַ די בעסאַראַביער יידן אין מיטן גאַס, דאָס וועט ער זיי נישט צוליב טון.

16.

הירש=בער האָט האַלב געעפנט זיינע אויגן, ער האָט נישט געוווּסט, ווו ער איז, צי אינדערהיים אין זיין ליטע, צי אין דער פרעמדער בעסאַ=ראַביע. ער האָט אויך נישט געוווּסט, אַז ער ליגט שוין אין בעט, באַ זיך אין צימער, אַ פּאָר טעג.

ער האָט עמעצן גערופן, ווי אים האָט זיך געדאַכט, מיט אַזוינע הויכע קולות. זיינע קולות ווערן וואָס אַמאָל שוואַכער. און אויב יענער, וועמען ער רופט, וועט נישט דערהערן? עס איז שוין באַ אים באַלד קיין כוח נישטאָ צו רופן יענעם. פאַרוואָס וויל יענער נישט צוקומען? אפשר איז דאָס צוליב יענעמס טובה. אָן שום ספק, יענעמס טובה, אַז ער זאָל צוקומען נאָענט און הערן, וואָס ער, הירש=בער, האָט צו זאָגן! נאָר ער וויל דאָך נישט צוקומען; ער שטייט דאָרט פון ווייטן און זיינע אויערן זענען פאַרשטאָפּט.

הירש=בער האָט אומבאַוווּסטזיניק זיך געטון אַ הייב אויף פון זיין בעט. אויסגעדרייט זיין קאָפּ צו דעם צוקאָפּנס פון דעם בעט, און עס האָט אים געטון אַ ברי אַ געדאַנק, אַז יענער שטייט צוקאָפּנס פון זיין בעט. י ע = נ ע ר שטייט!

עס האָט הירש=בערן אָנגעכאַפּט אַ מוראדיקע שטאַרקייט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט אויף זיינע פיס און איז אַרויס פון זיין צימער. בשעת מעשה האָט הירש=בער געפילט, ווי זיינע פיס בייגן זיך. ער איז שיער

נישט געפאַלן. אָבער אַ מוראדיקע שטאַרקייט איז אויף אים אָנגע־פאַלן, ווייל ער האָט אים דערזעען שטיין באַ דעם צוקאָפּנס פון זיין בעט.

ער האָט דערפילט, אַז ער מוז אַנטלויפן פון אים, פון וועמען קיינער איז נאָך נישט אַנטלאָפן.

הירש־בער איז דורכגעלאָפן די קאַמער אַזוי ווי אַ בליץ און אַריין צו זיין באַלעבאָסטע אין הויז. ער האָט די באַלעבאָסטע באַ־מערקט, האָט ער זיך אַנידערגעשטעלט און עפּעס געמורמלט צו איר.

די באַלעבאָסטע האָט זיך דערשראָקן, געטון אַ לאָז אַרויס אַ קוויטש. הירש־בער האָט זיך דערווייל אַרויסגעכאַפּט פון הויז און אַלץ געלאָפן ווייטער. מענטשן האָבן דערהערט דעם קוויטש, זע־נען זיי געקומען צו לויפן. האָבן זיי געפונען דאָס ווייב פון יאַנקל רעשעטניק ליגן אויף דער ערד אַ געחלשטע, האָט מען זי דערמינ־טערט.

אַז מען האָט זי דערמינטערט, איז מען געלאָפן ברענגען דעם מאַן אירן.

ווייבער האָבן געוואָלט דערגיין, פאַרוואָס זי האָט געשריגן און גע־חלשט, אָבער זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט דערציילן איר מאַן. יאַנקל וועט שוין עמעצן צעברעכן אַ ביין.

אַז יאַנקל רעשעטניק איז אַהיימגעקומען אַ פאַרשטויבטער און אויס־געשמירטער, האָט ער באַלד אַרויסגעטריבן אַלע ווייבער פון הויז. ער איז געווען שטאַרק פאַרליבט אין זיין אייגן ווייב, האָט ער זיך אַפּנים שטאַרק דערשראָקן. איצט, אַז ער האָט זי געפונען אַ לעבעדיקע, האָט זיך באַ אים אָפּגעריסן אַ כּעס און ער האָט דעם כּעס אויסגעלאָזט צו די פרעמדע ווייבער.

אַרויסגעטריבן די ווייבער, האָט ער זיך באַוואַשן פון דעם שטויב. עס איז שוין געווען אָוונט. וועט ער שוין נישט גיין צוריק צו דער אַרבעט. דער ווייץ וועט נישט קראַנק זיין צו וואַרטן ביז מאָרגן, אַ פּאַהיבעל אויף די סוחרים! ריינעם ווייץ ווילן זיי!

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט באַם טיש און דאָס ווייב זיינס האָט פאַר

זיינע אויגן אָוועקגעשטעלט אַ שיסל און פון דער שיסל האָט געזעצט אַ פּאַרע. יאַנקל האָט נאָר אַריינגעשטעלט דעם ערשטן לעפל, ווי ער האָט דערהערט, אַז זיין ווייב האָט געטון אַ לאַך.

יאַנקל האָט שוין געוווּסט זיין ווייבס טבע. זי דערמאָנט זיך אין עפּעס, וואָס זי באַדאַרף אים דערציילן און טוט אַ לאַך. אים גייען אירע זאַכן אין איין אויער אַריין און פון אַנדערן אַרויס. נו, ווען ער זאָל אַזוי נישט ליב האָבן זיין ווייב, וואָלט יאַנקל נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, ווי זיין אַרבעט איז געווען, איבערצווזיפּן הונדערטער זעק מיט ווייץ, יאָ, ווען ער זאָל זי אַזוי נישט ליב האָבן, וואָלט ער זיך צו אירע זאַכן נישט צוגעהערט.

יאַנקל מאַכט זיך אָבער אַזוי ווי תּמיד אויך איצט, ווי נישט אים מיינט זי מיט דעם לאַך. זיך איז פאַרטון אין דער שיסל, פון וועלכער עס זעצט אַ פּאַרע.

— יאַנקל! — הייבט אָן זיין ווייב און פאַרגייט זיך אין אַ גע־לעכטער.

— וואָס איז מיט דיר היינט? — ווערט שוין יאַנקל בייז — איינ־מאָל געחלשט און איצט אַ געלעכטער?

— יאַנקל! — פאַלט צו דאָס ווייב זיינס צו יאַנקלען. פאַלט אויף אים אַרויף און פון אירע אויגן גיסן זיך טרערן און מיט ביידע הענט רייבט זי זיך באַ די זייטן און דאָס געלעכטער קייקלט זיך פון איר אַזוי ווי פון אַ פאַס, איר האַלז בלאָזט זיך אָן מיט בלויע אָדערן און זי שרייט: איך האַלט נישט אויס, יאַנקל!

— נו, הכּלל, וואָס איז דאָ געווען? דערצייל שוין — איז יאַנקל שוין געוואָרן נאָך מער ברוגז.

— דער ליטוואַק, — האָט יאַנקלס ווייב זיך געבויגן אין אַלע זייטן און געריבן מיט ביידע הענט אירע דאָס גראָבע פלייש פון אירע פיס — דער ליטוואַק...

דאָסדאָזיקע וואָרט „דער ליטוואַק" האָט זי אַזוי לאַנג גע־צויגן, אַז יאַנקל האָט שוין באַלד אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, וואָס דאָ איז געווען. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש, און גע־זאָגט:

— גיי, ביסט אַ נאַר. אַזאַ ייד, וועט נישט טון אַזעלכע זאַכן.

— אַזאַ ייד! שוין ווער ווייסט וויפיל יאָר אָן אַ ווייב — האָט יאַנקלס ווייב געזאָגט און בשעת זי האָט דאָס געזאָגט, האָט זי פאַרקנעפּלט איר צעקנעפּלטן האַלז.

— איך ווייס, וואָס ווייבער קאָן איינפאַלן.

— גלייבסט נישט — האָט זי ווייטער אָנגעהויבן צו לאַכן, דאָס מאָל שוין מיט אַ קריי, זי איז זיך פאַרגאַנגען און קוים צוריקגעקומען צום באַוווסטזיין און אויסגעצויגן די ווערטער „גלייבסט נישט" אויך מיט אַ קריי.

— וואָס זשע האָט ער דיר געטון?

— וואָס הייסט, ער איז אַריינגעקומען, דער ליטוואַק, איך בין אַזוי געווען פאַרטון אין קאָכן. פּלוצלינג איך טו אַ קוק, דער ליטוואַק איז דאָ. ווען איך האָב אים אַמאָל געזען, האָב איך שוין נאָכדעם עטלעכע טעג נישט געקאָנט עסן. נאָר היינט קומט ער אַריין און גייט גלייך צו מיר צו.

— ווער, דער ליטוואַק?

— ווער דען?

— וואָס האָט ער געוואָלט?

— איך האָב געחלשט. נאָר איך געדענק זיינע אויגן. פון זייער קוק האָב איך געחלשט.

— ווו איז ער? — האָט יאַנקל געטון אַ שפּרונג — ווו איז ער?

— יאַנקל, נאָר מיט רחמנות, — האָט זיך דאָס ווייב געשטעלט איר מאַן אין וועג — איך בעט דיך, מיט רחמנות.

— ווו איז ער? לאָז מיך אויף אים אַ קוק טון!

יאַנקל איז אַוועקגעלאָפן אין דעם צימער, ווו הירש-בער ליטוואַק האָט זיך אויפגעהאַלטן. דאָס ווייב זיינס איז אים נאָכגעלאָפן זיך אָנ-האַלטנדיק באַ איינעם פון זיינע לויזע אַרבל.

באַ דער אָפענער טיר איז יאַנקל געבליבן שטיין, געהייסן זיין ווייב, אַז זי זאָל ברענגען דעם לאָמפּ. זי האָט געבראַכט.

אַ מוראדיק געשטאַנק האָט זיך געפּילט אין דעמדאָזיקן צי־מער.

דאָס בעט איז געשטאַנען ליידיק און צעוואָרפן אַזוי ווי מען וואָלט אין דעם לאַנג געשלאָפן.

— ווי איז ער, דער ליטוואַק?

## 17.

אין דעם אייגענעם אָוונט האָט גראָד געטראָפן, אַז אבא און לייביש, צוויי בית־המדרשניקעס, האָבן זיך אָנגעגרייט אויסצופירן זייער אָפּמאַך: אַנטלויפן אין אַ ווייטער, גרויסער שטאָט.

אבאס פאָטער איז געווען אַן אָרעמאַן, דערפאַר האָט לייביש, וועלכער האָט געהאַט אַ רייכן טאַטן, באַדאַרפט, על פּי דעם אָפּמאַך, אַרויסנעמען פון זיין פאָטערס שיפלאָד אַ סך געלט, אַז עס זאָל זיין גענוג פאַרביידע חברים אויף הוצאות.

באַלד נאָך מעריב זענען ביידע חברים אַהיימגעגאַנגען. זיי האָבן נאָך אויפן וועג אין דער פינצטער אָפּגעשמועסט, אַז נומער איינס: אבא זאָל זיך לייגן שלאָפן נאָך וועטשערע עסן און אַז ער וועט הערן, אַז אַלע שלאָפן שוין אין שטוב, זאָל ער זיך אָנטון צוריק און זיך אַרויסכאַפּן און וואַרטן נישט ווייט פון לייבישס שטוב. נומער צוויי: לייביש זאָל אויך אַהיימקומען און נאָך וועטשערע זאָל ער זיך לייגן שלאָפן. און אַז אַלע וועלן שוין שלאָפן געשמאַק, זאָל ער אויפשטיין און זיך שטילערהייט אָנטון. און שטילערהייט אַרויסנעמען אַ פּאַק מיט געלט. און אַרויסקומען אין דרויסן און טון אַ הוסט. וועט שוין אבא וויסן, אַז דאָס איז ער.

ביידע, אי אבא, אי לייביש זענען אַוועק אין זייערע היימען.

אבא האָט געטון אַזוי, ווי עס איז געווען דער אָפּמאַך. זיין האַרץ האָט באַ אים זייער שטאַרק געקלאַפּט.

אָבער שפּעט אין אָוונט איז ער געשטאַנען נישט ווייט פון זיין חבר לייבישס הויז און געוואַרט, אַז לייביש זאָל אַרויסקו־מען.

אין דרויסן איז געווען פינצטער אי פון דעם, וואָס עס איז געווען באַנאַכט און אויך פון דעם, וואָס דער הימל איז געווען באַפּלעקט מיט שטיקער וואָלקנס נאָך שוואַרצער פון דער נאַכט. עס איז געווען קאַלט. הינט האָבן שטאַרק געבילט, זיך פאַרגאַנגען אין אַ יאָמער, וואָס איז נאָך געווען שוואַרצער פון דער נאַכט און אויך פון שוואַרצע וואָלקנס. אבא האָט נישט געוווּסט, פאַרוואָס די הינט בילן אַזוי טרויעריק. עס איז אים געוואָרן קאַלט און טרויעריק אין אַלע זיינע חושים. און ער האָט, אַליין נישט ווּיסנדיק פאַרוואָס, אָנגעהויבן צו בעטן גאָט, אַז עס זאָל עפּעס טרעפן, כּדי ער זאָל קאָנען זיך צוריק אומקערן אַהיים.

זיין חבר לייביש האָט געטון אַזוי, ווי ער האָט אָפּגעשמועסט מיט אבאן. ער איז אַהיימגעקומען פון בית־המדרש, אָפּגעגעסן, און איידער ער איז געגאַנגען שלאָפן האָט ער אָנגעהויבן אַ שטומען שמועס צווישן זיינע אויגן מיט די אויגן פון זיין פאָטער.

גרשון זיין פאָטער, אַ קלוגער, שיינער און פרומער ייד, האָט, ווי מיר ווייסן, גאָרנישט געוווּסט וועגן זיין זונס פּלאַן. נאָר לייבישן האָט זיך היינט אָוונט, בשעת ער האָט געטון אַזוי אַ קוק אויף זיין פאָטער און געטראַכט, אַז דאָס איז שוין דער לעצטער קוק, וואָס זיינע אויגן כאַפּן אויף זיין פאָטערס פּנים, האָט לייביש געטון אַ דערזע אין זיין טאַטנס בליק עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים אָנגעשטויסן אויף דער מחשבה, אַז זיין פאָ־טער ווייסט, ווייסט פון אַלץ.

לייביש האָט זיך דערפאַר באַלד געלייגט שלאָפן. ער האָט זיך איינ־געהאַלטן מיט אַלע כּוחות, אַז ער זאָל נישט איינשלאָפן. און עס איז אים אָנגעקומען זייער שווער, ווייל עס האָבן זיך אים ווי אויף להכעיס געקלעבט זיינע אויגן צום שלאָפן.

לייביש האָט זיך איינגעהערט צו דעם, וואָס עס האָט זיך גע־טון אין שטוב. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זיין פרוי און מוטער שמועסן שוין שטילערהייט וועגן דעם, אַז זיי ווייסן פון זיין פּלאַן.

באַלד נאָכדעם האָט ער געהערט, ווי זיין מאַמע האָט איבערגע־
דרייט דעם שליסל אין שלאָס פון שיפלאַד. דער שלאָס האָט געטון אַ בייזן
קלינג.

זיין ברוגז אויף דעם שלאָס, האָט לייביש נישט וואָס. אויף דער
מאַמען מיט דעם טאַטן אויך נישט. פאַרקערט, ער ווייסט, אַז ער באַגייט אַ
גרויסן פעלער אַקעגן זיי. אָבער עס קומט פריער די גרויסע שטאָט, נאָכ־
דעם דער עקזאַמען און נאָכדעם דער אַטעסטאַט. און דעמאָלט וועט שוין
אַלץ אויסגעגלייכט ווערן.

לייביש האָט זיך איינגעהערט, ווי זיין מוטער האָט זיך געלייגט
שלאָפן און נאָכדעם האָט דער פאָטער פאַרריגלט די טיר און אויסגעלאָשן
דעם לאָמפּ.

אין הויז איז געוואָרן פינצטער. לייביש האָט געוואָלט שלאָפן, אַזוי
ווי אַ מענטש וויל לעבן. ער האָט געהאַלטן זיינע אויגן ברייט אויפגע־
עפנט און געפילט ווי זיין האַרץ שפרינגט אַראָפּ און אַרויף. אין הויז איז
געוועזן שטיל און פינסטער. דאָס מעבל פון צימער, וווּ ער איז געלעגן,
איז אויסגעוואַקסן אין געשטאַלטן. דאָס ווייסע האַנטוך, וואָס איז געהאָנגען
באַ דער טיר, האָט איצט נאָר געוואָלט אויסזען ווי אַ מענטש און דער
מעשענער לייכטער אויף דעם קאָמאָד, מיט די זיבן רערן, האָט אויך
נאָר זיך איינגעשפּאַרט און אויסגעזען, ווי אַן אויסגעשטרעקטע האַנט.ליי־
ביש איז געלעגן און געפילט, אַז זיין גאַנצער גוף איז געוואָרן אַזוי שווער
ווי אַ שטיין. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט גאָרנישט קאָנען זיך
אויפהייבן.

און דאָס בילן פון הינט האָט זיך געטראָגן פון דער נאַכט. ליי־
ביש האָט שטילערהייט זיך אויפגעהויבן פון זיין בעט. ער האָט זיך גע־
וואָלט אָנטון זיינע קליידער, אָבער ער האָט זיך באַרעכנט, אַז בעסער
איז אָפּצוטון די זאַך וואָס גיכער, ווייל מען שלאָפט אין הויז דעם
ערשטן שלאָף. און אַז ער וועט נישט זיין אָנגעטון און אויב מען וועט
זיך אויפוועקן, וועט ער קאָנען זאָגן אַ תּירוץ און זיך לייגן צוריק
שלאָפן.

לייביש איז פריער אַ נאַקעטער צוגעגאַנגען צו דער טיר פון שלאָפ־
צימער, וווּ זיינע עלטערן זענען געשלאָפן. ער האָט זיך איינגעהערט אין

דער שטילקייט פון דער נאַכט. ער האָט געהערט, ווי אים האָט זיך גע־ וויזן אויף זיכער, אַז זיי שלאָפן.

דעמאָלט איז לייביש פלינק ווי אַ וויכער געטון אַ לויף צום טיש, וווּ דאָס געלט איז געלעגן. נישט דאָס ערשטע מאָל, אַז ער האָט זיך צו־ געכאַפּט צו דעמדאָזיקן שיפלאָד. ער האָט שוין געוווּסט, ווי אַזוי אונטער־ צוהייבן דעם שיפלאָד פון הינטן, אַז דער שלאָס זאָל אַרויסשפּרינגען פון זיין אָרט.

אין דער מינוט, וואָס ער האָט אויפגעעפנט דעם שיפלאָד, האָט ער געטון אַ כאַפּ מיט ביידע הענט דעם פּאַק געלט. אין דער פינצטער האָט ער נישט געקאָנט וויסן וויפיל עס איז געווען, אָבער ער האָט געוווּסט, אַז עס איז אַ סך, מער, וויפיל ער באַדאַרף. אַז ער האָט איינגעוויקלט דאָס געלט אין אַ בינטל, איז לייביש געטון אַ לויף צו זיין בעט. אָבער נאָך איידער ער האָט באַוויזן זיך אָנצוטון, האָט זיך דערהערט ווי דער טאַטע האָט געזאָגט: „דאַכט זיך אין הויז אַ גנב".

און באַלד נאָכדעם אַ געוואַלט, אַ ליאַרם.

לייביש האָט זיך דערשראָקן און איז אַרויס אַ נאַקעטער אין דרויסן, און אָנגעהויבן צו לויפן מיטן בינטל געלט איינגעקוועטשט אין זיין זשמע־ ניע, איבער דעם פינצטערן שטעטל.

עס איז געוואָרן אַ גרויס געוואַלט. לאָמפּן האָבן זיך געצונדן אין שטובן, באַקעטע מענטשן זענען אַרויס אויף דער גאַס און אין דעמדאָזיקן רעש האָט דערוויייל אַבאַ זיך אַהיימגעכאַפּט. זיין גליק איז געווען, וואָס זיין היים איז געווען אין אַן אַנדערן עק פון שטעטל, האָט ער דערווייל זיך אַריינגעכאַפּט אין הויז אַריין און כּדי זיך צו מאַכן זיין האַרץ גרינג, האָט ער אָנגעמאַכט אַ געוואַלט, וואָס מען שלאָפט אַזוי שווער. ווייסט מען דען נישט, אַז עס איז דאָ אַ גנב אין שטעטל. די גאַנצע שטאָט לויפט נאָך דעם גנב און מען קאָן אים נישט כאַפּן און דאָ ליגט מען און מען שלאָפט...

אָ, שיקזאַל פון אַ מענטש אין דער פרעמד. דאָס גאַנצע שטעטל איז אין דערדאָזיקער נאַכט אויפגעשטאַנען. מען איז שוין נישט געגאַנגען צוריק שלאָפן. געשטאַלטן זענען אַרומגעלאָפן אין דער פינצטער. עס האָט זיך געהערט טראָגן דאָ און דאָרט אַלערליי אויסגעשרייען: אַ גנב? האָט מע אים געכאַפּט? ניין! פאַרוואָס? וואָס הייסט אַ גנב? היינט האָט ער

דאָרטן געגנבעט, מאָרגן וועט ער דאָ גנבענען. פאַרוואָס האָט מען אים נישט געכאַפּט? אַ בריה, אַ ייד! גייט כאַפּט אים! אַ שלעכטע מעשה! וואָס דען? עס איז נישט גוט! מען איז נישט זיכער מיטן לעבן, זאָגט מען אײַך!

און אין דרויסן האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן צו טאָגן. איבער דעם בלייכן הימל האָבן זיך געטראָגן שטיקער וואָלקנס און די ברעגן פון די וואָלקנס זענען געווען אָפּגעפאַרבט מיט דער רויטקייט פון דער הינ־טער בערג פאַרבאַהאַלטענער מאָרגן־זון.

באַלד האָט זיך די זון אַרויסגערוקט איבער דער פּלייצע פון דעם באַרג. אין שטעטל איז געוואָרן ליכטיק און שיין און וואַ־רעם.

אָבער נישט בײַ גרשון, לייבישס פאָטער אין הויז, ווייל מען האָט זיך שוין אַרומגעזען, אַז לייביש פעלט. פון אָנהייב האָט מען נאָך געקאָנט מיינען, אַז לייביש יאָגט זיך ערגעץ נאָך דעם גנב. אָבער, אַז מען האָט שפּעטער זיך אַרומגעזען, אַז לייבישס אָנטועכץ ליגט אויף אַ בענקל האָט מען דאָך זיכער געוווסט, אַז לייביש איז אַ נאַקעטער און איז נאָך נישטאָ צוריק.

— אוי וויי געשריגן, האָט די מוטער געקלאָגט, ווער ווייסט, וואָס מיט לייבישן האָט געטראָפן?

פרויען, וואָס זענען זיך צונויפגעלאָפן, האָבן געטון אַ שיס אַרויס מיט אַ זינגענדיק און אויסגעבלייכט געוויין, וואָס האָט איט־לעכן געטון אַ נעם טיף בײַ דער נשמה און נישט געלאָזט שטיין אויף די פיס.

— אפשר איז ער נאָכגעלאָפן דעם גנב און איז ערגעץ דערהרגעט געוואָרן — האָט די מוטער ביז ווייטיק געשניטן מיט אירע ווערטער און זיך געבראָכן די הענט.

גרשון, לייבישס פאָטער, האָט אַזוי ווי בײַ זיך נישט געקאָנט פועלן עפּעס. געשטאַנען איז ער די גאַנצע צייט און איבערגעלייגט דאָס אָנטועכץ פון זיין זון פון איין בענקל אויף דעם אַנדערן. ער איז אַלע מאָל געבליבן שטיין אַ פאַרטראַכטער, געטון דערנאָך אַ דריי מיט זיין קאָפּ.

— וואָס שטייט איר? — האָט די מוטער ווייטער פון דאָס ניי אַזוי ווי זיך דערמאַנט און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

— טאַקע פאַרוואָס לאָזט מען זיך נישט זוכן? וואָס שווייגט מען? — האָבן זיך געהערט קולות פון עטלעכע מענטשן מיט־אַמאָל.

באַלד דערנאָך האָט מען זיך אַ לאָז געטון לויפן איבער די מאָרגן־פרישע גאַסן.

גרשון איז געבליבן אַליין מיט זיין ווייב. ער האָט איר אַרומגע־בונדן דעם קאָפּ מיט אַ טיכל, איינגענעצט אין קאַלט וואַסער און האָט איר שטילערהייט געזאָגט, אַז אים איז איינגעפאַלן עפּעס, וואָס ער האָט מורא אַרויסצוברענגען פון זיין מויל.

— וויי און ווינד! — האָט די מוטער שטילערהייט אַזוי ווי גע־בעטן — וואָס עס זאָל נישט זיין, אָבער ער זאָל כאָטש אַהיימקומען אַ לעבעדיקער.

— ער איז צווישן די לעבעדיקע! — האָט גרשון טרויעריק גע־זאָגט.

— פון דיין מויל אין גאָטס אויערן!

— הערסט. איך האָב מורא, אַז לייביש אונזערער האָט געגנבעט דאָס געלט און איז אַנטלאָפן.

— פון דיין מויל אין גאָטס אויערן!

— רעד ווינציקער מיט גאָט!

— פונוואַנען קומט צו דיר אַזאַ מחשבה, גרשון?

— פאַרוואָס האָב איך אַ געשריי געטון אַ גנב?

— פאַרוואָס?

— ווייל איך האָב געזען אַזוי ווי דורכן שלאָף, אַז עפּעס אין ווייסן האָט אַ פלי געטון דורכן הויז.

— איז דערפאַר געדרונגען — —

— דערפון דרינג איך, אַז אונזער לייביש — —

די מוטער האָט אים נישט געלאָזט ענדיקן און איז זיך פאַר־גאַנגען אין אַ שטיל געוויין. אָבער גרשון האָט זיך נישט געקאָנט טרייסטן.

ער האָט פּלוצלינג דערפילט, אַז ער ברעכט זיך איבער אין צווייען.

גרשון איז געווען זייער אַ פרומער ייד און דער איינציקער ייד אין שטעטל, וואָס איז גראָד געפאָרן צוויי מאָל אין יאָר צו דעם „אוסיאַטינער". ער האָט זיך מיט דעם געטרייסט, אָבער עס איז געווען אין דעם אַזאַ געפיל, אַז ער איז דער איינער חסיד, פון יענעם מין, וואָס קאָן נאָר געמאָלט זיין איינער צווישן טויזנטער. ער איז געווען זייער פרום, איינער פון יענע, וואָס זיפּן אַדורך אַלע דינים און קלייבן אויס דאָס דינסטע, דאָס זעמל-מעל, פון דעם דין, אַזוי ווי ער האָט עס אַליין אַמאָל, שמועסנדיק אַזוי פון דער זייט, אָנגערופן. דאָס צוויי מאָל אַ יאָר פאָרן קיין „אוסיאַטין" האָט אים אויסגעוועלטלט. עס זענען געווען נאָך אַנדערע יידן, חסידים אין שטעטל, אָבער יענע זענען געפאָרן זייער זעלטן צו זייער „רבי", אָדער זיי זענען גאָר אינגאַנצן נישט געפאָרן, נאָר געוואַרט, אַז דער „רבי" זייערער זאָל קומען צו זיי.

גרשון איז געווען גאָר פון אַן אייגענעם מין ייד, אַ הויכער, מיט אַ שוואַרצער, לאַנגער באָרד. זיין פּנים אַ שאַרפס און אַ לאַנגס מיט צוויי גרויסע אויגן און מיט דעם סאַמעטענעם קאַשקעט, האָט ער תמיד אויסגעזען ווי אַ סאַמעטענער ייד. גערעדט האָט ער זייער ווייניק. סיידן ער האָט אויסגעטרונקען, באַ אַ סעודה, אָדער אַזוי אין אַ יום-טוב, דעמאָלט איז זיין צונג געוואָרן לויז און גרשון האָט גערעדט דברים בטלים, און אין דידאָזיקע ווערטער זיינע האָבן יידן תמיד געפונען טיפע סודות.

גרשון האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע שניט-קראָם, אין וועלכער ער האָט זיך זייער ווייניק געמישט. ער האָט אָבער איינמאָל אין יאָר גע-מוזט פאָרן קיין בערדיטשעוו האַנדלען שניט-סחורה. דאָס און זיין „אוסיאַטינער" האָבן אים אַזוי ווי אַריבערגעהויבן העכער פון אַלע אין שטעטל. ער האָט אָבער נישט באַנוצט זיך מיט דעם צו זאָגן דעות אין שטעטל. ער האָט זיך זייער ווינציק געמישט אין דעם לעבן פון שטעטל, פונקט ווי ער האָט זיך נישט געמישט צו זיין קראָם אָדער זיין הויז-פּי-רעכטס.

מיט זיין זון לייביש האָט ער ווינציק געהאַט צו טון. אַז ער איז

אַן ערלעך קינד, האָט ער זיך געקאָנט פאַרלאָזן אויף זיין ווייב. זי האָט אים ליב געהאַט און תּמיד לייבישן געלויבט ביז אין הימל אַריין, אַז ער האָט אַ קאָפּ צום לערנען און איז אַ ווויל יינגל, אי צו גאָט, אי צו לייט. און איצט, אויב עס איז חלילה אמת גרשונס סברה, איז דאָס אַזאַ פּאַטש אין פּנים, וועלכער וועט זיך קיינמאָל נישט אויסהיילן.

דערפאַר איז גרשון איצט אַרומגעגאַנגען ווי אַ דערשלאָגענער און האָט נישט געקאָנט זאָגן קיין איין טרייסט־וואָרט צו זיין ווייב, וועלכע האָט שוין געהאַט צוויי אָנגעשוואָלענע אויגן און איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ.

די קראָם האָט מען היינט נישט געעפנט. די פּריקאַזטשיקעס האָט מען אַהיימגעשיקט. אין גאַס בײַ דער קראָם איז געשטאַנען אַן עולם אַ גרויסער און געשמועסט. דער עולם האָט אַזוי הויך גערעדט, אַז מען האָט געקאָנט הערן אין גרשונס הויז, וואָס זיי שרייען. גרשון האָט זיך באַוויזן אין דער טיר פון קראָם, וועלכע איז, אגב, געווען געבויט איינעם מיט גרשונס הויז. ער איז אַרויסגעקומען בעטן דעם עולם, אַז מען זאָל זיך פונאַנדערגיין, ווייל עס איז נאָך קיינער דערווייל נישט געשטאָרבן.

— ר׳ גרשון, ער מוז נאָך זיין דאָ הי! — האָט איינער פון עולם אויסגעשריגן.

— וואָס דען, ווהין האָט ער געקאָנט לויפן אַ נאַקעטער?

— אין גאָטס ווילן, וואָס ווילט איר האָבן פון אונז? — האָט גרשון זיך געבעטן באַם עולם — גייט אייך פונאַנדער. גענוג בזיון פאַר אונז. גייט און זוכט. בײַ מיר איז ער שוין נישטאָ. ער איז נישט מיינער!

בשעת גרשון האָט גערעדט, איז זיין פּנים געווען געל, אַזוי ווי געל וואַקס. זיינע אויגן האָבן זיך באַהאַלטן אונטער זיינע שוואַרצע וויעס. דער עולם האָט נישט געקאָנט ביישטיין דאָס רחמנות אויף דעם שיינעם ייד, וואָס איז איצט איינגעבויגן, ווי אַן איבערגעבראָכענער, געשטאַנען בײַ דער טיר. דער עולם האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבער אַלערליי וועגן, ווער צו זיינע געשעפטן און ווער צו די אַנדערע רעדלעך מיט מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען צעוואָרפן דאָ און דאָרט און געשמועסט

און אויסגערעכנט און אויפגעוויקלט אַלערליי איבערדעצייל־עכצער און זאָ־גערייען.

און גאָר אַנדערע האָבן זיך אַריינגענומען אין קאָפּ, אַז זיי מוזן לייבישן געפינען ערגעץ אויף אַ בוידעם אָדער אין אַ קעלער, און אַז ער איז נאָך דאָ הי, איז בּאַ זיי גאָר קיין ספק נישט געווען.

עס איז געווען דאָ אַרום, אַז איינער אַ ייד האָט זיך אַזוי גייענ־דיק אין די הינטער־גאַסן אָנגעשלאָגן בּאַ אַ פּלויט איבער אַ טשאַטע מיט הינט, וועלכע האָבן זיך געריסן איבער אַ טויטער זאַך, דער ייד האָט געוואָלט אויסשפּייען, ווייל עס איז אים אָנגעקומען אין זיין מויל אַ סך געזאַלצן שפּייעכץ, אָבער ער האָט פאַרגעסן אויסצושפּייען, איבער דעם, וואָס ער האָט דערקאָנט אין דער טויטער זאַך, אַז עס איז אַ מענטש.

ער האָט שוין מער נישט געקוקט, נאָר אַזוי אין דער גיך האָט ער געטון אַ כאַפּ אַ בליק און דערזעען, אַז די הינט עסן אַ מענטש, דאַכט זיך אים אַ ייד. דערפאַר איז דער ייד געטון מיט אַלע כוחות אַ לויף אַוועק אין שטעטל און אַזוי ווי ער איז געלאָפן האָט ער מיט איין וועגס איט־לעכן דערציילט, אַז דאָרט אין הינטער־גאַס, נישט ווייט פון דער ריפּע (זומפּ) ליגט אַ הרוג און הינט עסן אים.

דאָס גאַנצע שטעטל איז שוין געווען גענוג אויפגערודערט פון דער מעשה מיט לייביש גרשונס. אָבער דאָס, וואָס הינט עסן אַ טויטן מענטש, האָט נאָך מער אויפגערודערט קינד און קייט. מען איז געלאָפן קוקן אויף דעם הרוג.

פאַרשטענדלעך, אַז מען האָט בּאַלד אָפּגעטריבּן די הינט און אויך בּאַלד דערקענט, אַז דאָס איז נישט קיין אַנדערער, ווי הירש־בער ליטוואַק. די סמנים זענען שוין כמעט געווען זייער קליינע. נאָר די שטיוול און די בּאָרד. דאָס איבעריקע פון דעמדאָזיקן מענטש איז שוין געווען שטאַרק צעפרעסן. אַ שרעק איז אָנגעפאַלן אויף איטלעכן, ווער עס האָט געהאַט דאָס אומגליק צו זען דאָס איבערבלייבעניש פון הירש־בער ליטוואַק.

עס האָט זיך בּאַלד געפונען איינער, וועלכער האָט דעם אָרעמען, פרעמדן הרוג צוגעדעקט מיט אַ שטיק געוואַנט.

מען איז אַוועק צום רב פרעגן, וואָס מען זאָל טון. דער רב האָט זיך דערשראָקן, און געהייסן, אַז מען זאָל דעם הרוג דערווייל אַוועקטראָגן אין באָד אַריין.

און פון דעם, וואָס לייביש גרשונס איז באַנאַכט אַנטרונען געוואָרן אַ נאַקעטער, האָט דאָס גאַנצע שטעטל דערווייל פאַרגעסן.

## 18.

לייביש איז אַנטלאָפן אַ נאַקעטער. אין דרויסן איז געווען פינצטער,
איז ער געלאָפן מיט הינטער=געסלעך, געשפרונגען איבער פלויטן און אַליין
נישט געוווסט וווהין ער לויפט. איין זאַך האָט ער געוואָלט, אַז קיינער
זאָל אים נישט באַמערקן.

ער האָט אין זיין געדאַנק געהאַלטן צוויי מענטשן, צו וועמען ער
האָט זיך געקאָנט איצט, אין דער מיט פון דער נאַכט, ווענדן נאָך הילף.
איין מענטש איז געווען אַ לוטעראַנישער גלח אין דער דייטשער קאָ=
לאָניע, העט ווייט פון יענער זייט טייך, און דער אַנדערער מענטש איז
געווען דער נייער לערער נאַקמאַן, מיט וועמען ער האָט זיך אַליין באַ=
קאַנט, בגנבה, און וועמען ער האָט נאָך ליב געהאַט. איידער ער האָט זיך
מיט אים באַקאַנט.

און אַזוי ווי ער האָט באַדאַרפט טון עפעס זייער גיך, נאָך איידער
די נאַכט גייט אַוועק און אַזוי ווי צום הויז פון דעם לוטעראַנישן גלח איז
געווען זייער ווייט, האָט לייביש דערפאַר אויסגעקליבן פאַר זיין באַשיצער
דעם נייעם לערער נאַקמאַן.

לייביש האָט זיך קוים דערשלאָגן צום הויז, ווו נאַקמאַן האָט גע=
ווינט. אַלע מאָל האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז עמעצער קומט אים אָן
אַקייגן. אַ סך מאָל האָט ער זיך געוואָלט אומקערן אַהיים, אָבער ער האָט
עס נישט געטון, ווייל, ווי ער האָט אַלע מאָל זיך איבערגערעכנט, איז

שוין סיי ווי צו שפעט אהיימצוקומען נאָך דעם אַלעמען, וואָס ער האָט אָפּגעטון.

אַז ער איז צוגעקומען צום פענצטער פון נאַקמאנס צימער, האָט ער צו זיין גרויסער פרייד דערזעען, אַז עס איז דאָ ליכט אין נאַקמאנס צימער.

לייביש האָט באַלד דאָ באַם ליכטיקן פענצטער דערפילט, אַז זיין גאַנצער גוף ציטערט און אַז זיינע ציין קלאַפּן איינע אין די אַנדערע. ער האָט נישט פאַרלוירן קיין צייט און אָנגעקלאַפּט אין אַ שויב פון דעם ליכטיקן פענצטער.

עס האָט זיך באַלד דערהערט אַ שווערער רוק פון אַ בענקל און באַם פענצטער פון אינעווייניק איז געשטאַנען נאַקמאן און ביין געשריגן: „ווער קלאַפּט עס אַזוי שפּעט?"

— איך, לייביש גרשונס. לאָזט מיך אַריין.

— ווער?

— לייביש גרשונס. לאָזט אַריין, גיכער!

נאַקמאן האָט געעפנט די טיר און איז אַרויס אינעם מיט דעם וואַרעמען הויך פון זיין צימער אַקעגן לייבישן. לייביש האָט אָפּגעכאַפּט זיין אָטעם. דאָס וואַרעמקייט פון דעם ליכטיקן צימער האָט אים אַזוי וואַרעם אַרומגענומען און געצערטלט זיין פּנים.

נאַקמאן האָט זיך פון אָנהייב געטון אַ וואָרף אויף צוריק, ווען ער האָט דערזעען אַ נאַקעטן מענטש אין דעם פענצטער. אָבער באַלד איז ער געקומען צו זיך און דעם נאַקעטן מענטש אַריינגעפירט צו זיך אין צימער.

פריער פון אַלץ האָט ער גיך געטון אַ נעם צונויף אַלע פּאַפּירן אויף זיין טיש און זיי פאַרבאַהאַלטן אין שופלאַד. דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו לייבישן:

— איצט דערקאָן איך אייך! וואָס איז געשעען? דערציילט.

נאַקמאן האָט באַלד חרטה געהאַט און געזאָגט:

— ניין, זייט מוחל, שפּרינגט אַריין אין בעט. אייך איז קאַלט. נו, וואָס שטייט איר. אַריין אין בעט.

ליביש האָט זיך אַריינגעלייגט אין דעם פאַרבעטן בעט און זיך איינגעדעקט מיט דער קאָלדרע.

נאַקמאַן איז דערווייל צוגעלאָפן אין אַ ווינקל פון זיין צימער, אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און אָנבייגנדיק זיך נידעריק צום דיל, האָט ער געזאָגט:

— באַלד וועט זיין טיי.

נאַקמאַן איז צוגעקומען נאָענט צום בעט און מיט אַ ברייטן שמייכל אויף זיין פּנים האָט ער אַזוי ווי באַגריסט זיין באַנאַכטיקן גאַסט.

— אָט אַזוי! דער פּאָטער האָט אייך מן הסתם געכאַפּט לייענען אַ בוך?

ליביש האָט נישט געקאָנט רעדן. זיין גאַנצער גוף האָט געציטערט און די ציין האָבן געקלאַפּט אין זיין מויל. ער האָט נאָר געדרייט מיט זיין קאָפּ אַלס ענטפער.

נאַקמאַן האָט געפּרוווט זיין גאַסט טרייסטן מיט דעם, וואָס ער האָט געזאָגט:

— איך האָב דאָס אייגענע געטון, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין יינגל.

פון ווינקל האָט דערווייל זיך דערהערט דאָס געזאַנג פון זידנדיק וואַסער.

נאַקמאַן איז אַוועק, און מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט ער געבראַכט זיין גאַסט אַ גלאָז טיי.

ליביש האָט געשלונגען די הייסע טיי, זיך געבריט דעם גומען און געפילט, אַז עס בריט אים אינעווייניק אין זיינע קישקעס, אָבער די וואַרעמקייט האָט זיך דערפאַר ווייך און איינוויגנדיק צעגאָסן איבער זיינע גלידער.

— איצט וועל איך אייך דערציילן — האָט ליביש אָנגעהויבן, איבערהאַקנדיק אַלע מאָל זיינע ווערטער, מיט אַ ציטער פון זיין גאַנצן קערפּער — עס קאָן זיין, איר וועט מיך פונדאַנען אַרויסטרייבן.

— איך שווער, אַז נישט — האָט נאַקמאַן צוגעלייגט זיין האַנט צו דער ברוסט — איר מעגט זיך אָפּרעדן דאָס האַרץ.

— איצט הערט. איך האָב מיר אַריינגענומען אין קאָפּ אַוועקצופאָרן אין אַ גרויסער שטאָט. וואָס וועלן מיר דאָ אויסזיצן? האָב איך געטראַכט. איך האָב דערפאַר אָפּגעמאַכט מיט מיין חבר אבא, דעם פלוימען־קרע־מערס זון, אַז מיר זאָלן ביידע אינייִנעם אַוועק פונדאַנען. צו דעם באַ־דאַרף מען דאָך געלט. איך ווייס, אַז מיין טאַטע וועט מיר נישט געבן קיין געלט און וועט מיך נישט לאָזן פאָרן. אבא האָט נישט קיין געלט, אָבער זיין פאָטער וועט אים אויך נישט לאָזן פאָרן. דערפאַר האָבן מיר אָפּגעמאַכט בסוד, אַז היינט באַנאַכט זאָל אבא וואַרטן אין דרויסן און איך זאָל אַרויסנעמען געלט פון שופלאָד. הכלל מען האָט מיך גע־כאַפּט.

— טאַקע געכאַפּט באַ דער האַנט? — איז נאַקמאַן געוואָרן פאַר־אינטריגירט.

— ניין, נישט באַ דער האַנט. איך בין אַנטלאָפן, איר זעט דאָך, אַ נאַקעטער.

— און אבא?

— ווער ווייסט, וואָס מיט אים איז געוואָרן?

— דאָס געלט האָט איר באַ זיך?

— אָט איז דאָ! — האָט לייביש געטון אַ נעם זיין האַנט אינדער־הייך און אויפגעעפנט זיין זשמעניע.

— עס וועט זיין גוט! — האָט נאַקמאַן געזאָגט. — איך בין אַנט־לאָפן פון דער היים, נאָך גאָר אַ קליין ייִנגל געווען, און קיין געלט האָב איך נישט געהאַט. מיט געלט וועט איר זיך שוין דורכשלאָגן. דערווייל וועלן מיר אויסלעשן דעם לאָמפּ. מען קאָן נאָך, אויב מען זוכט אייך, אי־בערפאַלן אונז און אייער אַרבעט וועט זיין אומזיסט.

אָפּגעזאָגט דאָס, האָט נאַקמאַן געטון אַ בלאָז איבער דעם גלעזל פון לאָמפּ און אין צימער איז געוואָרן פינצטער.

באַלד דערנאָך איז נאַקמאַן אַריינגעקראָכן אין בעט. לייביש האָט זיך צוריקגעקערט ביז צו דער וואַנט און אויסגעצויגן זיינע פיס, ווי וויט ער האָט נאָר געקאָנט. און אים האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז ער וואָלט באַדאַרפט נאָך מער אָרט אָפּטרעטן נאַקמאַנען.

לייביש איז געלעגן אין בעט, ווי אַן אויסגעצויגענע ספּרוזשינע.

נאַקמאַן האָט אים געפרעגט, צי ער ליגט גוט און לייביש האָט געענטפערט, אַז ער ליגט זייער גוט.

זיי זענען אַזוי ביידע געלעגן און געשוויגן אין דער פינצטער. לייביש האָט זיך געדאַכט, אַז נאַקמאַן הערט, ווי אַזוי זיין האַרץ קלאַפּט. און ער האָט זיך דערפאַר פאַרשעמט.

נאַקמאַן האָט אָנגעהויבן דאָס געשפּרעך מיט דעם, וואָס ער האָט געזאָגט:

— איר מוזט זיין זייער שלעפעריק. אויב יאָ, זאָגט.

— איך ווייס נישט, צי איך וועל קאָנען שלאָפן. אפשר קאָנט איר שלאָפן, וויל איך אייך נישט שטערן — האָט לייביש מיט אָנשטרענגונג, פון דעם, וואָס ער איז געלעגן אין אַזאַ פּאָזע, קוים אַרויסגעריסן די ווערטער פון זיין האַלז און מויל.

— איך בין איצט נישט מחויב צו שלאָפן. איך האָב נאָר אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ, כדי צו זיין זיכער — האָט נאַקמאַן ענערגיש און פריילעך אויסגעקייקלט זיינע ווערטער — עס וועט נאָך זיין צייט צו שלאָפן. הייסט עס, איר לויפט אין דער גרויסער שטאָט. וווהין לויפט איר? ווייסט איר וווהין?

— איך ווייס, אפשר קיין אָדעס — האָט לייביש נאָך פיל טראַכטן געענטפערט.

— אָדעס? איך קום פון דאָרט. אַ שיינע שטאָט און אַ גוטע. אַ פרעמדער ווערט דאָרט נישט פאַרפאַלן. עס איז דאָרט דאָ צו וועמען זיך אָנצושפּאַרן, וואַרעמען.

— אַזאַ געפיל באַ מיר אויך — האָט לייביש אונטערגעוואָרפן.

— יאָ, וואָס האָב איך געוואָלט אויסדרינגען, יאָ! פאָרט איר לערנען. זיך מאַכן אַ קאַריערע? פיין!

— איך ווייס נישט, וואָס איר מיינט.

— איך מאַך נישט קיין געלעכטער — האָט זיך נאַקמאַן פאַרענטפערט. וואָס דאָס איז שוין געווען אַליין אַ סימן, אַז ער האָט זיך יאָ געוויצלט — וואָס איז דאָ צו שפּאַסן. יינגעלייט לויפן פון דער גאַנצער וועלט קיין אָדעס לערנען, באַקומען דיפּלאָמען און פאָרן אוועק אין זייערע קליינע פאַרוואָרפענע ערטער און קאָנען גאָרנישט. נישט דער, וואָס קאָן, באַקומט דיפּלאָמען.

— אַזוי ? — האָט זיך לייביש געוווּנדערט און געפּילט, אַז כאָטש זיינע אויגן קלעבן זיך און ער באַדאַרף איינהאַלטן די מוסקולן פון מויל נישט צו טון אַ געניץ, איז אָבער דאָס, וואָס נאַקמאַן זאָגט, זייער וויכטיק און ער מוז הערן.

— איר וועט זיין דאָרט, וועט איר זען — האָט זיך נאַקמאַן גע־היצט — טויזנטער באַקומען דיפּלאָמען און וואָלטן גאָר אין אמתן באַ־דאַרפט פּוצן שטיוול און דער פאַרבאַהאַלטענער, דער, וואָס קאָן, גייט אַלע מאָל צו די עקזאַמענס און פאַלט דורך.

לייביש האָט געטראַכט פון זיינע עלטערן. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אין זיין דמיון, וואָס עס טוט זיך באַ זיי איצט אין הויז, און געטון מיט זיין גאַנצן גוף אַ טרייסל.

נאַקמאַן האָט פאַרשטאַנען, אַז זיינע רייד זענען איצט אַרויסגע־וואָרפן. דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט אַרויסדרינגען, האָט זיך איצט נישט געקלעבט אַ וואָרט צו אַ וואָרט. און פאַרוואָס זאָל ער וואַרפן שטיינער ־ענעם אין מיטן וועג. ער האָט דערפאַר אַזוי פאַרדרייט זיינע רייד, אַז עס איז אויסגעקומען, אַז אַזוי ווי ער אַליין איז אויך אַמאָל אַנטלאָפן פון זיין היים, דערפאַר וועט ער איצט שוין נישט שלאָפן לכבוד דעם, וואָס עס געפינט זיך נאָך עמעצער, וואָס האָט אויך אַזוי געטון. נאָך אַלעמען איז דאָך די וועלט נישט באַשאַפן געוואָרן, אַז מען זאָל זיך שפּילן אין טאַטע־מאַמע. און קינדער באַדאַרפן נישט אַזוי זיין סענטימענטאַל. אַז נישט, ווער ווייסט, ווו די וועלט וואָלט נאָך איצט געשטאַנען ? ווו וואָלט נאָך די וועלט איצט געשטאַנען ? פרעג איך. אין אַ פּראָווינץ ! אָט וואָס !

— נאָר אַז מיר וועלן צוריק אַ טראַכט טון — האָט נאַקמאַן מיט באַגייסטערונג צוגעזונגען זיינע רייד — וועלן מיר זען, אַז די וועלט איז זייער ווייט פאַרקראָכן. דאָ אין קליינעם אָרט זעט זיך אַזוי פיל נישט אַרויס דאָס אומגליק. אָבער אויב איר וועט פאָרן אין דער גרויסער שטאָט, וועט איר זען און פאַרשטיין, וואָס איך זאָג אייך. דערווייל וויל איך אייך נאָר זאָגן, אַז מיר ווייסן שוין היינטיקן טאָג אַזוי פיל וועגן דעם לעבן, אַז מיר האָבן שוין נישט קיין כוח איבערצוטראָגן דאָס פּשוטע לעבן. מען האָט אונז אַזוי איינגעפּאָמפּעט מיט אַזוי פיל טעאָריע און אַלערליי טער־מינאַלן, אַז אונזער סיסטעם איז געשוואָלן; פאָלגלעך — אַן אָפּשוואַכונג און דעגענעראַציע. אָט נעמט מיך אַליין פאַר אַ ביישפּיל. ווען איך בין

נאָך יינג געווען, געדענק איך, אַז איך האָב גאָרנישט געהאַט קיין באַגריף וועגן דער העכערער קראַפט, אָט יענע קראַפט, וואָס רעגירט מיט אונז. איך האָב נאָר וואָס דעמאָלט אָנגעהויבן לעבן, ווייל ביז דעמאָלט האָט מען מיט מיר געלערנט אַזעלכע זאַכן, וואָס נישט איך האָב זיי געוואָלט קענען און נישט איך האָב זיי אָנגעהויבן פאַרשטיין. אויסגעצייכנט. איך האָב זיך אַרויפגעוואָרפן, ווי אַזוי איך בין דאַן געווען יינג און פריש פון דער פּראָווינץ, אויף אַלערליי ביכער. איך האָב געלייענט דערציילונגען פון גרויסע שריפטשטעלער און איבערגענומען דאָס לעבן פון זייערע העלדן. וויבאַלד עס איז מיר נאָר געפעלן געוואָרן אַ העלד פון אַ דערציילונג, בין איך באַלד געוואָרן אַזאַ מענטש ווי יענער העלד. איך האָב עס אַליין נישט געוווּסט, אָבער אַזוי איז דאָס געווען. איך האָב געלערנט אַלערליי טעקסטן אַנאַטאָמישע, פיזישע און פילאָזאָפישע. אַז יאָרן זענען געגאַנגען און איך האָב נישט באַמערקט אַזאַ קלייניקייט, ווי אַ שטייגער, אַז מיינע אייגענע ציין זענען פאַרפוילט געוואָרן. איך האָב זיך געכאַפּט, איז שוין געווען שפּעט. איך מוז אייך מודיע זיין, אַז איך האָב זייער פיל געלערנט וועגן היגיענע. אָבער ווו זענען אַהינגעקומען מיינע ציין? באַלד נאָכדעם האָב איך זיך אַרומגעקוקט, אַז עס פעלט מיר כּוח. איך האָב נישט געקאָנט צונויפקוועטשן מיין האַנט אין אַ קולאַק. עס האָט מיר אָנגעהויבן צו פעלן ווילן. איך האָב דורכגעלעבט אַ קריזיס. געהאַלטן שיער, שיער נישט באַם באַגיין זעלבסטמאָרד.

דאָ איז נאָכמאַן אַנטשוויגן געוואָרן. באַלד געטון אַ הויכן געשריי:

— איך דערצייל עס אייך איצט דאָס ערשטע מאָל, קיינער ווייסט נישט פון דעם. איך האָב שוין געוואָלט מאַכן אַ סוף. נאָר איך בין איבערגעשפּרונגען! איך האָב דערפילט, אַז איך באַדאַרף זיך אומקערן צוריק צו דער פּראָווינץ. און אָט בין איך דאָ. ווען נישט די ליבע פּראָווינץ, ווער ווייסט, וואָס מיט מיר וואָלט געוואָרן. דאָ בין איך געקומען צו זיך און אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן מיין זיין אויף דער וועלט. איז געקומען אַ צופאַל און עס האָט מיר געטון אַ שיין פּאַר מיינע אויגן דער גאַנצער וועג פון מיין לעבן. די ליידיקע ווייסע בלעטער פון מיין בוך האָבן זיך געטון אַ פיל אויס מיט אינהאַלט — און דאָס איז פשוט פאַרגרעבט ווערן. איך האָב איצט אַ נייע רעליגיע און פרעדיק אָט דידאָזיקע רעליגיע פון געזונטקייט! אָט וואָס מיר באַדאַרפן. און דאָס קאָן נישט געמאָלט

זיין, ווען מיר ווען זיך אומקערן צוריקוועגס. וואָס איז געווען, איז פאַר אונז גאָרנישט ווערט. עס באַדאַרף זיין עפּעס נייעס, געזונטס!

לייביש איז געלעגן און זיך מורא געהאַט צו טון אַ קליינעם ריר, ווייל ער האָט געפילט, כאָטש ער האָט נישט באַנומען מיט זיין שכל, אַז דאָס, וואָס נאַקמאַן האָט איצט געזאָגט, מוז זיין וואונדערלעך שיין, פאַרוואָס זשע זאָל ער גורם זיין אַ מכשול? אַזוי מוזן רעדן נאָר גרויסע צדיקים, ווען עס קומט דער שעת הכושר. לייביש האָט אַזעלכע מינוטן קיינמאָל אין זיין לעבן נישט איבערגעלעבט. ער האָט געהערט דערציילן אין בית-המדרש און עס פלעגט זיין בלוט ציטערן אין זיינע אָדערן. איצט האָט ער אַליין דערפילט דעמדאָזיקן טעם. דערפאַר האָט ער געשוויגן און זיך גוט איינגעהערט צו די ווערטער פון דעם נייעם לערער נאַקמאַן, און מיט יעדן וואָרט האָט לייביש געהאַט פאַרשידענע דערהויבונגען, עס האָט זיך לייבישן אויסגעוויזן, אַז ער זעט שוין די נייע וועלט ערגעץ ווייט פונדאַנען.

אין דער פינצטער פון נאַקמאַנס צימער האָט אָנגעהויבן בלויען אַ נייער- טאָג.

19.

דער טאָג איז געווען זייער אַ שיינער און אַ קרעפטיקער. אַ לויטערער, בלויער הימל און אַ וואַרעמע זון און אַ טרוקענע ריינע לופט. ביימער האָבן זיך נאָר וואָס אָנגעהויבן צו רירן און אַרויסגעלאָזט דינינקע שפּיציקלעך האַלב ווייסע און האַלב גרינע. דאָס גראָז איז געוואָרן פולבלוטיק גרין און זיך געהויבן העכער און העכער פון דער ערד. דאָס שטעטל איז געשטאַנען אין טאָל אַ פלאַכס און האָט זיך געשפּרייט אין דער לענג ביז צום דאָרף ניערען. און אין דער ברייט זענען די הייזער געקראָכן אויף דער זייט בריק אַ גרויסער און אַ ווייסער שטיינערנער פּאַלאַץ אויף דער שפּוע פון אַ באַרג.

דער פּריץ פון שטעטל, וואָס האָט געהייסן מיט דעם אייגענעם נאָמען ווי דאָס שטעטל האָט געהייסן, האָט געוווינט אין דעם פּאַלאַץ און די יידן האָבן אים געצאָלט צינזן און ער האָט ליב געהאַט זיינע יידן.

פאַרוואָס זאָל ער זיי נישט ליב האָבן? וווינען זיי נישט אין פּאַלאַצן, האָבן זיינע יידן זייער שיינע שטובן. פירעקיקע, ווייס אָפּגעקאַלעכטע און אַרום די פענצטער מיט רויטע אָכרע אַרומגעפאַרבט. און די שטובן מיט שינדלענע דעכער און זיי שטייען אין אַ גלייכער ליניע מיט גאַניקעס און מיט גערטנדלעך. דער פּריץ האָט פאַרמאָגט אַ סך ערד און די ערד פאַרדונגען צו זיינע יידן אויף אַרענדע. עס זענען שוין געווען אַלערליי יידן אַזעלכע. אַ ייד, וואָס האָט געהאַט אין אַרענדע טויזנט פאַל-

שעס ערד און אַ ייד, וואָס האָט נאָר געקריגן הונדערט פּאַלשעס ערד. דער פּריץ האָט אָבער אויך פאַרמאָגט אַ שטיק ערד, אויף וועלכער ער האָט אַליין געפירט אַן „עקאָנאָמיע". יידן האָבן זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט און דעם פּריץ געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אים לוינט נישט צו פירן אַן „עקאָנאָמיע". אָבער דער פּריץ איז געווען פאַר־קאָכט אין פערד. באַ אים האָבן זיך געפונען הונדערטער פערד. און אַזעל־כע פערד, וואָס האָבן געהאַט אַ נאָמען איבער דער גאַנצער בעסאַראַביע. וועט ער צוליב אַ ייד, מעג ער אים טאַקע ליב האָבן, אויפהערן צו האָ־דעווען פערד?

ווייטער האָט די יידן אין שטעטל גאָרנישט געפעלט. זיי זענען געווען געזונט און אפילו נישט געוווּסט, אַז זיי האָבן גענוג זון־שיין. פון אַלע זייטן, ווו אַ ייד האָט נאָר אויפגעהויבן זיינע אויגן, הימל און בערג. און איצט האָט זיך אָנגעהויבן נאָכאַמאָל, אַזוי ווי אַלע יאָר, אַ שיינער פרילינג.

נאָר באַדאַרפן דען יידן זיך אַרומקוקן, צי עס איז דאָ אַ פרילינג, אַז זיי האָבן אַ מחלוקה.

די מחלוקה האָט שוין געהאַלטן באַם אויסלעשן זיך. באַדאַרף זיך טרעפן דאָס, וואָס עס האָט געטראָפן, אַז גרשון שניט־קרעמערס זון איז ערגעץ אַנטלאָפן א נאַקעטער און צוגעגנבעט געלט באַ זיין טאַטן. איז דאָס דאַכט זיך גענוג? טרעפט נאָך אַ זאַך, וואָס איז פּשוט אַנידערגעפאַלן ווי אַ שוואַרצער פלעק אויפן געוויסן פון די געזונטע יידן פון שטעטל. וואָס הייסט, מען זאָל אַרויסגיין אינדערפרי און געפינען אַ הרוג?

ווער האָט געהרגעט אַ מענטש און דערצו נאָך אַ פרעמדן מענטש?

נאָר איצט איז נישטאָ קיין צייט צו פרעגן שאלות.

דאָס ערשטע האָט דער רב געשיקט רופן די שמשים און זיי גע־הייסן באַגראָבן דעם דערהרגעטן ייד.

די שמשים אין שטעטל זענען געווען גאַנצע קנאַקערס, זיי האָבן געהאַט אַן אייגענע חברה און שול, וואָס האָט זיך טאַקע גערופן די שמשעסע שול. דאָס איז געווען אַ שול, אַ פּחד אַהין אַריינצוקומען, ווייל תּמיד האָט מען זיך דאָרטן אינעווייניק געשלאָגן און חוץ דעם זענען אין פּאָליש פון דערדאָזיקער שול געלעגן די כּלים מיט וואָס מען האָט „מטהר" געווען אַ טויטן. דידאָזיקע שול האָט געשראָקן מיט איר מאָדנעם אויסזען: אַ קליינע,

אַ נידעריקע און מיט אַ מאָדנעם משופּעדיקן און הויכן דאַך, ווי אַן אַראָפּ־גערוקט היטל אויף אַ מענטש, וואָס איז זייער אויפגערעגט. די חברה שמשים זענען באַשטאַנען פון יידן אַזעלכע, וואָס זייערע בערד זענען גע־ווען האַלב גרוי און האַלב געל פון שמעקן טאַבאַק און פון טרינקען ספּירט. עס איז באַ זיי אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל, אַז אַ שמש האָט נישט מורא פאַרן טויט. אַריינגענומען אין דערדאָזיקער חברה האָט מען נאָר אַזאַ ייד, וואָס האָט געקאָנט געבן פּעטש און כאַפּן אַמאָל אַ קלאַפּ פון עמעצן און זיך מאַכן, אַז ער ווייסט נישט. אויך זענען זיי געווען אַזוינע אויסגע־מאָגערטע יידן מיט שטאָלענע פּנימער און זייערע גרויע אויגן האָבן אויס־געזען, ווי איבערגעקערט.

זייער אַרבעט איז געווען מקבר צו זיין די טויטע פון שטעטל. אַן אָרעמאַן האָבן זיי מקבר געווען אומזיסט, אָבער ווי איז געווען דעם טויטן, וואָס האָט נעבעך איבערגעלאָזט אַ פעטע ירושה.

איצט, אַז דער רב האָט זיי געהייסן מקבר זיין דעם הרוג, זענען זיי באַלד אַוועק און אָנגעהויבן זייער אַרבעט.

אַז זיי זענען פאַרטיק געוואָרן מיטן מת, האָט מען אים אַרויסגע־טראָגן אין דרויסן און אַוועקגעלייגט אויף צוויי דרענגלעך איבערגעפלאָכטן מיט שטריקלעך. דאָס גרויסע שטיק פּלאַץ אַרום דעם באָד איז געווען אָנ־געפּאַקט מיט מענטשן. די שמשים האָבן געטון אַ כאַפּ די „מיטה" און אָנ־געהויבן זייער גיך גיין. נאָך דער מיטה זענען געלאָפן מאַנסבילן פון אַלערליי עלטער. די ווייבער זענען געבליבן אינדערהיים. נאָר די ווייבער פון דער גאַס, וווּ מען איז דורכגעלאָפן מיט דעם טויטן, האָבן געקאָנט אַרויסגיין אין די אָפענע טירן, אָדער אויף די פריזבעס פון זייערע הייזער און טון דאָס לעצטע מאָל אַ בליק אויפן טויטן און לאָזן אַ טרער אין דער שטיל אויפן מזל פון דעם פרעמדן ייד.

אָט אַזוי איז מען מיטן טויטן דורכגעלאָפן דאָס שטעטל און באַ דער עק גאַס, אין דרויסן פון שטעטל, האָט מען זיך אָפּגעשטעלט און אַלע פון קליין ביז גרויס זענען צוגעגאַנגען און אָנגערירט די מיטה מיט זייערע הענט און געבעטן באַם אָרעמען, פרעמדן טויטן, אַז ער זאָל זיי מוחל זיין, אויב זיי זענען אפשר שולדיק.

צוריקגייענדיק, אַזוי ווי די מאָדע איז געווען נאָך מחילה בעטן, צוריק אין שטעטל, און נאָכדעם ווי מען האָט געכאַפּט דעם לעצטן בליק,

ווי אַזוי עס האָט זיך גיך געטראָגן אַ שוואַרצע זאַך איבער גרינע פעלדער, האָבן יידן אָנגעהויבן צו רעדן פון דעם, וואָס מען ווייסט נישט, ווער עס איז שולדיק.

— ווער האָט דאָס אַזאַ האַרץ צו הרגענען אַ מענטש ?

— עס איז דאָך נישט געהערט געוואָרן.

— איך זאָג אייך, אַז אויב מען וועט געפינען דעם מענטש —

— וואָס זשע וועט איר טון ? — האָט אַן אַנדערער ייד אונטער-געכאַפּט.

— וואָס הייסט, וואָס מען וועט אים טון ?

— ער וועט שוין קיין האָניק נישט לעקן !

— איך זאָג, אַז קיינער בײַ אונז אין שטאָט וועט דאָס נישט טון. איך קאָן שווערן אין אַ טלית, אַז דאָ איז עפּעס געשען.

— האָט איר דעמדאָזיקן ייד געקאָנט ?

— ניין, איך האָב אים נישט געקאָנט ? אַ שאלה, צי איך האָב אים געקאָנט. פונוואַנען בין איך, נישט קיין היגער ?

— אַזאַ שטילער ייד.

— פאַרוואָס זשע איז אים געקומען אַזאַ טויט ?

— און אַן ערלעכער ייד !

— איז דאָך טאַקע אַ פאַרדרוס.

— מן הסתם איבערגעלאָזט אַ ווייב מיט קינדער.

— ווער ווייסט. אַ פאַרשלאָסענער ייד געווען. מיט קיינעם נישט געהאַט קיין עסקים.

— עס זאָלן כאָטש די גויים נישט געוויר ווערן.

— וואָס איז דאָ מורא צו האָבן.

— ווען מענס העט עס זענען ריין, דער באַדאַרף נישט מורא האָבן.

— גלאַט די בושה און חרפּה.

— געקומען אַ פרעמדער ייד צווישן יידן, האָט מען אים דערהרגעט.

— געווען אַ גרויסער למדן.

— וואָס איז שייך אַ למדן, אַ פרומער אויך.

— קיינעם נישט געטון קיין שלעכטס.

— פאַרוואָס זשע האָט מען אים אָנגעטון אַזאַ שווערן טויט ?

— טאַקע אַ שווערער טויט ?

— וואָס דען, אַז אַ מענטש שטאַרבט מיט זיין אייגענעם טויט, שטאַרבט ער. אָבער, אַז ווען אַ מענטש האַלט נאָך באַם שטאַרבן, און פּלוצלינג לויפט עמעצער אונטער און דערהרגעט אים, דענקט איר זיך, אַז דאָס איז נישט קיין שווערער טויט?

— גאָט זאָל אויסהיטן!

אומגעפּער דאָס אָדער ענלעכס האָבן יידן גערעדט צווישן זיך אַהיים־גייענדיק מיט דעם וועג פון דער לוויה. אַלע מאָל איז אַלץ ווינציקער מענטשן געבליבן, ווייל אַלע מאָל האָט זיך אַ ייד אָפּגעקערט פון וועג און איז געבליבן שטיין באַ זיין שטוב און נאָכדעם, אַז מען האָט אים דער־לאַנגט אַ קווערטל מיט וואַסער, האָט ער זיך אָפּגעגאָסן די הענט און אריין אין שטוב.

יאַנקל רעשעטניק, באַ וועמען הירש־בער ליטוואַק האָט געוווינט אין אַ הינטערשט שטיבל, איז געקומען צו גיין אַהיים פון זיין אַרבעט מיט אַ גרויסער, דראָטענער רעשעטע צוגעבונדן אויף זיין פּלייצע און מיט אַ שטריק אַרומגעוויקלט זיינע לענדן. עס איז שוין געווען אָוונט און יאַנקל האָט גיכער אויסגעזעען ווי אַ ריזיקער פויגל, איידער ווי אַ מענטש.

זיין ווייב איז אַרויסגעקומען אים אַנטקעגן. געהאָלפן אָפּבינדן די רעשעטע פון זיינע פּלייצעס און אים גוט באַשמעקט. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי קאָן עפּעס דערשמעקן פון יאַנקלען. זי האָט דערווייל יאַנקלען גאָרנישט געזאָגט, זי האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ קלוגע און געטראַכט, אַז עס איז בעסער, אַז זי זאָל נאָכשמעקן מיט דער נאָז. פון אַ מענטש אַזעלכן, מוז זיך פילן אַ שלעכטער ריח. דאַנקען גאָט! דאַנקען גאָט! פון אים יאַנקלען פילט זיך נישט יענער שלעכטער ריח.

יאַנקל האָט פון גאָרנישט געוווּסט. וואָס ווייסט איינער, אַ פּראָסטער מענטש, אַ מידער, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, צי עמעצער לאָקערט אין דער שטיל אין זיין אָנוועזנהייט? יאַנקל איז אַריינגעקומען אין הויז אַריין. דאָס באַפּוצטע הויז, וואָס זיין ווייב האָט פאַר אים מיט אירע אייגענע הענט איינגעפונדעוועט איז יאַנקלען, איצט ווידעראַמאָל, שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער איז געווען מיד פון דער אַרבעט.

אָבער אַריינקומענדיק צו זיך אין הויז האָט ער פאַרגעסן, צי ער איז מיד.

אין הויז איז געווען שטיל און האַלב טונקל. „גוט וואָס עס איז נישטאָ קיין קינדער, וועלכע זאָלן מאַכן אַ תּל פון הויז" — האָט יאַנקל געטראַכט. אָבער ער האָט זיך נישט געלאָזט צופיל אַריינטראַכטן, אַז עס איז אויך נישט גוט, וואָס עס איז נישטאָ קיין קינדער. אַלע מאָל האָט ער עס אָפּגעלייגט, אַז עס איז זיין ווייבס שולד. פאַרשטענדלעך, אַז זאָגן איר אַליין אַזעלכע זאַכן האָט ער נישט, קיינמאָל.

ווי אַזוי עס זאָל נישט זיין, אָבער אין שטוב בײַ זיך האָט יאַנקל באַלד פאַרגעסן, אַז ער איז מיד, ויין ווייב האָט באַלד אָנגעצונדן דעם לאָמפּ.

איז געבליבן שטיין בײַם טיש און אָנגעקוקט יאַנקלען. יאַנקל האָט זיך אָנגערופן.

— וואָס ביסטו היינט אַזוי אומעטיק?

— דער ליטוואַק אונזערער, קאָן מיר נישט אַרויס פון קאָפּ.

— נעבעך — האָט יאַנקל געזאָגט — אַזאַ טויט!

— יאַנקל.

— וואָסיז?

— ס'דאָ געווען דער שמש.

— וואָס האָט ער געוואָלט?

— איך ווייס. מיך שרעקט דאָס האַרץ מיינס. דער רב רופט דיך — האָט יאַנקלס ווייב געזאָגט און זיך געלאָזט אַוועקגיין אין קיך אַריין. אין דער אָפענער טיר צו דער קיך האָט זי געטון אַ ברעך איין האַנט אין דער אַנדערער, אַ קוק געטון אויף יאַנקלען און טרויעריק געשאָקלט איר קאָפּ.

— כאַסיע, וואָס באַדאַרף מיך דער רב?

— כ'ווייס?

— וואָס האָסטו געזאָגט דעם שמש?

— אַז דו וועסט קומען נאָך וועטשערע. וואָס האָסטו מורא? גיי צו צום רב.

— ווער האָט מורא?

— כ'ווייס...

— גיב אַהער וועטשערע. דער רב רופט, וועל איך גיין.

כאַסי האָט דערלאַנגט צום טיש אַ שיסל. יאַנקל האָט אָנגעהויבן צו־עסן. מיט זיין שאַרפן געפּעק האָט ער געשניטן גרויסע רייפטן ברויט און פון דעם רייפט האָט ער אָפּגעשניטן קליינע פּירקאַנטיקע שטיקלעך ברויט און זיי געוואָרפן אין זיין גרויס מויל. כאַסי האָט אים גוט אָנגע־קוקט. זי האָט עפּעס יאָ נייעס געזעען אין זיין פּנים. צווישן די־ווייכע, שוואַרצע האָר פון זיין פאַרוואַקסן פּנים האָט זי געזעען דאָ און דאָרט שוואַרצע קליינע פּינטעלעך. דאָס האָט זיך כאַסין אויסגע־וויזן, האָט זי נאָר וואָס ערשט באַ איר יאַנקלען אויף זיין פּנים דער־זעען.

ער מוז זיך זייער פיל זאָרגן. ער האָט אים טאַקע דערהרגעט. איר מאַן האָט אים דערהרגעט. זאָרגט ער זיך איצט און עס איז אים אַרויס אויף זיין פּנים שוואַרצע פּינטעלעך. זי באַשליסט באַ זיך נישט לאָזן יאַנקלען גיין צום רב. זי רופט זיך אָן:

— יאַנקל, ביסט איצט מיד. וועסט מאָרגן גיין צום רב.

— מאָרגן? ביסט גערעכט. זאָל זיין מאָרגן, — האָט יאַנקל, קוקנדיק פאַר זיך אין דער לופט אַזוי ווי אַ פאַרטראַכטער, גע־זאָגט.

— יאַנקל?

— וואָס איז?

— אויב מען וועט אים כאַפּן?

— וועמען?

— דעם גזלן, וואָס האָט דעם ליטוואַק דערהרגעט.

— וואָס פרעגסטו? אויב מען וועט אים כאַפּן, וועט ער נישט לעקן קיין האָניק.

— וואָס טראַכט זיך אַזאַ מענטש?

— גיי פרעג אים — איז שוין יאַנקל ברוגז געוואָרן און אַרויס פון געדולד — איך בין עפּעס אַ „זנאַכער”? וואָס פרעגסטו באַ מיר אַזוינע זאַכן?

כאַסי האָט זיך אַזש געטון אַ וואָרף, זי האָט זיך דערשראָקן. איצט ווייסט זי שוין אויף זיכער, אַז יאַנקל האָט אים דערהרגעט. זי האָט כלומרשט געטון אַ פרעג איר מאַן, צי ער וויל נאָך אַ שיסל באָרשט.

יאַנקל האָט זיך געהייסן געבן נאָך אַ שיסל באָרשט. כאַסי איז צוריקגעקומען מיט דער שיסל. און נאָך אַ לאַנגן שווייגן און נאָכדעם ווי זי האָט זיך איינגעהערט; ווי אַזוי איר מאַן האָט מיט זיינע ליפּן אויסגעלעקט דעם באָרשט, האָט זי געזאָגט:

— יאַנקל, ווייסט, עס איז נישט שיין, אַז מען קלאַפּט מיט די ליפּן ווען מען עסט. ווייסטאָך, איך האָב געזען אין „גרויסע הייזער" עסט מען שטיל.

— שוין ווייטער מיט די „גרויסע הייזער"? — האָט זיך יאַנקל אומגעקערט צו זיין ווייב מיט זיין פּנים. עס איז אין זיין פּנים געווען דער אויסדרוק פון אַ הינטיש פּנים, בשעת מען טרעט אים אָן אויף אַ פוס.

— איך מיין דיין טובה — האָט כאַסי ווייך געזאָגט.

— ווער בעט באַ דיר טובות?

— טאָמער מאַכט זיך אַמאָל קומסט ערגעץ אין אַ הויז. אַ באַלע-באָס וועט דיך פאַרבעטן עסן באַ זיין טיש, צי עפּעס אַנדערש.

— עסן קאָן איך גלייך מיט אַלע מענטשן — איז יאַנקל שוין ווייכער געוואָרן, זאָגאַר געטון אַ שמייכל.

— „אָט אַזוי — האָט כאַסי געטראַכט צו זיך אַליין — דאַנקען גאָט ער האָט באַוויזן אַ שמייכל"...

— איצט וויל איך באַ דיר עפּעס פרעגן, יאַנקל — האָט כאַסי זיך אָנגענומען מיט מוט און אַוועקגעזעצט זיך אַקעגן איר מאַן.

— דאַנקען גאָט, איך בין שוין זאַט. קאָנסט פרעגן.

— וואָס האָסטו געטון מיט דעם ליטוואַק נעכטן אויף דער נאַכט? — האָט כאַסי געפרעגט און באַלד האָט איר באַנג געטון, וואָס זי האָט דאָס געפרעגט. זי האָט געפּרוווט פאַרבעסערן מיט דעם, וואָס זי האָט נישט גע-וואַרט אויף איר מאַנס ענטפער און ווייטער צוגעגעבן: — איך ווייס, אַז דו האָסט אַ שווערע האַנט. האָסטו אים געטון אַ קלאַפּ און פאַרטיק.

— אַ שיינעם ווערט האָט באַ מיר אַזאַ מענטש — האָט יאַנקל גע-זאָגט, ווי ער האָט תמיד ליב געהאַט זיך צו רייצן מיט זיין שטאַרקייט אין זיין ווייבס אויגן — אָבער איך האָב מיין האַנט אויף אים דאָסדאָזיקע מאָל נישט אַנידערגעלייגט.

— ווי זשע קומט עס, וואָס מען האָט אים געפונען, נעבעך, אין די מיילער פון די הינט?

— ביסט משוגע? כאַסי, וואָס איז מיט דיר? איך?

— איך זאָג נישט דאָס.

— ווער דען זאָגט? ווער? — האָט זיך יאַנקל אויפגעהויבן פון זיין אָרט און אַ קלאַפּ געטון אין טיש אַזש די שיסל האָט געטון אַ קלינג — ווער האָט געזאָגט? קום אַרויס מיט ריינע באַרבירים. דער ווער עס האָט דיר דאָס געזאָגט, יענעם וועל איך דעם קאָפּ צעשפּאַלטן.

— יאַנקל, זעץ זיך אַוועק. קיינער האָט דאָס מיר נישט געזאָגט — האָט כאַסי מיט ביידע הענט זיך אָנגעשפּאַרט אין איר מאַנס אַקסלען און אים מיט איר געוויכט אַראָפּגעבויגן צום בענקל — נאָך דיינע רייד אַליין קאָן מען זיך אָנשטויסן, אַז דו האָסט דאָס געטון. אויב דו וועסט אַזוי רעדן באַם רב, וועט דער רב אויך אַזוי מיינען.

— ווי באַלד עס איז אַזוי, וועל איך באַלד גיין צום רב — האָט יאַנקל בייז געזאָגט.

— ניין, איך וועל דיך נישט לאָזן.

— אויב דער רב מיינט, אַז איך האָב דעם אָרעמען ייד דערהרגעט, לאָמיך שוין גיין און דערציילן דעם רב די גאַנצע מעשה.

— פונוואַנען ווייסטו, וואָס דער רב מיינט?

— זאָגסטאָך אַליין.

— ווער האָט דאָס דיר געזאָגט?

— צי בין איך משוגע, צי בין איך טויב?

— יאַנקל, דאָס איז מיין אייגענע נאַרישקייט — האָט כאַסי געפּילט, אַז איר האַרץ רייסט זיך אָפּ, אָבער אַזוי ווי זי האָט זיך געהאַלטן פאַר זייער אַ קלוגע, האָט זי דערפאַר איבערגעדרייט דאָס געשפּרעך: — איך האָב דיך געוואָלט אָנשרעקן. אַ נישט ווייס איך נישט, אַז דו וועסט נישט הרגענען אַ מענטש. פאַרוואָס זאָלסטו הרגענען אַ מענטש, דערפאַר וואָס ער האָט געטון אַ קרומען קוק אויף דיין ווייב? נו, און אַז ער האָט געטון אַ קרומען קוק אויף דיין ווייב, איז וואָס? דיין ווייב האָט דען באַ דיר עפּעס אַ באַטרעף, צי מען קוקט אויף איר קרום, צי נישט. איך ווייס, אַז דו וועסט דערפאַר נישט הרגענען קיין מענטש.

— כאַסי, וואָס האָסטו זיך אָנגעלייגט אויף מיין קאָפּ היינט אָוונט? — האָט יאַנקל מיט ווייטיק אין זיין שטים אויסגעשריגן — ווייסטאָך, אַז וועגט האָבן אויערן. און דאָס, וואָס דו ברענגסט אַרויס פון דיינע ליפּן, וועט

מאָרגן ליגן באַ אַלעמען אויף די צינגער. אַ צרה אויף מיר געשען. האָסטו דיר אַ ליטוואַק! געווען אַ ייד און איז נעבעך געשטאָרבן מיט אַזאַ טויט, ווער איז אים שולדיק? ווער האָט אים געהייסן גיין צווישן די בעסאַראַ־ביער הינט?

— איך רעד שטיל און דו שרייסט — האָט כאַסי שטיל און בייסנד געזאָגט.

— דו רעדסט שטיל... דיין שטיל רעדן גייט מיר טיף אין מיינע ביינער.

— זע נאָר, ווי איך געפעל אים נישט.

— וואָס איז דאָ באַ דיר צו געפעלן? — האָט יאַנקל געזאָגט און געטון אַ ווונק מיט איין אויג און אַ קרים מיט אַ ווינקל פון זיין מויל.

— דו מיינסט נישט קיין שפּאַס... איך ווייס, איך ווייס.

— וואָס דען, אַ שפּאַס מיין איך? איך זאָג דיר אויף דעם רעכטן אמת.

— נו, אַזוינער, ווי דו, וואָס קאָן דערהרגענען אַ מענטש, קאָן זיך געפינען אַן אַנדער ווייב אויך.

— היט זיך, איך וועל דיך אויך, ווען סע נישט איז, הרגענען, היט זיך בעסער.

— איך גלייב דיר, איך גלייב דיר.

מאַן און ווייב זענען געבליבן זיצן שטיל. יאַנקל האָט פאַרוויקלט אַ ציגאַר טיטון און גערייכערט, אָנפילנדיק מיט רויך דאָס גאַנצע הויז. ער האָט געפילט, ווי זיינע הענט ברעכן זיך איבער פון ווייטיק. אַ גאַנצן טאָג געזיפט ווייץ. זיין גאַנצער קערפּער האָט זיך פויל געצויגן און אים האָט זיך געוואָלט איצט זיך אויסציען אויף אַ לאַנג בעט. אים איז די מעשה מיט דעם דערהרגעטן ייד נישט געגאַנגען זייער טיף. ער האָט זיך דערמאַנט אין נעכטן אָוונט, ווען ער איז געקומען צו לויפן אַהיים. נאָכ־דעם ווי זיין ווייב האָט אים דערציילט, איז ער געלאָפן זוכן דעם ליט־וואַק. ער האָט אים אָבער נישט געפונען. דאָס ווייסט כאַסי זייער גוט, אַז ער האָט אים נישט געפונען. וואָס זשע פּלאַפּלט זי איצט.

כאַסי איז געזעסן און געקוקט אויפן לאָמפּ. איר האָט זיך געוואָלט ערשט איצט צו דערוויסן זיך דעם ריינעם אמת. צוליב וואָס זי האָט דאָס געוואָלט וויסן, איז שוין אַן אַנדערע זאַך. עס איז געווען באַ איר אַ געפיל

צו וויסן אויב עס איז אמת, אַז איר מאַן האָט דעם ליטוואַק דערהרגעט. זיכער יאָ? דעמאָלט וואָלט זי געוווּסט, אַז זי ווייסט עפּעס בּאַ איר מאַן און אויך דעמאָלט וואָלט זי אים געקאָנט העלפן פאַרדרייען דער וועלט דעם קאָפּ. זי איז אַ קלוגע און וועט אים שוין געבן עצות וואָס צו טון, קאָן זי אָבּער פון איר יאַנקלען נישט דערגיין דעם אמת. זי מוז נאָכאַמאָל פּרווון:

— דער רוח האָט מיך געטראָגן דיר צו דערציילן דעם אמת...

יאַנקל האָט גאָרנישט געענטפערט. ער האָט זאָגאַר נישט געהערט, וואָס זיין ווייב האָט געזאָגט.

— איך בּין מיט דיר אָדראָבּע וועאָדראָבּע און דו בּיסט מיט מיר קידער ווידער — האָט כאַסי בּרוגזלעך צוגעוואָרפן — וואָס שווייגסטו?

— זאָגסט עפּעס צו מיר — האָט יאַנקל זייער ווייך, אַזוי ווי פון שלאָף, אַרויסגעזאָגט.

— צו דיר, צו דיר. איך זאָג, אַז אַ ווייב בּאַדאַרף וויסן דעם אמת בּאַ איר מאַן. בּאַ דיר ווייס איך קיינמאָל נישט דעם אמת.

— שקר! איך זאָג דיר אַלע מאָל דעם אמת. ווען איך זאָל דיך אַלע מאָל אָפּנאַרן, וואָלט בּאַ דיר געווען אַ סך מער אָנגעלייגט.

— איך דערקען אַלע מאָל אָן דיינע אויגן, צי דו זאָגסט דעם אמת. זאָג מיר דעם אמת, יאַנקל, דו האָסט דעם ליטוואַק דערהרגעט?

— וואָס זאָרגסטו זיך אַזוי פאַר דעם ליטוואַק. איך האָבּ אים דער־הרגעט. נו, שוין האָסטו דעם ריינעם אמת און טשעפּע זיך אָפּ פון מיר.

— פאַרוואָס?

— אַזוי האָבּ איך געוואָלט!

— שווייג כאַטש, יאַנקל, היט זיך, אַז מען זאָל נישט געוואויר ווערן.

— דיר מעג איך דאָך אָבּער דערציילן.

— אוי, אַ ווייטיק איז מיר אין האַרץ. האָסט אים דערהרגעט דער־פאַר, וואָס ער האָט אויף מיר אויסגעגלאָצט זיינע אויגן?

— דערפאַר, כאַסי.

— איך האָבּ אַלע מאָל פאַר אים מורא געהאַט.

— איצט איז אַ סוף.

— אַזוי האָבּ איך דיך ליב — האָט כאַסי מיט אירע בּיידע הענט

אַרומגענומען איר מאַנס האַלז — הייסט דאָס, אַז דו האָסט אים טאַקע דערהרגעט. דערציייל מיר ווי אַזוי דו האָסט דאָס געטון?

— איך בין איצט מיד, כאַסי, וואָס ווילסטו פון מיר. לאָז אויף אַן אַנדערן אָוונט.

— ניין, איצט מוזסטו מיר דערציילן.

— קאָנסט משוגע מאַכן אַ מענטש, כאַסי.

— איך וועל דיך נישט לאָזן זיך לייגן שלאָפן ביז דו דערציילסט נישט.

יאַנקל האָט געזען, אַז ער וועט זיך פון זיין ווייבס הענט נישט אַרויסדרייען. אים איז איינגעפאַלן צו דערציילן אָט וואָס:

— געדענקסט נעכטן אָוונט?

— איך געדענק. מיר האָבן אים נישט געפונען.

— דערנאָך האָבן מיר זיך געלייגט שלאָפן.

— יאָ.

— באַנאַכט אָבער בין איך אויפגעשטאַנען, דו האָסט נישט געהערט.

— נו?

— איך האָב אים געפונען אין דרויסן באַ דער טיר.

— נו, וואָס האָסטו געטון?

— איך בין צוגעגאַנגען און אים געטון אַ זעץ מיט איין האַנט און פּאַרטיק.

— וואָס האָט ער געטון?

— ער האָט געטון אַ שטילן קרעכץ און פּאַרטיק.

— און דערנאָך?

— און דערנאָך האָב איך אים אַוועקגעשלעפּט צו דער ריפּע און פּאַרטיק.

— גיי, איך וויל מיט דיר מער נישט שלאָפן אין איין הויז — איז כאַסי געטון אַ שפּרונג אַוועק פון איר מאַן.

יאַנקל האָט זיך געטון אַ הייב אויף, אויסגעצויגן זיינע הענט הויך אַריבער זיין קאָפּ. אין זיינע באַוועגונגען איז געווען עפּעס ווילדס. זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט דעם גלאַנץ פון ברענענדיקער סירקע. מיט איין שפּרונג איז ער שוין געווען לעבן זיין ווייב. זי האָט געוואָלט אַנטלויפן, נאָר די וואַנט איז געווען אין איר וועג.

יאַנקל האָט זי געטון אַ נעם אַרום מיט זיינע הענט, וועלכע האָבן אַ גאַנצן טאָג געזופּט ווייץ. זיינע גראָבע פינגער האָבן זיך איינגעשלאָסן אַזוי ווי ריגלען פון איין האַנט אין דער צווייטער.

— יאַנקל, דו צעברעכסט מיר מיינע ביינער! — האָט כאַסי זיך געבעטן בײַ איר מאַן און געפילט, ווי איר לייב ברענט.

## 21.

נאָכדעם ווי מען האָט דעם אָרעמען הירש־בער ליטוואַק צו קבר ישראל געבראַכט, איז דער רב פון שטעטל געווען שטאַרק דערשלאָגן פון דער מעשה סדום, ווי ער האָט דאָס אַליין אַ נאָמען געגעבן. שעהן לאַנג איז ר׳ וואָלף אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער. ער איז געוואָרן אַזוי קליין בײַ זיך און זיינע אויגן און האָט זיך פאַרבאַהאַלטן אין זיין שלאָפ־ראָק. זיין פנים איז געווען געל אַזוי ווי וואַקס און זיינע אויגן האָבן, צוויי שוואַרצע, געברענט פון יסורים. אַלס רב פון שטעטל האָט ער געמוזט גיין און אָנקוקן דעם טויטן. איצט ליגט ער, הירש־בער ליטוואַק, פאַר זיינע אויגן אָט אַזוי ווי ער האָט אים געזעען, מיט דעם אָפענעם בויך, מיט די אָפּגעריסענע ריפּן־ביינער און מיט אַ האַלבן קאָפּ.

ר׳ וואָלף האָט אפילו געפונען אַ טרייסט פאַר דעם יידס טויט. איצט וועט מוזן ווערן שלום. כל זמן אַז ס׳איז נישט חרוב געוואָרן קיין וועלט, נו, מילא... אָבער אַ מענטש — אַ וועלט איז חרוב געוואָרן. מוז ווערן שלום.

עס האָט זיך געעפנט די טיר און יאַנקל רעשעטניק מיט זיין ווייב זענען אַריינגעקומען. דער רב האָט זיי אָנגעוויזן אַן אָרט צום זעצן.

דער רב האָט זיך אַרומגעדרייט איבער דער שטוב מיט זיינע הענט

אַרייַנגעשטעקט אין די אַרבל פון זיין שלאָפראָק. און נאָך אַ לאַנגן שווייגן האָט ער זיך געווענדט צו יאַנקלען:

— באַ אייך געווײנט?

— יאָ — האָט כאַסי אויסגעכאַפּט דעם ענטפער.

— ווייסט איר, צי ער איז געווען אין צימער באַ זיך אין אָוונט, איידער מען האָט אים געפונען אַ טויטן.

— נישט געווען, רבי — האָט ווייטער כאַסי אויסגעכאַפּט דעם ענטפער.

— איר האָט אים געזוכט, וואָס איר ווייסט, אַז ער איז נישט גע־ווען? — האָט דער רב זיך אָפּגעשטעלט אין מיט פון שטוב און באַטראַכט זייַנע געסט.

— יאָ, — האָבן ביידע, יאַנקל מיט כאַסין, מיטאַמאָל געענט־פערט.

— איז ער יענעם טאָג געווען אין צימער באַ זיך? — האָט דער רב געפרעגט.

— מיין ווייב ווייסט — האָט יאַנקל געזאָגט מיט אַ ווונק צו זיין ווייב.

— צוליב וואָס האָט איר אים געזוכט?

— מיין ווייב ווייסט —

— דערציילט, וואָס איר ווייסט — האָט דער רב זיך אַ קער געטון צו כאַסין — אָבער איר שטייט איצט פאַר דעם רב און איר מוזט זאָגן דעם אמת.

כאַסי האָט זיך געטון אַ וויג אויף איר אָרט, איר פּנים איז רויט געוואָרן. זי האָט פאַרלוירן די צונג אין מויל. אָבער צום סוף איז זי גע־קומען צו זיך, דורכדעם, וואָס יאַנקל האָט איר געטון אַ שטויס מיט זיין עלנבויגן.

— מיין מאַן איז געווען באַם ווייַץ. ער האָט געזופּט ווייַץ. איך האָב געקאָכט אין קיך. פּלוצלינג איך טו אַ קוק, דער ליטוואַק איז אויסגעוואַקסן לעבן מיר און ער האָט מיט ביידע הענט מיך געטון אַ נעם באַ מיינע אַקסלען. איך האָב זיך דערשראָקן און באַלד געחלשט. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז מיין מאַן געווען אינדערהיים. איך האָב מיין

מאַן דערציילט דעם אמת. און מיר זענען אים, דאָס הייסט, דעם ליטוואַק געגאַנגען זוכן אין אונטער־שטיבל און אים נישט געפונען דאָרט.

— וואָס האָט איר געוואָלט טון — האָט דער רב געפרעגט.

— איך האָב אים געוואָלט ברעכן אַ ביין — האָט יאַנקל פּראָסט און אויפריכטיק געזאָגט.

— זיין גליק איז געווען, וואָס איר האָט אים נישט געפונען.

— איך מיין עפּעס — האָט יאַנקל קאַלט און שאַרף געענטפערט.

— מער האָט איר אים נישט געזוכט?

— ניין.

— ווייסט איר עפּעס מער וועגן אים?

— נישט מער, אַז ער האָט געהייסן הירש־בער — האָט כאַסי אויסגעכאַפּט דעם ענטפער.

— האָט ער זיך אפשר אַמאָל געקלאָגט פאַר אייך?

— קיינמאָל נישט.

— איז ער אייך שולדיק דירה־געלט.

— אַ ביסל.

— קיינמאָל די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט געוווינט באַ אייך, מיט אייך נישט גערעדט?

— קיינמאָל נישט — האָט יאַנקל געזאָגט.

— און מיט אייך אויך נישט? — האָט זיך דער רב צו כאַסין גע־ווענדט מיט זיין שאלה.

— מיט מיר? אפשר מיט מיר וואָלט ער געווען גערעדט. איך האָב זיך אָבער געמיאוסט אויף אים אַ קוק צו טון — האָט כאַסי געזאָגט און בשעת מעשה צעבראָכן די ליניעס פון איר מויל.

— פּאַוואָליע! איר זענט אַ יידישע טאָכטער. היט זיך, וואָס איר זאָגט — האָט דער רב בייזלעך אָנגעשריגן — איך וועל אייך געבן רשות, אַז איר זאָלט חרטה האָבן אויף דעם, וואָס איר האָט נאָר וואָס גע־זאָגט.

— איך זאָג דעם אמת, רבי — האָט כאַסי געזאָגט מיט אַ גרימאַסע אויף איר פּנים, ווי זי וואָלט זיך באַלד וועלן צעוויינען — פאַר קיין אַנ־דערע לעבעדיקע מענטשן האָב איך עס נישט אַרויסגעבראַכט, שטראָף מיך גאָט, אָבער אייך זאָג איך דעם אמת.

— אויב איר האָט זיך געמיאוסט פון אים, פאַרוואָס האָט איר אים פאַרדונגען דאָס אונטער־שטיבל?

— איך ווייס, אַ „מלמד" קנעלט אַלע מאָל בײַ אונז אין אונטער־שטיבל. דערדאָזיקער ליטוואַק איז געקומען און געוואָלט דינגען אויף אַ חדר, האָב איך אים פאַרדונגען.

— האָט איר אים, הייסט עס, געוואָלט „ברעכן אַ ביין"? — האָט דער רב פּלוצלינג זיך געווענדט צו יאַנקלען און אים שאַרף אָנגעקוקט מיט זײַנע קליינע, שוואַרצע, שפּיזיקע אויגן.

— איצט וואָלט איך דאָס שוין נישט געטון, רבי — האָט יאַנקל געענטפערט, רויט ווערנדיק איבער זײַן גאַנץ פּנים.

— נו, גייט אייך געזונטערהייט אַהיים, ר' יאַנקל, ווען איך וועל אייך שיקן רופן נאָכאַמאָל, זאָלט איר מוחל זײַן קומען גיך.

— מיך? — האָט יאַנקל נישט פאַרשטאַנען.

— אַלע יידן פון שטאָט און אייך אויך, אַז דער רב רופט, דאַרפן זיי קומען באַלד צו לויפן. גייט איצט געזונטערהייט אַהיים.

באַלד נאָכדעם, ווי יאַנקל און זײַן ווײַב כאַסי זענען אַרויס פון רב, איז משה שמש געקומען צו לויפן מיט זײַן גיכן געענגל, אַ פאַרסאָפּע־טער; אַרײַן אין שטוב פון רב און מיט אַ קורצן אָטעם דורך האַלבע ווער־טער געגעבן דעם רב צו פאַרשטיין, אַז ישראל גאָלדשטיין איז איצט נישטאָ אין שטאָט און אַז ר' אַרקע וויל נישט קומען. ר' אַרקע האָט געזאָלט זיך אויסדריקן, אַז ער האַלט נישט מער פון רב, און נאָך אַזוינע ווערטער, וואָס ער וויל נישט אַרויסברענגען אויף זײַנע ליפּן.

דער רב האָט געטון אַ מאַך מיט זײַן בלאָסער, דאַרער האַנט צו משה שמש און געזאָגט:

— גיי אַרויס און שריי אויס איבער דער שטאָט, אַז דער רב הייסט, אַז עס זאָל ווערן שלום.

— וואָס הייסט? — האָט משה שמש נישט פאַרשטאַנען.

— שלום!

— און דאָס פלייש פון בנציון שוחטס שחיטה?
— כשר.
— לאָם איך זיך פריער וואַשן מיינע הענט, רב — איז משה שמש אויפגעשפרונגען פון זיין בענקל — און דערנאָך מאַכן אַ ברכה.
— גיי און טו וואָס איך הייס. אַ וועלט איז חרוב געוואָרן. גענוג. דער פרעמדער ייד איז געשטאָרבן אַ שיינעם טויט. מיט זיך האָט ער אויסגעקויפט שלום צווישן יידן. ווער קאָן דאָס דערגרונטעווען? גאָט האָט אַ ייד אַריינגעגעבן אַ מחשבה: פאַר זיך אַזש אַזוי ווייט אין דער בעסאַראַביע...

דער שמש איז אַרויס פון רבס טיר און פון פרייד, פילנדיק, אַז זיין לייב ציטערט אים, האָט ער באַלד נאָך אויף דער שוועל אויסגעזונגען, פאַרגלאָצנדיק מיט זיינע אויגן:

— דער רב איז מוסר ומודיע, אַז פון היינט אָן זאָל זיין שלום באַ יידן און אַז בנציון שוחטס שחיטה איז כשר. יידן קויפט פלייש און הערט זיך אויף צו קריגן.

דאָסדאָזיקע געזאַנג האָט משה שמש געטראָגן איבער אַלע גאַסן, אַ שטאָלצער, קלאַפנדיק מיט זיין שטעקן איבער דער ערד.

אַ מחנה קינדער זענען אים נאָכגעלאָפן און נאָך יעדן מאָל, וואָס משה שמש האָט אויסגעלאָזט זיין געזאַנג מיט די ווערטער: „הערט אייך אויף צו קריגן" האָבן די קינדער אונטערגעהאַלטן מיט אַ כאָר פון געשרייען און פייפערייען און באַגלייט זיינע געשרייען מיט דעם, וואָס זיי האָבן זיך איינגעבויגן און אָנגענומען פולע זשמעניעס מיט שטויב און עס צעשאָטן אין דער לופט.

משה שמש האָט הנאה געהאַט פון דעם, וואָרים זיין פנים האָט געלויכטן מיט זיבן שמייכלען. און וואָס ווייטער ער איז געגאַנגען איבער די גאַסן, האָט ער אַלץ העכער געשריגן, באַנוצנדיק זיך אַלע מאָל מיט אַן אַנדערן ניגון, דאָס האָט ער אויסגעזונגען דעם ניגון פון דער „שורה" און אַן אַנדערשמאָל דעם ניגון פון דער „מגולה". ער האָט נאָך אויסגעזוכט אַזעלכע ניגונים, וואָס זענען פריילעך.

באַ די שטובן האָבן זיך צוזאַמענגעזאַמלט ווייבער און פון פרייד האָבן זיך איינע די אַנדערע געשטויסן מיט קולאַקעס אין די זייטן אַריין. דאָ און דאָרט איז אין מיט פון אַ גאַס געשטאַנען אַ רעדל מיט יידן. מען

האָט זיך געקלאַפּט אין די פּלייצעס און פון גרויס פרייד זיך אָפּגעטוין שפּיצלעך. אַ שטייגער, איינער האָט דעם אַנדערן געגעבן אַ ציגאַר טיטון און ווען יענער האָט נאָר וואָס פאַררייכערט דעם ציגאַר טיטון, האָט אים באַלד אַ דריטער אויסגעכאַפּט און אים אַריינגעשטעקט צו זיך אין מויל אַריין, בלאָזנדיק דעם רויך פון די נאָזלעכער און קוקנדיק בשעת מעשה צום הימל ווי נישט אים מיינט מען דאָס. אַ פערטער האָט זיך באַלד אונטערגעלייגט פון הינטער דעמדאָזיקן קלוגן „חכם” און אַ פינפטער האָט דעם, וואָס האָט געקוקט צום הימל, געטון אַ שמויס און אים איבערגעקערט.

אין אַן אַנדערער גאַס איז געפאָרן אַ פור מיט צוויי פערד, האָבן זיך יידן אַוועקגעשטעלט אין מיטן גאַס און נישט געלאָזט די פור מיט די צוויי פערד דורכפאָרן, איז דער מאָלדאַוואַן, וואָס האָט געטריבן די צוויי פערד, אַרויס פון וואָגן און זיך אָנגעהויבן קריגן מיט די יידן, דערווייל האָבן זיך עטלעכע אַנדערע יידן אַריינגעכאַפּט אין וואָגן און מיט אַ געשריי און אַ פייפעריי אַוועקגעפאָרן, איבערשרעקנדיק די צוויי קליינע, פעטע פערדלעך. די פערד האָבן זיך צעפּלאָשעט און געלאָפן איבער דער גאַס, אויפהייבנדיק אַ גרויסן שטויב. דער מאָלדאַוואַן איז שוין דערווייל געוויר געוואָרן, וואָס דאָ אין שטאָט טוט זיך, איז ער געלאָפן נאָך דעם טראַסקעדיקן, הילצערנעם וואָגן און געשריגן, צעשפּרייטנדיק זיינע הענט. און יידן האָבן געלאַכט און טרערן האָבן זיך באַ זיי געגאָסן פון זייערע אויגן.

משה שמש האָט שוין אויסגעזוכט דאָס, וואָס דער רב האָט אים געהייסן, איבער אַלע גאַסן און קלענערע געסלעך. אין דער שניידערישער גאַס האָבן די שניידער־יינגען און די שניידער־מיידלעך, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען ליידיק צוליב דער מחלוקה, ווי זיי האָבן דאָס אַליין גערופן, אָן אַ שטאָך אַרבעט, איצט זיך אַרויסגעלאָזט אין זייער אייגענער גאַס אַרויס, דער שמאָלער און קרומער און זייער שטויביקער. זיי האָבן אַרומגערינגלט דעם מידן שמש און פון אים געמאַכט חוזק אַזוי ווי עס וואָלט זיי נישט אָנגעגאַנגען דאָס, וואָס ער ברענגט זיי אַזאַ גוטע בשורה.

ציי אפשר טאַקע דערפאַר, וואָס ער האָט זיי געבראַכט אַזאַ גוטע בשורה, האָט מען באַדאַרפט פון אים חוזק מאַכן, דערהויפּט האָט מען אים באָכגעקרימט ווי אַזוי ער פאַרגלאָצט מיט זיינע אויגן. מען האָט דעם שמש

בייז געמאַכט און ער האָט געהאַט אַ טבע, אַז בשעת ער איז בייז געוואָרן האָט ער פאַרמאַכט זיינע אויגן און געשאָלטן. די שניידער־יינגען מיט די שניידער־מיידלעך האָבן אים אַריינגענומען אין דער אַרבעט. אַלע מאָל האָט אַ יינג געטון אַ וואָרף אַרויף אויף משה שמש אַ שניידער־מיידל. דאָס מיידל איז נעבעך צוגעפאַלן צום ייד, זיך אָנגעכאַפּט אָן זיין לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַ קוויטשעריי באַגלייט פון דער גאַנצער כאַפּטע.

נאָכדעם ווי משה שמש האָט זיך באַנוצט מיט זיין שטעקן און איז קוים מיט זיין לעבן אַרויס אַ גאַנצער פון דערדאָזיקער שמאָלער גאַס, האָבן ערשט די יינגען מיט די מיידלעך אָנגעהויבן צו וואָיעווען. די יינגען האָבן געשפּריצט פולע מיילער מיט וואַסער אויף די מיידלעך און די מיידלעך האָבן געשאָטן שטויב פון פולע זשמעניעס אויף די יינגען. דערפאַר, אויב עס איז געלונגען איינעם פון די יינגען, האָט ער באַ אַ מיידל געטון אַ כאַפּ דאָס קליידל און עס אינדערהייך אויפגעהויבן און אַריבערגעוואָרפן איבער איר קאָפּ. דערדאָזיקער שפּיל האָט זיך נאָר איינעם פון די יינגען איינגעגעבן, און דערפאַר האָבן אים אַ גאַנצע כאַפּטע מיט מיידלעך אַריינגעכאַפּט און אים אָנגעטון אַלערליי יסורים...

עס איז אָבער די יינגען און די מיידלעך זייער שפּיל אויף זייער אייגענער גאַס באַלד נמאס געוואָרן. אין דרויסן איז געווען שיין און לופטיק. די זון האָט וואַרעם געשיינט און פּשוט אַריבערגעגאָסן אַ רעגן מיט ליכט און שטראַלן איבער אַלע דעכער און ווינקלען פון שטאָט. יעדעס קערנדל שטויב איז געוואָרן איינגענעצט מיט זון־ליכט. עס האָט אויסגעוויזן צו זיין אַזוי ליכטיק, אַז עס האָט גאָר קיינמאָל נישט געקאָנט פינצטער ווערן. סיי ווי, אויב עס האָט ערגעץ געלאָקערט דער אָוונט, איז נאָך געווען וויים צו דער נאַכט.

די שניידער־יינגען מיט די שניידער־מיידלעך האָבן פאַרגעסן אפילו צו מאַכן אָט דעמדאָזיקן חשבון. זיי האָבן געפילט, אַז זיי זענען לוסטיק, זענען זיי אוועק אין מאַרק־פּלאַץ, דעם רונדן און גרויסן.

זייערע געשרייען האָבן נישט נאָר אויפגעוועקט דאָס קליינוואַרג פון שטאָט. נאָר אויך די גרויסע.

— וואָס איז פאַר אַ שמחה היינט? — האָט מען געפרעגט פון מויל צו מויל.

— היינט איז אַ שמחה. וואָס, איר ווייסט גאָרנישט?

— דאָס, וואָס מען מעג שוין עסן פלייש?
— הפּנים?
— צו מיינע שונאימס קעפּ!

אין מאַרק האָט מען צונויפגעטראָגן קעסטלעך און ברעטלעך און אָנגעלייגט אין הויכע הויפנס. יינגען זענען געשטאַנען בײַ אַ קראָם און געוואָלט צונעמען אַ לאַנגן פאַס פון דזשעגעכטס. דער קרעמער האָט זיך געבעטן, אַז ער האָט נאָך דאָרט אין פאַס אַ סך דזשעגעכטס. די יינגען האָבן דערפון נישט געוואָלט וויסן. זיי האָבן דאָס פאַס צוגענומען און עס געקייקלט מיט פרייד איבער דעם מאַרק.

אַנדערע קרעמער האָבן זיך מתקנא געווען און אויך מיט זייער איי־גענעם ווילן געשאָנקען לאַנגע פעסער און דזשעגעכטס.

דער גאַנצער מאַרק איז געוואָרן אָנגעפּאַקט מיט קינדער, ווייבער און מאַנסבילן. גויים און יידן האָבן זיך דאָ אויסגעמישט. ס'איז אין דער לופט געהאָנגען אַזאַ גרויסער רעש פון אַלערליי רייד, אַז מען האָט נישט געקאָנט שוין פאַרשטיין דאָס לשון, וואָס איז דאָ גערעדט געוואָרן. עס האָט געמוזט זיין אַ ניי לשון, וואָס אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אָדער אפשר קיי־נער נישט. איין זאַך, אַלע האָבן זיך געפרייט. אַלע זענען געשטאַנען אויף די שפּיצן פון זייערע פיס־פינגער, ווארים אַלעמען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז באַלד וועט עפּעס געשען אַ וווּנדער.

צי דאָס וווּנדער וועט קומען פון די גרויסע הויפנס קאַסטנס, וואָס מען האָט נאָר וואָס אונטערגעצונדן, צי דאָס וווּנדער איז געקומען אין דער פּערזאָן פון בודליקע מאָלדאַוואַן, וועלכער איז אויסגעוואַקסן דאָ אין דער מיט מיט זיין לירע אונטערן אָרעם.

בודליקע מאָלדאַוואַן האָט נישט געוואַרט מען זאָל אים בעטן, ווען ער זאָל וואַרטן, ווייסט ער, אַז ער וועט באַדאַרפן לאַנג וואַרטן. וואָס זשע וועט ער דאָ וואַרטן, נעמט ער אַרויס די לירע פון זיין אָרעם און הייבט אָן צו שפּילן.

ווער הערט דען זיין שפּילן?

עמעצער האָט דערהערט בודליקע מאָלדאַוואַן. טענצער זענען דאָ אַלע פאַרהאַן. עס גייט אַזוי פשוט: אַ יינג מיט אַ מיידל טוען זיך אַ כאַפּ אָן און אַ וואָרף מיט די פיס און זיי טאַנצן שוין. דאָס פייער ברענט און

דערוואַרעמט דאָס יינגע בלוט אין די באַקן, בודליקע מאָלדאַוואַן שפּילט אַזוי ביז עס ווערט טונקלער אָוונט.

גערליבט איז גאָט, וואָס עס איז טונקלער אָוונט געוואָרן. די לאַנגע פּעסער פון דזשעגעכטס האָט מען אָנגעצונדן און זיי אויפגעשטעלט אין דער לענג אַרויף. דאָס פייער קנאַקט און באַלויכט דעם גאַנצן מאַרק, דעם טונקעלן אָוונט-הימל.

21.

נאַקמאַן איז אַהיימגעקומען אין זיין צימער און דערציילט לייבישן גיך און נערוועז, אַז אין שטאָט איז אַ שמחה.

— איר וואָלט באַדאַרפט אַ קוק טון, ווי דאָס פאָלק פרייט זיך.

— וואָס איז די שמחה מיט זיי?

— פליייש!

— דהיינו?

— דער רב האָט אַראָפּגענומען דעם חרם.

— אַזוי? פרייט זיך דאָס פאָלק?

— פייערן ברענען. דער מאַרק־פּלאַץ איז אַזוי אָנגעפּאַקט, אַז מען קאָן נישט דורכגיין. איר ווייסט, וואָס איך טראַכט, לייביש? — האָט נאַקמאַן פּלוצלינג געזאָגט.

— וואָס?

— איך וועל אייך געבן מיינס אַ גאַרניטור און איר וועט נאָך היינט אָוונט מיט מיר זיך אַריבערקלייבן צו ישראל גאָלדשטיין. ווייל ווער ווייסט, וואָס דער מאָרגן קאָן ברענגען. דאָרט וועט איר זיך קאָנען באַהאַלטן.

— אוי, גוט! — האָט לייביש מיט אַ גמרא־ניגון אויסגעזונגען.

גערעדט און געטון.

נאַקמאַן האָט אַרויסגענומען פון סאַקוואָיאַזש אַ גאַרניטור.

לייביש האָט זיך אָנגעטון. דערווייל האָט נאַקמאַן אויפגעזאָטן וואַסער און געמאַכט טיי. זיי האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט און געגעסן אָוונט־מאָלצייט. דאָס איז באַשטאַנען פון סאַרדינען, קעז, הייל־בירטן, פרישע בייגל מיט פוטער, און דאָס האָט מען פאַרטרונקען מיט טיי.

נאַקמאַן האָט זיך זייער איידל, ווי ער וואָלט מורא געהאַט איבערצורייסן אַ דינעם פאָדעם, געטון אַ ווענד צו לייבישן מיט אַזאַ שאלה:

— נו, וואָס האָט איר זיך דערטראַכט היינט אַ גאַנצן טאָג?

— איך האָב געטראַכט, אַז עס איז בעסער נישט צו טראַכטן. איך וויל טון.

— בראַוואָ!

— איר האָט מיך אָנגעשטויסן אויף אַ נייעם וועג, הער נאַק־מאַן.

— איך וועל אייך בעטן מיך נישט רופן „הער".

— נאַקמאַן. אַזוי איז בעסער. גוט. איך גיי מיט אייך. וואָס איר וועט טון, וועל איך אויך טון.

— אַזוי האָב איך פיינט. איר זענט אַ מאַן און באַ אונז אין דעם נייעם דאַרף וועט יעדער מאַן טון אַליין, וואָס וועט קומען דורך זיין אייגענער פאַרטיפונג.

— איך וועל שוין געפינען מיין וועג. דערהויפּט איז דאָס, וואָס איך גיי מיט אייך.

— און באַ אונז וועט אַלע מאָל זיין די פרייד — האָט נאַקמאַן נאָך אַ ווײַלע פון טראַכטן געזאָגט — אָט אַזוי ווי עס איז היינט אָוונט דאָ אין שטאָט. פרייד צו פרייד!

נאַקמאַן האָט זיך אויפגעהויבן און געמאַכט אַ פויסט און מיט איר געטון אַ מאַך אינדערהייך איבער זיין קאָפּ.

נאָכדעם זענען נאַקמאַן און לייביש אַרויס אין דרויסן. עס איז שוין געווען שטאָק פינצטער. אינדערהייך איז דער הימל אויסגעשטערנט און

בלוי געווען און איבער די שאָטנס פון די הייזער האָט זיך געהויבן אַ רויטע אָפּשיינונג.

— פייערן ברענען — האָט נאַקמאַן געזאָגט — איר הערט דאָס געפּילדער?

זיי זענען ביידע געגאַנגען גיך און שווייגנדיק. אַרומרינגלענדיק דאָס שטעטל, זענען זיי געקומען צו ישראל גאָלדשטיינס הויז. קיינער האָט זיי נישט באַמערקט, כאָטש ישראל גאָלדשטיינס הויז איז געשטאַנען אין מיט פון מאַרק־פּלאַץ.

אין מאַרק האָבן פייערן געברענט. קינדער זענען אַרומגעלאָפן מיט אָנגעצונדענע שטורקאַצן, דאָס ייִנגוואַרג האָט געטאַנצט. די שטיוול האָבן געקלאַפּט מיט אָפּזאַצן אָן דער ערד. דאָס געשריי האָט אַריבערגעשריגן דאָס טאַנצן און דאָס טאַנצן האָט אָפּגעווישט פון דער וועלט און פון דעם אויער דאָס געדריידלטע, כליפּענדיקע וויינען פון דער לירע, אויף וועלכער בודליקע מאָלדאַוואַן האָט געשפּילט.

אָדער עס קאָן זיין, אַז דאָס האָט זיך אַלץ פאַרלוירן, דאָס שפּילן אויף דער לירע, דאָס טאַנצן און דאָס געשריי. איינס האָט נישט באַמערקט דאָס אַנדערע. קלענער, גרעסער, שוואַכער, שטאַרקער, אַלץ אינגאַנצן איז געווען איינס. און איינס קאָן נישט באַמערקן זיך אַליין. איינס קאָן לעבן און באַוועגן זיך ביזוואַנען עס וועט אין זיך אַנטהאַלטן דאָס איינציקע.

יאָ, מיר וועלן זיך אומקערן צו אונזער ענין. זענען נאַקמאַן און לייביש געקומען אין ישראל גאָלדשטיינס הויז אומבאַמערקט פון קיינעם, דערפאַר ווייל אַלע זענען געווען פאַרנומען מיט דער פרייד, וואָס האָט זיך דאָ אָפּגעשפּילט אין מיטן מאַרק.

פאַרבייגייענדיק, וועלן מיר דערציילן, אַז פון גרויס פרייד האָט מען אויך נישט באַמערקט, אַז אין שטעטל זענען געקומען פרעמדע מענטשן אין אַ פאַיעטאָן מיט פיר פערד געשפּאַנט. נאָר דאָס וועלן מיר איבערלאָזן אויף אַן אַנדערשמאָל.

נאַקמאַן האָט געעפנט די ריק־טיר פון ישראל גאָלדשטיינס הויז און אַריינגעפירט לייבישן. דינה גאָלדשטיין איז געקומען אַנטקעגנצולויפן און אַריינגעבעטן דעם גאַסט אין דער גרויסער שטוב, ווו ישראל גאָלדשטיין איז געזעסן בײַ דעם גרויסן, שווערן, לאַנגן טיש און

געטרונקען טיי. אַרום טיש זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט שטולן א סך.

לייביש האָט זיך פאַרלוירן. ער האָט נישט געוווּסט אויף וואָס פאַר אַ שטול זיך אַוועקצוזעצן, זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם גרויסן טיש און אַלע מאָל אָנגעריירט אַ שטול, נאָר ווי אויף צולהכעיס האָט ער זיך אַלע מאָל באַגעגנט מיט דינהס אויגן און איז צעמישט געוואָרן.

ער האָט געפילט, אַז טראָפּנס פון קאַלטן שווייס זעצן אַרויס אויף זיין שטערן; זיינע הענט האָבן אויפגעהערט צו דינען.

נאַקמאַן איז אים געקומען צו הילף מיט דעם, וואָס ער האָט אַרויסגערוקט פון טיש אַ שטול און געבעטן לייבישן זיצן.

לייביש האָט זיך אַוועקגעזעצט, מיט אַ פאַל פון זיין קערפּער. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מען וועט אים דאָ באַלד נעמען אויפן עקזאַמען און אַז ס'מוז דאָ זיין אַן אָנגעשטעלטע זאַך און אפשר וועט זיין פאָטער אַרויסשפרינגען פון די פאָרהאַנגען אַפּער.

עס האָט אים באַנג געטון און ער האָט זיך געמאַכט פאָרוווּרף, פאַר וואָס ער האָט זיך געלאָזט אַהער אַוועקפירן.

ישראל גאָלדשטיין האָט, ווייזט אויס, געלעזן דעם בחורס מחשבות, ווייל ער האָט באַלד זיך אָנגערופן מיט זיין באַסאָווער, ווייכער שטימע:

— לייביש, איר האָט דאָ גאָרנישט וואָס מורא צו האָבן. איך ווייס אַלץ. נאַקמאַן האָט מיר דערציילט. איך האָב ליב אַזוי, יינגערמאַן. און איר קאָנט זיך פילן ווי אינדערהיים, זיכער, נאָך בעסער ווי אינדערהיים.

— אַ דאַנק אייך — האָט לייביש געזאָגט אַריינגראָבנדיק זיינע אויגן אין טיש אַריין — אָבער איך וועל דאָ נישט בלייבן לאַנג.

— מיר וועלן שוין באַזאָרגן. נאָך מאָרגן אָוונט וועט אייך מיינס אַ זון אַוועקפירן מיט מיין שפּאַן — האָט ישראל גאָלדשטיין געזאָגט און זיך אויפגעהויבן פון טיש — טרינקט טיי, קינדער, איך גיי אַרויס אויפן גאַניק אַ קוק טון, וואָס עס טוט זיך אין מאַרק.

אין הויז, באַם באַלויכטענעם טיש, זענען געבליבן זיצן נאַקמאַן,

לייביש און רייזל גאָלדשטיין. דינה האָט זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. אָט איז זי געזעסן באַם טיש און אָט איז זי געזעסן באַ דער זייט אויף דער ווייכער סאָפּע אָדער זי איז גאָר אַרומגעלאָפן, קלאַפּנדיק מיט די גרויסע שווערע טירן פון איין צימער אין דעם אַנדערן און געוואָרפן מיט די גרויסע פּאָרהאַנגען.

נאַקמאַן האָט זיך אַזוי ווי אָן עפּעס דערמאַנט, געוואַרט ווען די געלעגנהייט איז געקומען, האָט ער באַקענט דינהן מיט לייבישן.

בשעת דאָס איז געשען, איז לייביש אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט, זיך אָנגעטרעטן מיט זיין אייגענעם פוס אויף זיין אייגענעם פוס, שיער נישט געפאַלן. ער איז, אַליין נישט וויסנדיק וואָס צו טון, נאָר דערמאַנענדיק זיך, אַז ער האָט אַזעלכעס געלייענט אין אַ בוך, צוגעגאַנגען גלייך צו דינהן און אויסגעשטרעקט זיין האַנט.

און דאָס האָט אויסגעוויזן גיכער, ווי ער האָט זיך געקליבן צו טון אַ שטויס עמעצן מיט זיין האַנט, איידער אַ באַגריסונג. פאַרשטענדלעך, אַז לייביש האָט געהאַט געוואַלטיקע יסורים דערפון. ער איז בלייך געוואָרן און זיין האַנט איז אַזוי ווי אָפּגענומען געוואָרן. ער האָט געפילט, אַז צוריקנעמען צו זיך זיין האַנט, וואָלט ער איצט, אין דער רגע נישט געקאָנט.

דינה האָט רחמנות באַקומען אויף דעמדאָזיקן בחור און מיט איר ווייכער, קליינער האַנט אַ דריק געטון לייבישעס האַנט.

זי האָט געוווּסט, וואָס זי טוט, און דערביי האָט זי אַזוי ווי אין זיך אַריינגעטון אַ פאַרקניפּטן שמייכל צווישן אירע ליפּן.

אָפּגעטון דאָס, האָט לייביש ערשט איצט נישט געוווּסט וואָס צו טון. ער האָט אַזוי ווי פאַרלוירן דעם וועג צוריק צום טיש און איז געשטאַנען זייער אין נישט קיין שיינער פּאָזע, אַ ביסל איינגעבויגן, מיטביידע הענט הענגענדיק ווי צוויי דרענגלעך.

נאַקמאַן האָט געקאָנט אַ סך העלפן. פאַרוואָס זאָגט ער נישט עפּעס? האָט לייביש באַוויזן צו טון אַ טראַכט. ווען ער שעמט זיך נישט וואָלט ער געטון אַ געשריי: נאַקמאַן זאָגט עפּעס!

נאַקמאַן האָט, ווייזט אויס, הנאה געהאַט פון דער סצענע. ער האָט

זייער פיל געגלייבט אין דעם, אַז אַ מענטש באַדאַרף אַמאָל זיך דערפילן אין אַ פאַרלעגנהייט; און ערשט דעמאָלט דערפילט דער מענטש, אַז ער איז אַ מענטש מיט צוויי פיס און אַז עס פעלט אים ערד אַוועקצושטעלן די דאָזיקע צוויי פיס.

באַ נאַקמאַנען איז עס זאָגאַר אויסגעוואַקסן אין אַ פילאָזאָפיע, אַז אויב אַ מענטש ווייסט נישט פון דעם געפיל פון זיין אַמאָל אַ פאַרלווירענער, איז דער מענטש גאָרנישט ווערט.

דערפאַר האָט נאַקמאַן געלאָזט לייבישן זיך אַ ביסל פּרעגלען אין דער פאַרלעגנהייט און אַליין אַ מענטש, מיט מענטשלעכקייט אין זיך, האָט ער דערוייל הנאה געהאַט. עס קאָן זיין, אַז דאָס וועט אים פאַרשאַפן יסורים, שפּעטער, און ער וועט דערפון ליידן, ווי נאַקמאַנס טבע, און זיך אַליין לעבעדיקערהייט אויפעסן.

געקומען, אַזוי ווי תמיד איז אַזאַ פאַל, איז די הילף גאָר פון אַן אַנדערן קוואַל.

אַ גרויס געשריי האָט זיך דערטראָגן פון מאַרק. דינה איז אויפגעשפּרונגען פון דעם דיוואַן און איז צוגעלאָפן צו אַ פענצטער זען וואָס דאָרט איז אַזאַ געשריי.

רייזל גאָלדשטיין האָט זיך אויך אויפגעהויבן פון טיש און איז צוגעגאַנגען צו אַ פענצטער אַ קוק טון אויף דעם מאַרקפּלאַץ.

דאָס געשריי פון מאַרק האָט זיך אַלע מאָל אויפגעהויבן ווי אַ הויכער באַרג און באַלד איז דאָס צו ביסלעך איינגעשטילט געוואָרן.

רייזל האָט זיך אומגעקערט פון פענצטער מיט ביידע הענט צונויפגעלייגט באַ איר פּנים, אַזוי ווי אין אַ געבעט, און אָנגעזאָגט מיט שרעק אין איר שטימע, אַז אין מאַרק איז אַ געשלעג.

באַלד איז דינה צוגעלאָפן און זיך באַהאַלטן לעבן איר מוטער, טוליענדיק זיך צו איר, און איר פּנים איז געווען בלאַס.

ישראל גאָלדשטיין איז אַריינגעגאַנגען אין שטוב. זיינע שווערע טריט זענען איצט געווען אַזוי באַרויקנדיק און זיכער. די פרויען זענען צו אים צוגעלאָפן און זיך באַהאַלטן אין זיין גרויסן שווערן געשטאַלט.

ישראל גאָלדשטיין האָט געהייסן אַראָפּלאָזן די פאָרהאַנגען איבער די פענצטער און געזאָגט:

— עס איז אַ געשלעג. דער גוטער יאָר כאַפּט זיי. געהוליעט, גע־הוליעט און דערנאָך צעשלאָגט זיך עס.

— דאָס פאָלק איז אַרויס פון זיינע ברעגן — האָט נאַקמאַן גע־זאָגט.

— אייער פאָלק! — האָט ישראל גאָלדשטיין פאָרגעוואָרפן נאַק־מאַנען.

— ווען איך שעם זיך נישט, גיי איך אויך אַרויס צווישן זיי — האָט נאַקמאַן געזאָגט אין אַזאַ טאָן, אַז מ׳האָט נישט געקאָנט וויסן צי עס איז סאַרקאַזם, צי ערנסט — איך פיל איצט אַזוי ווי מיט עמעצן זיך צו שלאָגן.

— איר האָט געמוזט אַראָפּפאַלן פון אַ בוידעם, נאַקמאַן — האָט ישראל גאָלדשטיין זיך צעלאַכט מיט זיין באַסאָווע געלעכטער — שניידערס שלאָגן זיך, ווילט זיך אים אויך...

— גייט אַרויס, גייט אַרויס — איז דינה אונטערגעשפרונגען מיט אירע פיס — איך וואָלט ליב געהאַט צו קוקן ווי אַזוי איר שלאָגט זיך, נאַקמאַן.

— אָט! נאַקמאַן, פאָלגט מיין טאָכטער און גייט אַרויס און ברעכט זיי די ביינער — האָט ישראל גאָלדשטיין געזאָגט און בייזקייט האָט זיך געפילט אין זיין טאָן — פאַרוואָס גייט איר נישט?

— ווען איך זע נאַקמאַנען אין אַ געשלעג, וואָלט איך געפאַלן אין חלשות — האָט רייזל גאָלדשטיין געזאָגט — איך האָב פיינט מענטשן, וואָס שלאָגן זיך.

— און איך האָב ליב, מאַמע — האָט דינה טראָציק און מיט אַ געוויסן רייץ געזאָגט.

— אַזוי, האָסטו ליב — האָט ישראל גאָלדשטיין אָנגעשריגן — שוין צייט פאַר דיר גיין שלאָפן, רייזל, נעם דיין טאָכטער און שלאָפן גיין!

— אַזוי טרייבט ער — האָט רייזל אַזוי ווי זיך געקלאָגט אָבער גוט־מוטיק און אָן גאַל.

— נעמט אייך דעם גאַסט, ווייבער, איך מיין לייבישן, און לאָזט

מיך מיט נאַקמאַנען אַליין. מיר האָבן זייער פיל צו שמועסן — איז ישׂראל גאָלדשטיין ווייכער געוואָרן.

נאַקמאַן איז די גאַנצע צייט געזעסן אַזוי ווייט, ערגעץ פאַרטרוימט. אַז ער האָט גאָרנישט געהערט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. נאָר אַז ליי-ביש האָט אים געזאָגט „גוטע נאַכט" האָט ער זיך אַזוי ווי אויפגעכאַפּט פון אַ דרימל.

ער האָט זיך אויף גיך אויפגעהויבן, נאָר אַז ישׂראל גאָלדשטיין האָט אים געזאָגט, אַז ער זאָל נאָך דאָ פאַרבלייבן, איז ער צוריק אַזוי ווי אַריינגעפאַלן אין דער ווייכער סאָפע.

רייזל, איר טאָכטער דינה און לייביש זענען אַרויס פון דער גרוי-סער שטוב און נאַקמאַן איז געבליבן אויג אויף אויג מיט ישׂראל גאָלד-שטיין.

פאַרוואָס דאָס געשלעג אין מאַרק האָט זיך אָנגעהויבן, ווייסט קיינער נישט. ווען מען האָט זיך אַרומגעקוקט איז שוין געווען צו שפּעט.

געשלאָגן האָבן זיך נאָר שניידער-ייִנגען. זיי האָבן אויפגעעפנט די קנעפּלעך פון זייערע העמדער און אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די רעקלעך און גענומען וואַרפן הענט.

דאָס ערשטע האָבן ווייבער אָנגעמאַכט אַ געוואַלט. באַלד דערנאָך אָנגעהויבן זוכן זייערע קינדער, ווי די קליינע און אויך די גרויסע און אַנטלאָפן מיט זיי אַהיים.

דאָס צווייטע מאָל, אַז די ווייבער האָבן שיין זייערע קינדער צו-נויפגענומען און זיי אַהיימגעבראַכט, זענען זיי געלאָפן און געפונען זייערע מענער און זיי אַהיימגעפירט. וואָרים די מענער האָט זיך זייער געוואָלט שטיין און קוקן ווי אַזוי די שניידער-ייִנגען גיבן און נעמען פּעטש.

באַ די בעסאַראַבער מענער האָט אפילו געביסן דאָס בלוט אין זייערע הענט צו טון עמעצן אַזוי אַ דערלאַנג אַ פּאַטש, אָבער די ווייבער זענען געקומען צו לויפן און זיי אַהיימגעשלעפּט מיט געוואַלט און קללות.

זענען אין מאַרק געבליבן ייִנגען און מיידלעך. די מיידלעך האָבן דאָך געוווסט, וואָס וועט פון דעם געשלעג אַרויסקומען, זענען זיי ביס-לעכווייז אויך אַנטלאָפן אַהיים צו זייערע מאַמעס.

אַהיימקומענדיק אין דער שניידערישער גאַס האָבן זיי אָנגעמאַכט אַ

געפּילדער און די עלטערע שניידער האָבן זיך אַ לאָז געטון אין מאַרק אַריין אָפּצושטעלן דאָס געשלעג.

אַז די עלטערע שניידער זענען געקומען אין מאַרק־פּלאַץ, האָבן זיי געזעען, אַז מען קאָן אַנדערש נישט איינשטילן דאָס געשלעג פון די יינגען ביזוואַנען מען וועט זיך אַליין נישט אַריינמישן.

באַלד האָבן זיי אויסגעטון דאָס אייגענע, וואָס יעדער בעסאַראַביער ייִד טוט, בשעת ער וויל זיך נעמען שלאָגן. דאָס הייסט, זיי האָבן אויפגעקנעפּלט זייערע העמדער אַזוי ווייט, ביז די האָריקע הערצער האָבן זיך אַרויסגעוויזן. אויך האָבן זיי אויסגעטון פון זיך די רעקלעך און אָנגעהויבן וואַרפן פּעטש.

דאָס פייער אויף די בערג פון קאַסטנס און אויף די פעסער פון דזשעגעכטס האָט נאָך געברענט, נישט אַזוי פלאַמענדיק, אָבער דאָ און דאָרט איצט און אַן אַנדערשמאָל האָט עס געטון אַ פלאַקער אַרויס מיט אַ פייערדיקער צונג. פון די קליינע צעוואָרפענע קופּעס מיט פייער האָט דער מאַרק־פּלאַץ אויסגעוויזן, ווי אַ לאַגער בּאַ דער נאַכט. הענט און פּנימער האָט מען זיכער געקאָנט זען.

אָבער די שניידער האָבן שוין נישט געוווּסט ווער וועמען עס שלאָגט.

— וואָס, דו אַזוינער און אַזוינער! דו שלאָגסט מיין קינד! — האָט אַ פאָטער געקאָנט שרייען צו זיין אייגענעם בחור — און אַזוי שרייענדיק דערוויל אים אַריינפאָרן אין דער באַק אַריין.

דער בחור, ווערנדיק צעמישט פון דעם פּלאַם אין זיין באַק, האָט נישט געוואַרט און באַלד פאַרהויבן זיין האַנט און דערלאַנגט זיין אייגענעם טאַטן אַ פּאַטש איבער דעם צעשויבערטן קאָפּ.

אָט אַזוי האָבן זיך די שניידער־יינגען געשלאָגן ביז די פייערן האָבן שוין אַרומגעלעקט מיט זייערע צונגען אַלץ, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט אויספלאַמען. איז אָבער נאָר געוואָרן פינצטער אין מאַרק־פּלאַץ, האָבן זיך ערשט אין דער פינצטער שטימען דערהערט. דאָ האָט אַ בחור דערקאָנט די שטים פון זיין ברודער און אַזוי ווי ברידער זענען זיי כמעט אַלע געווען, אויב נישט קיין ברידער, איז שוועסטער־קינדער, אויב נישט קיין שוועסטער־קינדער, זענען זיי געווען אַזוי געקניפּט און געבונדן. דער האָט געהאַט יענעמס אַ שוועסטער פאַר אַ ווייב. יענער האָט זיך ערשט געשדכנט צו דעמס אַ שוועסטער פאַר אַ חתן. זענען דאָך דאָ אַלע געווען

פון איין גאַס, פון איין מלאכה, פון איין פאַמיליע, האָבן זיי אין דער פינצטער פון דער נאַכט אַראָפּגעלאָזט זייערע מידע הענט און זיך פאַוואָלינקע אַהיימגעגאַנגען, ווער מיט געשוואָלענע אויגן און ווער מיט אַ צעביילטן קאָפּ און ווער מיט אַ ווייטיק אין די צעשלאָגענע זייטן.

עס איז שוין געווען שפּעט באַנאַכט. די שניידער־יינגען זענען געלעגן אויף זייערע געלעגערס און געפילט ווי זייערע גלידער טוען זיי וויי און זייערע קלעפּיקע אויגן קאָנען זיך נישט צומאַכן, בײַ אַ טייל, דערפאַר. וואָס דער כעס האָט זיך אויפגעלייזט פון די נערוון אַרויס און בײַ אַנדערע פשוט פון פיזישער אָנשטרענגונג.

אָבער דאָך איז די נאַכט געפאַלן אַזוי ווי אַ באַלזאַם און אַזוי ווי אַלע מענטשן אויף דער גאָרער וועלט, אַזוי אויך די שניידער־יינגען איינגעוויגט אין אַ שווערן שלאָף.

אינדערפרי זענען די שניידער־יינגען מיט זייער שניידערישער גאַס ווייטער אַראָפּ פון דער סצענע, מען האָט אויף זיי פאַרגעסן זיך אומצוקוקן און זיי, די שניידער, האָבן זיך נישט געפרוווט באַקלאָגן, ווייל זיי זענען שוין אַזוי צוגעוווינט געווען צו זייער שיקזאַל פון כמה יאָרן. איז וואָס עפּעס הייבט זיך אָנהייבן צו קלאָגן?

שוין נישט גערעדט דערפון, וואָס זייער געאָגראַפישע לאַגע איז געווען אַזעלכע, וואָס האָט זיי אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער שטאָט. זייער גאַס איז געווען אין אַן עק פון שטאָט, זיי האָבן פאַרמאָגט אַן אייגענע שול און אַ שפּייז־קראָם. יאָרן זענען אַוועק און מען האָט פון זיי גאָר נישט געהערט. זיי האָבן טאָג אַזוי ווי נאַכט געהאָרעוועט מיט דער נאָדל. קיינער האָט זיך מיט זיי נישט געמישט. דאָס הייסט, אויב בײַ אַ שניידער איז געבוירן געוואָרן אַ מיידל, איז באַלד בײַ אַן אַנדערן שניידער געבוירן געוואָרן אַ יינגל. דאָס מיידל איז געוואַקסן גלייך מיט דעם יינגל אַזוי לאַנג, ביז זיי האָבן חתונה געהאַט, ווייטער זיך געמערט און אָנגעפילט זייערע שטובן מיט קינדער. וואָס מער קינדער, אַלץ מער נאָדלען. נאָדלען פליען אין די פלינקע הענט. דאָ ווו מען אַרבעט, עסט מען, רעדט מען אָפּ איינס פון דאָס אַנדערע, פאַרליבט מען זיך אָדער מען קריגט זיך. דאָ לערנט דער טאַטע זיינע קינדער די מאָגערע כללים פון זיין אייגענער אויפפאַסונג, ווי אַזוי צו לעבן אויף דער וועלט. דאָ לערנט די מאַמע איר

מיידל ווי אַזוי אַ מאַמע צו זיין. דאָ שלאָפן אַלע איבער די נאַכט צונויפגעוואָרפן אין איין קופּע.

צוויי רייען מיט ליידיקע הייזער, איין הויז אַרויסגעבויט אין דער גאַס אַרויס און איין שטוב טיף איינגעבויט צוריקוועגס פון דער גאַס, צוויי זיגזאַגישע רייען מיט הייזער און דאָס איז געווען די שנײדערישע גאַס.

צי דערפאַר, וואָס דידאָזיקע גאַס איז געווען קרום, איז קיינער דאָרט אַרום נישט דורכגעפאָרן.

צי אפשר דערפאַר, וואָס קינדער האָבן זיך געשפּילט אין דער מיט פון דער גאַס, געגראָבן גריבער. גאַנץ אָפט האָט געטראָפן, אַז אַ קינד איז באַ זיין שפּילעריי אַזוי איינגעשלאָפן אין דער מיט גאַס.

ווינטער האָט מען אין דערדאָזיקער גאַס נישט געקאָנט אפילו דורכגיין. פריער איז געפאַלן אַ שניי. דערנאָך האָבן די שניידער געגאָסן זייערע מידניעצעס מיט ברודיק וואַסער און פון אויבן אויסגעשאָטן דאָס אַש פון זייערע אויוונס. דערנאָך איז ווייטער געגאַנגען אַ שניי און די שניידער האָבן ווידעראַמאָל געגאָסן מידניעצעס ברודיק וואַסער און געשאָטן דאָס אַש פון זייערע אויוונס. דערנאָך איז געפאַלן אַ ווינטערדיקער רעגן און איינגעפּלאָשטשעט דאָס אַש אין שניי און עס איז געוואָרן אַזוי גליטשיק, אַז ס'איז געוואָרן אַ סכּנה דאָרט צו גיין.

אין פרילינג און אין האַרבסט איז די גאַס געווען פאַרפלייצט מיט אַ קלעפּיקער בלאָטע, אין וועלכער עס איז געווען אַ געפאַר אויף נישט אַרויס. . .

זומער אין די קילע און אויך אין די הייסע טעג זענען זיך ווייבער מיט זייערע קינדער געלעגן אין דער מיט גאַס; ווייבער מיט זייג-קינדער באַ זייערע ברוסטן; אַלטע ווייבער מיט אָפענע מיילער זענען געזעסן באַ דער שטוב; אַלטע יידן, וועלכע זענען שוין געווען אויסגעדינטע שניידער, דאָס הייסט, זיי האָבן שוין נישט געזעען ווי אַזוי אַריינצוצילעווען דעם פאָדעם אין דער נאָדל, זענען אויך געזעסן אין דער מיט גאַס, מיט די פיס אונטער זיך צונויפגעלייגט, אויף דער ערד.

עס קאָן זיין, אַז דערפאַר, וואָס ווינטער איז די גאַס געווען פאַרלייגט מיט שניי און מיט אייז, דערפאַר, וואָס דידאָזיקע גאַס האָט פאַרמאָגט גרויסע בלאָטעס מיט טיפע גריבער, דערפאַר, וואָס אַלטע לייט, ווייבער און קינדער האָבן זיך זומער-צייט געוואַלגערט סיי באַטאָג און סיי

באַנאַכט, דערפֿאַר, וואָס באַנאַכט אום זומער איז מען געשלאָפֿן אין גאַס: אַלטע, יונגע, ווייבער, מיידלעך, קינדער, אַלע אויסגעמישט אינאיינעם, דער־פֿאַר האָט מען דידאָזיקע גאַס נישט גענוצט צום דורכפֿאָר.

עס קאָן אָבער זיין, אַז דאָ איז גאָר אַן אַנדערע אורזאַך. מען איז נישט געפֿאָרן דורך דער שניידערישער גאַס דערפֿאַר, ווייל מען האָט פֿאַר־געסן, אַז עס איז דאָ אַזאַ גאַס.

דאָס הייסט, אין שטעטל האָט מען געוווּסט, אַז עס זענען דאָ שניי־דער, נאָר מ'האָט זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט.

די שניידער־קאַסטע פֿון שטעטל איז געווען צעטיילט אין עטלעכערליי קלאַסן: ערשטע שניידער, וועלכע זענען אַרומגעגאַנגען איבער די דערפֿער בייען שניידעריי. זיי זענען אויפֿגעשטאַנען זונטיק גאַנץ פֿרי און אַוועק איבער די דערפֿער און פֿרייטיק פֿאַרנאַכט זענען זיי צוריקגעקומען. צווייטע שניידער, וועלכע האָבן גענייט קליידער אויף דעם טאַנדעט־שטייגער, פֿאַר די קראָמען פֿון שטעטל און דריטע שניידער, וועלכע זענען געווען די מיוחסים פֿון דער שניידערישער גאַס, דערפֿאַר, ווייל זיי האָבן גענייט די קליידער פֿאַר די באַלעבאַטים פֿון שטעטל.

דידאָזיקע שניידער־קאַסטע האָט זיך געמערט און געלעבט נאָר אויף דער שניידערישער גאַס. אַ שניידער האָט נאָך זיין טראַדיציע נישט גע־טאָרט ווינען און זיך אויסמישן מיט די אַנדערע יידן פֿון שטעטל. ערשטנס דערפֿאַר, וואָס ער האָט נישט געטאָרט אָנווערן דעם שיינעם נאָמען באַ זיינע אייגענע ברידער פֿון דער קאַסטע און, צווייטנס, דערפֿאַר, ווייל עס וואָלט אים נישט מעגלעך געווען זיך אויסצומישן מיט אַנדערע יידן, די אַנדערע יידן וואָלטן נישט צוגעלאָזט.

כאָטש די אַנדערע יידן אין שטעטל זענען אויך נישט געווען אַזעלכע הויכגעשטעלטע. יידן מיט רויטע פּנימער, מיט אַרומגעשווירענע בערד, יידן, וואָס האָבן גאַנצע ווינטער־אָוונטן געשפּילט אין קאָרטן, יידן, וואָס האָבן ס'רוב אַ חוץ זייער אייגן ווייב, זיך געליבט מיט עמעצנס אַנדערס ווייב — מיט וואָס זשע זענען זיי געווען גרעסערע מיוחסים פֿון די שניידער.

זענען די בערד באַ די שניידער־יינגען געווען תּמיד אָפּגעגאָלטע. זענען די שניידער־יינגען אַרומגעלאָפֿן מיט מיידן. זענען די שניידער־יינגען געווען אויפֿריכטיקע חברה־לייט, אויף דעם לשון פֿון

שטעטל... אַ שניידער האָט געגנייט, געגנייט אַ גאַנצע וואָך אי באַטאָג, אי באַנאַכט און שבת נאָך דער וואָך האָט ער באַדאַרפט זיין פריילעך.

פריילעך זיין, האָט באַ אַ שניידער געהייסן: טרינקען אַ סך וויין, זינגען, קושן זיך מיט פרויען און שלאָגן זיך.

און אָט די אַלע זאַכן האָט אַ שניידער נישט געקאָנט באַווייזן אָפּ־צוטון מיטאַמאָל אפילו איינמאָל אַ וואָך. פאַרשאָלטן זאָל ווערן דער טאָג, ווען ער איז געבוירן געוואָרן!

פאַרוואָס האָט דער באַשעפער פון דער וועלט נישט אַריינגעגעבן אין זיינע הענט, אַז ער זאָל קאָנען זיין אַ באַלעבאָס און די באַלעבאַטים זאָלן זיין שניידער.

פאַרוואָס שעלטן זיי, די באַלעבאַטים, זייערע קינדער מיט דעם, וואָס זיי שרייען אויף זיי: „דו ביסט אַ שניידער־יינג", אָדער „דו גייסט אין די וועגן פון אַ שניידער־יינג?"

נאָר דאָס וואָלט נאָך באַ די שניידער נישט געווען אַזאַ שאַנדע, אויב מען שעלט זיך מיט זיי, טוען זיי פונקט דאָס אייגענע, אויב אַ שניי־דער וויל שעלטן זיינס אַ קינד, זאָגט ער: „וואָס וועט פון דיר אַרויסקומען. אַ למדן, אַ פלאָכט", אָדער „דו האַלסט די נאָדל פונקט ווי די רביצין"...

די שניידער אַרט אויך נישט, וואָס קיינער פאָרט נישט דורך זייער גאַס.

זאָל זיך זיי אויסדאַכטן, אַז דאָס איז נישט קיין גאַס. עס איז זייער שטאָט. זיי האָבן די גאַנצע איבעריקע שטאָט טיף, ניין איילן אין דער ערד. זיי האָבן אייגענע פירונגען.

די קינדער זייערע קאָנען נישט דאַוונען. אַ שניידער דאַרף נישט דאָס דאַוונען. ער האָט נישט קיין צייט, סיי ווי סיי, צו גיין אין שול אַריין דאַוונען.

דאָס וואָס די קינדער דאַרפן קאָנען, לערנט מען.

און וויל צום שניידער, וועלכער האָט קינדער מיידלעך.

ווי צום שניידער, וועלכער האָט קינדער יינגלעך.

מיידלעך האַלטן די נאָדל בעסער. ווערט אַ מיידל אַלט צוועלף יאָר, קאָן זי שוין נייען און אַ יינגל קאָן נישט האַלטן די נאָדל ביז זיינע פינ־גער בייגן זיך אויס. כדי זיי זאָלן קאָנען האַלטן די נאָדל, גייען אַוועק יאָרן און יאָרן.

דערפאַר איז געוואָרן אַ פאַרפּלייצונג פון טאַנדעטנע שניידער, פון שניידער, וואָס גייען איבער די דערפער, און דער איידעלער מין שניידער איז זייער בצמצום.

פון דעם מין איידעלע שניידער, דאָס הייסט, אַ שניידער, וואָס נייט פאַר באַלעבאַטים, איז אויך געווען וועלוול. ער האָט זיך נישט געגאָלט זיין באָרד און האָט געטראָגן אויף זיין קאָפּ אַ היטל, נישט קיין קאַפּעלוש. וועלוול האָט געהאַט דריי ייִנגען, וועלכע זענען געווען איינער גרעסער פון אַנדערן. מען האָט קיינמאָל נישט געוווּסט, וועלכער פון די דריי איז דער עלטערער און וועלכער איז דער ייִנגערער.

וועלוול האָט זיינע דריי זין אויסגעלערנט דעם שניט פון אַ בגד. ער האָט דאָס אַליין זייער גוט געקאָנט. און ווי באַלד ער האָט זיי געלערנט דעם שניט, נישט די נאָדל, איז דאָך שוין ממילא בײַ אים נישט געווען קיין קללה צו האָבן דריי זין.

אָט דער וועלוול מיט זיינע דריי זין האָבן זיך פאַרשריבן אין דעם צעטל „אויף אייגענער ערד". פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט בײַ שניידער זיין פרעסטיזש פאַרלוירן.

אָבער פאַרפאַלן. וועלוול מיט זיינע דריי זין זענען שוין געקרוינט מיט נייע צונעמען „וועלוול ערד"... „וועלוול ערדס בחור"... „אָדער גיי אין וועלוולס ערד אַריין"...

23.

אינדערפרי זענען די ווייבער באַפאַלן די יאַטקעס. די קצבים האָבן נאָר וואָס געבראַכט געשאָכטענע אָקסן און לעמער פון דער „באָיניע“. די געשאָכטענע לעמער זענען געלעגן אויף דער ערד מיט האַלב־איבערגע־שניטענע העלזער און מיט זייערע גרויסע, גלעזערנע אויגן אָנגעקוקט די מאַסע ווייבער. עס איז געווען דאָס אָפּשפּיגלונג פון אַ קייכעדיקן געלעכ־טער אין די לעמערס אויגן. די ווייבער האָבן געשריגן און זיך געקריגט מיט די קצבים. די קצבים האָבן אויך געשריגן און געטריבן די ווייבער, אַזוי ווי מען טרייבט פון זיך פליגן. די ווייבער זענען מיט זייערע פיס געקראָכן אויף די געשאָכטענע לעמער, געפאַלן און זיך ווידער אויפגעהויבן און געשריגן אַזוי ווי רויב־פייגל: פלייש!

די קצבים האָבן געשניטן לאַנגע פאַסן פון דעם אָקסן־פלייש, אָנ־געבלאָזן די לעמער און געשונדן די קוטשעראַווע פעל פון די לעמער און נאָכדעם, אַז זיי זענען פאַרטיק געוואָרן מיט דעם אָפּשינדן דעם רויטן, שמאַלציקן לאַם, געטון אַ הענג אויף אַ האַטשיק, מיט איין שניט אויפ־געטרענט דעם בויך. די קישקעס זענען מיט אַ סווישטש אַליין אַרויסגע־שפּרונגען פון בויך. הינט זענען שוין געשטאַנען אין אַ בינטל און גע־וואַרט אויף דידאָזיקע קישקעס. דער קצב האָט געטון אַ וואָרף צו די הינט די קישקעס. און דער אָפּגעשונדענער לאַם, וועלכער איז איצט גע־האָנגען מיט זיין קאָפּ אַראָפּ האָט נאָך אַלץ געקוקט מיט זיינע גלעזערנע אויגן. ערשט אַז דער קצב האָט געטון מיט זיין מעסער אַ שנייד אָפּ דעם

קאַפּ און אַ באַלעבאָסטע האָט אים, דעמדאָזיקן קאָפּ. אַריינגעלייגט אין אַ קיישל, ערשט דעמאָלט האָבן שוין די איגן פון דעם לאַם אויפגעהערט צו קוקן.

איבער דער קצבים־גאַס איז דורכגעפאָרן אַ פּאַיעטאָן מיט פיר פערד און מיט אַ גלאָק.

באַלד נאָכדעם ווי דער קלאַנג פון גלאָק איז שוין ערגעץ ווייט פאַרשוואונדן, איז דער יידישער „סטאַראָסטע״, דער גראָבער, שיינער ייד, מיט דעם גראָבן שיינעם שטעקן אין זיין האַנט, געגאַנגען אַהיים און אויף זיין וועג אַהיים זייער אומרויק און מיט כּעס געשריגן, קלאַפּנדיק מיט זיין גראָבן שטעקן איבער דער ערד:

— אַ קאָמיסיע!

— וואָס הייסט, ר׳ אייזיק?

— אַ קאָמיסיע.

— סטייטש?

— אויפגראָבן — האָט דער סטאַראָסטע מיסטעריעז געוווּנקען אין יענעם עק שטאָט ווו דער בית־עולם איז געווען.

— וועמען?

— דער ליטוואַק.

— פאַרוואָס?

— פאַלמעסן!

די גאַנצע צייט איז דער סטאַראָסטע געגאַנגען איבער דער גאַס און זיך נישט געוואָלט אָפּשטעלן און געענטפערט מיט איינציקע ווערטער. דידאָזיקע ווערטער געוואָרפן פון זיך אַרויס מיט ביטערקייט. און אַזוי ווי מען האָט געוווּסט, אַז אויב ר׳ אייזיק סטאַראָסטע איז אַזוי אויפגעבראַכט, מוז דאָ זיין אַ גרויסע צרה אויף דעם שטעטלס קאָפּ, — דערפאַר זענען יידן באַפאַלן ר׳ אייזיקן, אים אַרומגערינגלט אין אַ ראָד, זיך געטוליעט איינער צום אַנדערן און ר׳ אייזיק איז געשטאַנען אין דעם פאַרשלאָסענעם רינג מיט מענטשן און מיט האַלבע ווערטער, מערער מיט סימנים און מיט אַ ווונק פון זיינס אַ פינגער, ווי מיט ווערטער דערציילט:

— באַ אונז אין שטאָט איז פאַראַן אַ מסור, אַ בן סורר ומורה... אָנגעגעבן, אַז יידן האָבן דערהרגעט... ווער ווייסט, אפשר אַריינגעשריבן,

אַז עמעצער האָט אים דערהרגעט... האָט מען פון דאָרט געשיקט אַ קאָ־מיסיע... אויפגראָבן... פּאַלמעסען...

— אַזאַ שאַנד — אויפגראָבן אַ מת!

— און וואָס וועט, אַז חלילה — האָט ר' אייזיק נישט פאַרענ־דיקט.

— וואָס, ר' אייזיק? — זענען די אָנגעשראָקענע יידן אַלע מיטאַמאָל צוגעשטאַנען און נאָך ענגער אַרומגערינגלט דעם סטאָ־ראָסטע.

— אויב זיי געפינען, נאָך זייער דעה נאָך, אַז דער ליטוואַק איז אַ הרוג.

— אַ נייעס! מיר ווייסן אַליין, אַז ער איז אַ הרוג.

— מיר ווייסן, איז גאָרנישט. אָבער אויב זיי, די קאָמיסיע, וועט וויסן.

— וואָס זשע וועט חלילה זיין, זאָגט, ר' אייזיק, אפשר איז דאָ אַן עצה?

— עס וועט זיין שלעכט — האָט ר' אייזיק מיט אַ פינגער געוויזן צום הימל — איין עצה איז איצט פאַרהאַן, ער, אויבן... און מיר באַדאַרפן וואַרטן און שווייגן.

ר' אייזיק האָט זיך אַרויסגעריסן פון דעם ראָד מיט מענטשן און איז אַוועקגעגאַנגען אַהיים. דער עולם איז אים נאָכגעגאַנגען. ר' אייזיק האָט זיך אַלע מאָל אומגעקערט צו דעם עולם מיט זיין פּנים און אָנגעשריגן, אַז מען זאָל זיך פונאַנדערגיין און וואַרטן און שווייגן.

באַ דער פריזבע פון זיין הויז האָט ר' אייזיק זיך אָפּגעשטעלט און געהייסן, אַז מען זאָל גיין רופן צוויי שמשים.

— זאָגט זיי, אַז דער פּריסטאַוו האָט געהייסן — האָט ר' אייזיק גע־זאָגט — און זאָלן זיי מיטנעמען לאָפּאַטעס.

עס האָט נישט גענומען לאַנג און די שמשים זענען געקומען און ר' אייזיק איז מיט זיי אַוועק אויפן בית־עולם.

אין שטאָט איז דערוויל געווען זייער טרויעריק און שטיל. דאָס פלייש, וואָס מען האָט היינט אינדערפרי געקויפט נאָך אַזאַ לאַנ־גער מחלוקה, האָט מען נישט געגעסן. מען איז געזעסן אין די אָפּע־

נע קראָמען און געהיט דעם דרויסן. אָדער מען איז געזעסן אין די שטובן און אַרויסגעקוקט דורך די פענצטער און טירן און געהיט דעם דרויסן.

דער דרויסן איז געווען אַ שיינער. פאַרוואָס איז דער הימל אַזוי ריין און בלוי? איצט וואָלט דער הימל באַדאַרפט, אויב עס איז נאָר דאָ אַ גאָט אין הימל, זיין פאַרוואָלקנט און נידעריק בײַ דער ערד. וואָרים עס איז זיכער, אַז די נשמה פון דעם אָרעמען ליטוואַק שוועבט דאָ אַרום אין אַ־ין אומרויק. וואָרים מען לאָזט זי נישט רוען. זי קלאַפּט מיט אירע פליגלען אין הימל און שטויסט זי אָן אין דער ערד אין פליט אַרום אין אַ רונדן קרייז אַרום דעם בית־עולם.

די יידן פון שטעטל זענען געווען זיכער, אַז נאָכן טויט פון אַ מענטש הייבט אָן זיין נשמה אַן אַנדער לעבן אויף יענער וועלט. אפשר אַ שענער לעבן ווי אויף דער וועלט, אין דעם גוף פון בלאָטע און ליים. און וואָס גיכער דער גוף פון אַ טויטן מענטש קאָן זיך צוריק אויסמישן מיט דער בלאָטע און ליים פונוואַנען ער איז אויסגעקנעטן געוואָרן, אַלץ גיכער קאָן די נשמה אָנהייבן צו לעבן איר ניי, שיין לעבן אויף יענער וועלט.

דערפון האָט זיך גענומען דער מנהג, וואָס די יידן פון שטעטל האָבן, פונקט להיפוך דערפון ווי די גויים פון שטעטל, באַגראָבן זייערע טויטע באַלד נאָכדעם ווי דער מענטש איז געשטאָרבן, און עס איז געטון געוואָרן אַלע מאָל אין איילעניש.

— עס זאָל זיך דער גוף באַלד קאָנען אומקערן צו דער בלאָטע און ליים.

איצט, אַז עס האָט געטראָפן, אַז די קאָמיסיע האָט צוריק אויסגע־גראָבן דעם טויטן ליטוואַק, האָבן די יידן פון שטעטל געליטן דערפון אין צוויי אופנים: ערשטנס, האָט אויפן שטעטל געהויערט אַ בלבול, אַז עמע־צער האָט דערהרגעט אַ מענטש. און צווייטנס, דאָס, וואָס מען מישט זיך אַריין אין דער אַרבעט פון אומקערן דעם גוף צו דער בלאָטע און ליים. פאָלגלעך, רויבט מען אַוועק פון דער נשמה איר שיין לעבן און פאָלגלעך וועט די אומרויקע נשמה פלאַטערן איבער דעם שטעטל.

ווי געזאָגט, זענען די יידן פון שטעטל געווען שטאַרק צערודערט,

נישט נאָר האָט מען אין דעם פּרימאָרגן נישט פאַרזוכט דעם טעם פון פלייש און פון געקעכץ, נאָר מען האָט אויך נישט געוווּסט, וואָס מען רעדט. אויב עמעצער האָט גערעדט צו עמעצן, האָט עס מער אויסגעוויזן ווי אַ שאָטן רעדט מיט אַן אַנדערן שאָטן, איידער ווי אַ געשפּרעך צווישן לעבע־דיקע.

יאַנקל רעשעטניק איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי און זיין ווייב כאַסי איז אויך אויפגעשטאַנען און האָט געקאָכט ציקאָריע מיט מילך. אין דער קאַמער איז יאַנקל געווען פאַרנומען מיט זיין רעשיטע; זיך געגרייט אַרויס־צוגיין זיפּן ווייץ. איז געקומען צו לויפן אַ שכנה און שטילערהייט דער־ציילט כאַסין, אַז מען גראָבט אויס דעם ליטוואַק. כאַסין איז געוואָרן פינצ־טער אין די אויגן. זי האָט באַוויזן צו זאָגן דער שכנה, אַז מען זאָל איר קומען זאָגן אַזעלכע בשורות. די שכנה איז אַוועקגעגאַנגען, קוקנדיק פיל באַדייטנד אויף כאַסין.

כאַסי איז באַלד אַרויסגעלאָפן אין קאַמער אַריין און שטי־לערהייט געזאָגט יאַנקלען, אַז ער זאָל היינט נישט אַוועקגיין פון דער היים.

— וואָס איז שוין היינט פאַר אַ חגא? — האָט יאַנקל געטון אַ געשריי.

— ער שרייט נאָך — האָט כאַסי מיט בטול געזאָגט — אים קומט נאָך ציין אַרויס. זיי בעסער שטיל און קום אַריין אין שטוב טרינקען צי־קאָריע.

— איך גיי, אָבער וואָס האָט געטראָפן? — האָט יאַנקל געזאָגט, נאָכגייענדיק זיין ווייב אין הויז אַריין.

כאַסי האָט שוין נישט געוווּסט, וואָס זי טוט. אירע הענט האָבן געציטערט און אַז זי האָט באַדאַרפט ברענגען אַ גלאָז צי־קאָריע, האָט זי פון גרויס צעטראָגנקייט גאָר געבראַכט אַ ליידיק גלאָז.

יאַנקל האָט געלאַכט. כאַסי האָט אים געשטראָפט, פאַרוואָס ער לאַכט.

— וואָס פלוצלינג זאָל איך וויינען? — האָט יאַנקל גע־פרעגט.

— נעם און לאַך. לאַך!...

— וואָס איז מיט דיר, כאַסי ?

— לאַך... לאַ—אַ—אַך...

— כאַסי... — איז יאַנקל צוגעלאָפן צו זיין ווייב — אפשר רופן דעם דאָקטאָר. וואָס איז מיט דיר, טוט דיר עפּעס וויי ?

דערווייל איז כאַסי אַריינגעפאַלן, אַזוי ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים, מיט איר קאָפּ אויף יאַנקלס הענט. יאַנקל האָט זי דערכאַפּט און אָנגעהויבן צו שרייען. שכנים זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן. מען האָט כאַסין אַריינגעלייגט אין בעט אַריין. דעם קאָפּ אירן האָט מען אַרומגעבונדן מיט אַ פאַטשיילע. כאַסי איז געלעגן אין בעט, איר גאַנצער קערפּער האָט געציטערט און דורך אירע פאַרמאַכטע אויגן האָט זי אַלע מאָל געכאַפּט אַ בליק אויף די ווייבער און אויף איר מאַן, וועלכע זענען געשטאַנען אַרום איר בעט.

כאַסי האָט באַ זיך געפילט, אַז זי מוז אַזוי שפּילן. דאָס ציטערן פון איר קערפּער איז נישט געווען קיין געמאַכט ציטערן. זי האָט טאַקע געציטערט, ווייל זי האָט מורא געהאַט. אָבער דאָס איבעריקע האָט זי אויסגעטראַכט. איר פּלוצלינגדיק געשריי, וואָס זי האָט פון צייט צו צייט זיך געטון אַ כאַפּ און געשריגן; דאָס פאַרמאַכן פון אירע אויגן און דאָס ליגן אַזוי ווי אַן אָפּגעשטאָרבענע, — דאָס האָט זי אַליין זיך אַזוי געמאַכט. זי האָט, ווי שוין אויבן געזאָגט, אַלע מאָל געעפנט אַ דינעם שפּאַלט פון אירע וויעס און געקוקט אַזוי ווי זי ווירקט אויף דעם עולם.

געטראַכט האָט זי, אַז טאַמער קומט מען און מען וויל אַוועקנעמען יאַנקלען, דערפאַר, וואָס ער האָט דערהרגעט דעם ליטוואַק, וועט מען אים נישט נעמען, וואָרים זי וועט דאָך ליגן אין בעט. זי וועט שוין פּראַווען שטיק... יאַנקלען וועלן זיי באַ איר נישט אַוועקנעמען.

אין דער אייגענער צייט, וואָס דאָ באַ יאַנקלען רעשט זיך אין הויז, און אַ פרוי שפּילט אַזאַ פאַלשע סצענע, איז אין גרשון שניט-קרעמערס הויז פאָרגעקומען עפּעס אַנדערש.

דאָרט איז מען געוווּיר געוואָרן פון דער קאָמיסיע. די מוטער פון דעם פאַרשוווּנדענעם לייבישן איז דורכגעלאָפן איבער דער גאַס און אַזוי מאָדנע געוואָיעט: „קאָמיסיע, ווו איז מיין זון ?" זי איז געלאָפן מיט דעמ-

דאָזיקן געשריי ביז צום בית־עולם. און דערנאָך איז זי אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן פון דער גאַנצער שטאָט. איר געשריי האָט, דאַכט זיך, געקאָנט רירן אַ שטיין.

דינה, גאָלדשטיינס טאָכטער, האָט געהערט ווי אַזוי עמעצער וויינט אין גאַס. זי איז אַרויסגעלאָפן אויף דעם גאַנעק און דערזען ווי לייבישעס מוטער רייסט זיך אַליין אירע האָר פון קאָפּ און דינה איז גערירט גע־וואָרן ביז טרערן. זי האָט באַלד געוואָלט נאָכלויפן דערדאָזיקער מוטער און איר דערציילן, אַז לייביש איז באַ זיי, אָבער זי האָט מורא געהאַט פאַר אַן אומגליק.

לייביש איז געלעגן באַהאַלטן באַ זיי אין קעלער, נאָך פון גאַנץ פרי.

ישראל גאָלדשטיין האָט שוין געוווסט פון דער קאָמיסיע. דער פּריס־טאַוו האָט אים געשיקט רופן און אים דערציילט. ישראל גאָלדשטיין איז מיט דעם פּריסטאַוו געווען גוט. אויב עס איז אַמאָל עפּעס געקומען אַ גזירה אויף די יידן פון שטעטל, האָט דער פּריסטאַוו באַלד געשיקט רופן ישראל גאָלדשטיין. דאָס איצטיקע מאָל האָט ישראל גאָלדשטיין גאָרנישט געקאָנט העלפן. די קאָמיסיע איז שוין געווען אין שטאָט. נאָר פונדעסט־וועגן האָט דער פּריסטאַוו צוגעזאָגט ישראל גאָלדשטיין, אַז ער וועט זען, וואָס מען קאָן טון.

ישראל גאָלדשטיין איז באַלד אַהיימגעקומען און דאָס ערשטע האָט ער באַהאַלטן לייבישן אין קעלער. צווייטנס, האָט ער פאַרזאָגט דעם ווייב און אויך דינהן, זיי זאָלן זיין זייער פאָרזיכטיק. ער אַליין האָט באַדאַרפט אַוועקפאָרן אין אַ נאָענט דאָרף וועגן זיינע גע־שעפטן.

אַז דינה האָט באַדאַרפט אַרונטערטראָגן עסן לייבישן אין קעלער אַריין, האָט זי אויך מיט זיך שוין מיטגענומען אַ פאַרטיקן פּלאַן.

זי האָט פונדעסטוועגן גאָרנישט געזאָגט איר מוטער.

אין קעלער איז דינה אַריין אַ פאַרשעמטע. לייביש איז געזעסן אויף אַ קעסטל. אין דער טונקלקייט פון קעלער האָט זיך נאָר געבלייכט זיין פּנים. און זיינע אויגן האָבן געברענט דורך דער טונקלקייט, אַזוי ווי צוויי גרויסע בריליאַנטן.

דינה האָט אים דערלאַנגט דאָס עסן, אויפגעזוכט אין אַ ווינקל נאָך אַ קעסטל און עס געבראַכט און אַוועקגעשטעלט לעבן לייבישן און געזאָגט:

— דאָס וועט אייך דינען אַזוי ווי אַ טיש.

— אַ שיינעם דאַנק — האָט לייביש מיט אַ קוים הערבאַרער שטים געזאָגט — אָבער אויף וואָס וועט איר דערווייל זיצן, פריילין גאָלדשטיין?

— איך קאָן שטיין, איך קאָן שטיין — האָט דינה צוויי מאָל איבערגעזאָגט אירע ווערטער.

— איך קאָן אָבער נישט זיצן, ווען אַ פריילין שטייט — האָט לייביש אַרויסגעוויזן זיין קענטעניש אין דעם ענין פון אַ קאַוואַליער און זיך געוואונדערט אויף זיין געוואַגטקייט.

„צוויי מאָל האָט ער מיך גערופן פריילין" — האָט דינה אַ טראַכט געטון — „ער ווייזט אַרויס זייער פיל איידלקייט"...

לייבישן איז איצט באַפאַלן אַ געדאַנק, אַז אויב איצט נישט, איז קיינמאָל נישט. ער האָט געגעסן די גרויסע שטיקער ברויט, וואָס ער האָט געביסן, דורך דעם, וואָס ער איז געווען אויפגערעגט, און געשלונגען, שיער זיך נישט ווערגנדיק. די פונקלקייט פון קעלער האָט זייער פיל געהאָלפן, נישט נאָר צו באַהאַלטן דאָס, וואָס דאָס פנים פון אַ מענטש וואָלט אויף דער ליכטיקער וועלט אַרויסדערציילט, נאָר אויך צוגעגעבן אפילו צו דעם אַרויסגעזאָגטן אַ נישט-קלאָרן, פאַרהוילטן אויסדרוק.

דינה האָט נישט געוווסט אַליין, ווי אַזוי זיך צו ווענדן צו אים: צי זאָל זי אים רופן לייביש, צי זאָל זי אים באַטיטלען מיט עפּעס אַן אַנדער וואָרט. די פאַמיליע זיינע האָט זי נישט געדענקט. עס איז איר דערפאַר אויסגעקומען צו רעדן מיט אים נישט דערמאַנענדיק זיין נאָמען:

— איך האָב מיט אייך געוואָלט רעדן וועגן אַ זאַך.

לייבישס אויגן האָבן איצט געטון אַ בליץ אויף איר:

— איך האָב אויך געוואָלט מיט אייך רעדן, פריילין גאָלדשטיין, — האָט לייביש געזאָגט און באַלד דערפילט, אַז ער האָט די גאַנצע זאַך קאַליע געמאַכט.

— זאָגט, וואָס איר האָט געוואָלט, אפשר וועט איר מיר פאַרשפּאָרן אַ גאַנג — האָט דינה אין איר געוויינלעכן, קליינשטעטלדיקן מאַניר געפּרווט זיין קלוג.

לייביש האָט דערפילט, אַז עס הערט אויף צו קלאַפּן זיין דופק. גרויסע טראָפּנס שוויס זענען אַרויסגעקומען אי אויף זיין פּנים און אויך אויף זיינע הענט. אין דער מינוט איז אים נמאס געוואָרן די גאַנצע וועלט און זיינע געדאַנקען האָבן אַריבערגעשפּרונגען תּהומות. זיין צונג האָט זיך צוגעקלעבט צו זיין גומען און די ערד האָט זיך געשאָקלט אונטער זיינע פיס. ער האָט איצט געוואָלט אויסקויפן זיין נאָך נישט געזאָגט וואָרט און איז געווען גרייט דאָס אויסצוקויפן מיט זיין לעבן. אָ, גאָט, ווען עס פאַלט אַראָפּ פון באַלקן פון קעלער אַ שווערער שטיין אין דער־הרגעט אים דאָ אויף דעם אָרט, ווו ער שטייט. אָדער ווען עס טרעפט עפּעס אַ נס און דאָס מיידל גייט אַוועק פונדאַנען. וואָרים ער קאָן און טאָר נישט אַרויסברענגען אויף זיינע ליפּן דאָס, וואָס ער וויל זאָגן.

דינה האָט געמאַכט אַ באַוועגונג צום אַרויסגיין. זי האָט איצט אין דער טונקלקייט פון קעלער גלייך אין לייבישעס אויגן גע־קוקט:

— ווי איך זע, איז אייך זייער שווער דערפון צו רעדן — האָט דינה ווידעראַמאָל געפּרווט זיין קלוג — איך וועל גיין צו אייער מאַ־מען.

— וואָס מיינט איר ? — האָט לייביש נישט פאַרשטאַ־נען.

— איך מיין, אַז איך וועל אייך העלפן קומען צוריק אַהיים.

— ניין ! איך דאַנק אייך, פריילין.

— אייער מאַמעס צער — האָט דינה שטיל זיך צעוויינט. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ קעסטל און אַזוי שטיל און מיט האַרץ געוויינט, אַז עס האָט לייבישן גערירט. ער איז אַזוי ווי אויסגעניכטערט געוואָרן פון זיין אומבאַהאָלפנקייט, איז געוואָרן געשטאַרקט און איז צוגעגאַנגען באַענט צו דינהן. זי איז אין דער מינוט געוואָרן זיין שוועסטער און ער

האָט מיט איין האַנט זי געגלעט איבער די האָר פון קאָפּ און אויסגעווישט אירע טרערן און אַזוי שטיל און טרייסטנדיק צו איר עפּעס געזאָגט און אַזוי נאָענט געווען לעבן דינהן און איר געטון אַ קוש אין קאָפּ:

— דינה, צוליב אייך וועל איך זיך אומקערן אַהיים.

דינה איז אויפגעשפּרונגען און אויף אירע פאַרוויינטע אויגן האָט געלויכטן אַ פרייד. זי האָט פאַרגעסן אויסצווווישן אירע טרערן און עטלעכע מאָל איבערגעחזרט דידאָזיקע ווערטער: „איך וועל לויפן צו אייער מאַמען”. דערנאָך איז זי אַרויס פון קעלער. אויף די טרעפּ באַ דער דרויסנדיקער טיר, איז זי געבליבן שטיין און אַרייַנגעשריגן צו לייבישן: איך וועל דאָס אויספירן זייער שטיל און אָן יסורים.

דינה איז אַריין אין קיך און געטראָפן דאָרט איר מוטער. איז זי אַרויסגעלאָפן פון קיך און אַוועק אין איר שלאָף-צימער און אויסגעווישט איר פּנים, אויף גיך זיך אָנגעטון און איז אַוועק פון הויז. גייענדיק איבער דער גאַס איז איר איינגעפאַלן אַלערליי וועגן, ווי אַזוי צו דערציילן לייבישעס מוטער. דינה האָט איצט אין זיך דערפילט אַזוי פיל מוט, אַז זי האָט זיך אַליין אין אירע געדאַנקען פאַרגליכן צו אַ מאַנספּערשוין. עס האָט נישט גענומען לאַנג און זי איז שוין געשטאַנען אין דער שניט-קראָם פון לייבישעס עלטערן.

עס איז געווען אַ פירעקעכדיקע גרויסע קראָם און באַ אַלע ווענט זענען געשטאַנען שאַפעס פון דער ערד ביז צו דער סטעליע און איבער די שאַפעס זענען געלעגן משופּעדיק מיט די שפּיצן אַרויס און איינס אויף דאָס אַנדערע אָנגעלייגט אַלערליי שטיקער געוואַנט, וואָלנס, זיידנס און לייוונט. עס האָט געשמעקט אינעווייניק מיט דעם ריח פון נייע לייוונט.

דינה איז געשטאַנען אַ ביסל אין דער מיט פון קראָם. דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען צו דער שיינער, יידישער פרוי אין דעם זיידענעם טיכל אויף איר קאָפּ און דינה האָט באַלד באַמערקט אַרום אירע אויגן גרויסע, בלויע רינגען. זי האָט געבעטן באַ לייבישעס מאַמע, מען זאָל איר ווייזן לייוונט.

די שיינע, פאַרזאָרגטע מאַמע האָט געטון אַ זיפץ און אַראָפּגע־שלעפּט פון דער שאַפע אַ פלאַטשיקן פּאַק לייוונט. דינה האָט דידאָזיקע לייוונט אָנגערירט מיט אירע פינגער. דאָס ווייסקייט האָט געבלענדט אירע אויגן. דינה האָט זיך צוגעבויגן צו לייבישס מוטער און שטילערהייט גע־פרעגט:

— וויפל קאָסט אַן אַרשין?

און באַלד האָט דינה פאַרלוירן איר מוט צו זאָגן דער מוטער וועגן לייבישן. זי האָט מורא באַקומען פאַר דעם, וואָס עס האָט געקאָנט טרעפן. דינה האָט זיך דערפאַר אַרויסגעדרייט מיט דעם, וואָס זי האָט גוט באַטראַכט די ווייסע לייוונט און געבעטן אַ שטיקל לייוונט אויף אַהיימצונעמען, ווייזן דער מאַמען אירער.

לייבישס מוטער האָט אָפּגעשוירן אַ שטיקל לייוונט און געטון אַ זיפץ. אפשר האָט זי געהאַט דאָס פאָרגעפיל, אַז דאָסדאָזיקע שטיקל לייוונט איז אַ שיק־גרוס צו איר זון.

דינה איז אַהיימגעגאַנגען מיט גיכע טריט. זי האָט זיך געוווּנדערט וווהין איר מוט איז אַוועק. זי האָט געטראַכט, אַז ערשט מיט עט־לעכע מינוט פריער האָט זי דאָסדאָזיקע מענלעכע געפיל פון מוטיקייט איבערגעלעבט, אָבער איצט איז זי צוריק פרוי, זיך אַליין פאַרפלאָנ־טערט און עס וועט מוזן קומען אַ מאַן מוטיק און שטאַרק אַרויסצופּלאָנ־טערן.

דינה איז אַהיימקומענדיק פריער אַראָפּ אין קעלער צו לייבישן. לייביש האָט זי דערזעען אין איר הוט און טאַלמע און ער האָט זי מקנא געווען איצט מיט דער פרייער, ווייסער וועלט. עס האָט פון דינהן געשמעקט מיט דעם אַראָמאַט פון פרישער, געשמאַקער לופט.

דינה האָט אַרויסגענומען דאָס שטיקל ווייסע לייוונט און דאָס געגעבן לייבישן:

— איך בין נאָר וואָס געווען באַ אייך אין קראָם. אייער מאַ־מעס אויגן זענען אַרומגערינגלט מיט בלויע צייכנס. און איך האָב גאָר־נישט געקאָנט רעדן מיט אייער מאַמען, נאָר געבראַכט אַ שטיקל לייוונט.

לייביש האָט נישט גענומען דאָס שטיקל לייוונט, נאָר זיך איינגע־בויגן און געקושט אי דאָס שטיקל לייוונט, אי דינהס הענט. דינה האָט צוגעדריקט אירע הענט צו לייבישס ליפּן; געפילט ווי זיינע ליפּן בריען אירע הענט. דאָסדאָזיקע קושן לייבישס איז געווען באַ איר ניי און איבער איר גאַנצער הויט זענען אומגעלאָפן הייסע, בריענדיקע נאָד־לען.

— היינט באַנאַכט וועל איך זיך אומקערן אַהיים צוליב... דינה — האָט לייביש שטיל געזאָגט, שטאַמלענדיק און מיט האַלב־אָפּגעהאַקטע ווערטער.

— איך וועל דיך אייביק דערפאַר ליב האָבן — האָט דינה מיטביידע הענט אָנגענומען לייבישס פּנים.

— איך באַשווער דיך.

— איך שווער.

— און עס וועט בלייבן אַ סוד.

— איך שווער באַם שטיקל לייוונט.

— איך שווער אויך באַם שטיקל לייוונט.

— גלייך ווי עס איז גאָרנישט געווען צווישן אונז.

— גלייך ווי עס איז גאָרנישט געווען צווישן אונז.

— און דו וועסט גיין צוריק אין קלויז לערנען — האָט דינה אירע ווערטער אויסגעצערטלט.

— איך וועל גיין צוריק אין קלויז.

— ניין. דאָס וויל איך נישט.

— וועל איך זיך אָנהייבן מישן אין קראָם — האָט לייביש אַזוי ווי געפּרוווט זיין מזל.

— ניין. דאָס וויל איך נישט.

— וועל איך אַזוי אַרומגיין מיט ליידיקע הענט.

— ניין. דאָס וויל איך נישט.

— וועל איך ווערן אַ סוחר.

— ניין. דאָס וויל איך נישט.

— וועל איך אַנטלויפן אין אַ גרויסער שטאָט.

— וואָס וועסטו דאָרט טון, אין דער גרויסער שטאָט?

— לערנען און בענקען נאָך דיר.
— און וועסט זיך נישט אומקערן אַהיים היינט באַנאַכט ?
— איך וועל זיך אומקערן דערנאָך, אין אַ צייט אַרום, פון דער גרויסער שטאָט, מיט אַ דיפּלאָם.
— און דעמאָלט וועל איך שוין דאָ נישט זיין.
— וואָס הייסט, ווו דען וועסטו זיין ?
— מיר פאָרן דאָך אַוועק אויף אונזער אייגענער ערד.
— דאָרט, ווו נאָקמאָן פאָרט ?
— או—או — האָט דינה געשאָקלט און אונטערגעבראָמט, שוין אַ ביסל בייז און קאַפּריזנע.
— אַהין פאָר איר אויך, דינה, צו אונזער אייגענער ערד — די לעצטע צוויי ווערטער האָט לייביש מיט פיל װאַרעמקייט אַרויסגערעדט און דינה האָט געפילט, אַז לייבישס ווערטער מישן זיך אויס מיט איר בלוט — בלייבט עס אַזוי, דינה ?
— אַ סוד !
— קיינער וועט נישט וויסן.
— און דו קער זיך אום אַהיים.
— נאָך היינט אָוונט.
— און קיינער וועט נישט וויסן.
— איך שווער — האָט לייביש אויסגעשריגן און דערביי פאַרמאַכט זיינע אויגן, פונקט אַזוי ווי ער פלעגט זיי פאַרמאַכן בשעת ער האָט באַם דאַווענען געהאַלטן אין אויסשרייען „שמע ישראל".
דינה האָט איבערגעלאָזט לייבישן אַליין אין קעלער און איז אַוועק אין הויז אַריין.
לייביש האָט אָנגעהויבן מיט זיך אַליין מאַכן פאָרברייטונגען, ווי אַזוי ער זאָל זיך צוריק אומקערן אַהיים. אָט איז אים איינגעפאַלן דאָס האַרץ פון שרעק און ער האָט זיך געפילט נישטיק און קליין ווי אַ וואָרעם ; און אָט איז אים ליכטיק געוואָרן אין זיינע אויגן, וואָרים ער האָט געפונען דינהן. ער האָט איצט געזאָגט צו זיך אַליין : גאָט האָט אַזוי געפירט. און ער האָט באַ זיך אָפּגעמאַכט צו האַלטן וואָרט : אַ סוד !

דינה איז אין הויז געווען זייער רויק.

אַזוי האָט זי פֿון אויבן־אויף געמאַכט דעם איינדרוק. אָבער ווער האָט געקאָנט זיך טיף אין איר נשמה אַראָפּלאָזן און דאָרט זען, וואָס דינה האָט אַליין אויך נישט געקאָנט וויסן. עס איז געווען בײַ דינהן דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן, אַז מען האָט זיך מיט איר דערקלערט אין ליבע.

דינהן האָט געפֿלאַמט דאָס פּנים. זי איז געשטאַנען בײַ זיך אין צימער און געקוקט אין שפּיגל, געקניפּן אירע באַקן, אַז זיי זאָלן ווערן בלאַס. אָט זענען זיי שוין פֿון דעם קניפּ אַ ביסל בלאַס. אָבער באַלד ווערן זיי פֿאַרלאָפֿן מיט רויטקייט. אַ היץ איז אַרויסגעגאַנגען פֿון אירע פֿאַרפֿלאַמטע באַקן.

זי האָט געוואָלט זיך דערמאַנען, ווי אַזוי עס האָט זיך אָנגעהויבן. פֿאַרוואָס האָט זי שוין פֿאַרגעסן, ווי אַזוי עס האָט זיך אָנגעהויבן?

דינה געדענקט נאָר „עס וועט בלייבן אַ סוד"... „איך שווער".

און וואָס וועט זי טון מיט נאַקמאַנען? אָרעמער נאַקמאַן. קאָן זי רען ליב האָבן צוויי?...

אפֿשר יאָ... זאָלן זיי זיך ביידע שלאָגן איבער איר...

„ווער עס איז ייִנגער און געזונטער"... האָט דינה געטראַכט.

ניין, גאָט זאָל אויסהיטן. זי האָט נישט געטראַכט אַזוי. דינה איז קיינעם נישט קיין שונא. דאָס קאָן זי נישט אַפֿילו ברענגען אויף אירע געדאַנקען. און עס וועט נישט קומען דערצו און אויב עס וועט יאָ קומען דערצו, וועלן זיי זיך שלאָגן. ווער זשע וועט געווינען?

אָט אַזוי איז דינה אַרומגעגאַנגען, ווי אין פֿיבער. זיך געהיט פֿאַר דער מאַמען אירער און זיך אויסגעלאַכט שטילערהייט פֿון דער מאַמען. זיך געפֿילט שטאַלץ אַקעגן איר מאַמען. איבער איר מאַמען האָט זיך קיינער, מיט עמעצן אַן אַנדערן, נישט געשלאָגן. זע נאָר, ווי שיין זי קאָן אויסהאַלטן דעם סוד אַקעגן דער מאַמען?...

ווי געזאָגט, איז דינה געווען אין אַ פיבער און עס קאָן זיין, אַז זי איז נישט שולדיק, אויב זי האָט נישט שיין זיך אויפגעפירט אין אירע טראַכטונגען אַקייגן דער מאַמען.

אין דעם צושטאַנד פון פיבער איז זי אַרומגעגאַנגען ביז דער פאָטער, ישראל גאָלדשטיין, איז אַהיימגעקומען.

די שווערע טריט פון ישראל גאָלדשטיין און זיין רייכע באַסאָווע שטימע, אין וואָס עס האָט זיך געפילט, אַז עס איז דאָ אַ מאַנסביל אין הויז, דאָס אַלץ איביינעם האָט געווירקט אויף דינהן.

ישראל גאָלדשטיין האָט געהייסן, דינה זאָל אַרויפרופן לייבישן.

דינה איז געלאָפן מיט קליינע, גיכע טריט און האָט גערופן לייבישן.

לייביש האָט באַוויזן נאָכאַמאָל צו באַוואָרענען דינהן:

— אַ סוד!

און דינה האָט געשאָקלט מיט איר קאָפּ.

נאָכמאַן איז געקומען צו לויפן און מיט אַ גיכן אָטעם, שלינגענדיק די לופט שטיקערווייז, האָט ער מודיע געווען דאָס, וואָס די קאָמיסיע האָט געפונען, אַז דער ליטוואַק איז געשטאָרבן פון הונגער.

באַם טיש איז געזעסן ישראל גאָלדשטיין, זיין ווייב, דייזל, זייער טאָכטער דינה און לייביש.

נאָכמאַן האָט זיך נישט געזעצט; געשטאַנען אָנגעשפאַרט איבערן טיש און אַזוי ווי געוואַרט אויף עפּעס. דאָס, וואָס ער האָט דערציילט וועגן דער קאָמיסיע האָט אַראָפּגעשוועבט אויף אַלעמענס פּנימער, ווי דער פּאַטש פון שוואַרצע פליגלען.

עס איז געווען אַזוי שטיל אין שטוב, אַז מען האָט נישט נאָר געקאָנט הערן, וואָס עס טוט זיך אין דרויסן, נאָר אויך דאָס קלאַפּן פון אַ האַרץ.

לייביש איז געווען דער איינצאונאיינציקער, וואָס האָט געפּרוווט זאָגן דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט, אָבער עס איז באַ

אים אַלע מאָל אויסגעגאַנגען דער אָטעם. ער האָט געפילט, אַז וואָס ווייטער די מינוטן קריכן פּאַמעלעך אַוועק, ווערט אים שווע־רער.

— איך קער זיך אום צוריק אַהיים — האָט לייביש זיינע ווערטער אָפּגעכאַפּט אין דער גיך.

## 24.

אין דרויסן איז אַ בעסאַראַביער פרילינג־נאַכט. אַ הויכער, הויכער הימל פאַרזייעט מיט אַ סך שטערן איז אויסגעשפּרייט פון איין באַרג ביז צום אַנדערן און ליגט איבער דידאָזיקע בערג אַזוי ווי אַ גרויסע שיסל. עס איז אַ שטילע פרילינג־נאַכט. אַ קרעפּטיקער פרימאָראָז שפּרייט זיך איבער דער ערד. די ערד איז שוין אויף אַ סך ערטער צעאַקערט און פאַרזייעט און קרעפּטיקע שפּראָצונגען פּיפּצן אַרויס און ציטערן פון דעם קרעפּטיקן פרימאָראָז. עס איז אַזוי שטיל די נאַכט און מען קאָן פון ווייטע פעלדער הערן, ווי אַזוי די ערד שפּעלטלט זיך אין אומזעבאַרע עפענונגען; מען קאָן הערן ווי דער כוח פון וואַקסן קערט זיך אום צוריק צו דער ערד און באַהאַלט זיך אין די אויפגעשפּעלטלטע עפעניגען.

דאָס שטעטל ליגט אין טאָל צווישן די בערג. פון די פענצטער שיינען ליכטלעך און ווינקען אַזוי ווי די שטערן אין הימל. עס איז שטיל איבער אַלע גאַסן. עס איז אָפּגעווישט געוואָרן די גרענעץ פון איין גאַס מיט דער אַנדערער. נישטאָ מער קיין שטובן. נישטאָ קיין בערג אַרום. עס איז דאָ הימל אויבן און הימל אונטן און שטערן ווינקען פון אַלע עקן וועלט.

לייביש איז געשטאַנען באַם אונטערשטן פענצטער פון זייער הויז און געציטערט פון דעם קרעפּטיקן פרימאָראָז און אַריינגעקוקט אין הויז אַריין און געזעען, ווי זיין פאָטער זיצט באַ אַ ספר מיט בײדע זיינע

הענט אונטערגעשפּאַרט דעם שטערן זיינעם. און די מאַמע זיינע זיצט באַם טיש און מישט דאָס בוך פון דער קראָם, ווו עס איז פאַרשריבן די חובות.

לייביש האָט זיך שוין עטלעכע מאָל פאַרמאָסטן אַריינצוגיין אין הויז אַריין, אָבער זיין אָטעם איז באַ אים אַלע מאָל אַזוי ווי אָפּגעשטאָרבן. ער האָט מורא געהאַט אַריינצוגיין אין הויז, און באַ אים איז געווען דאָס געפיל אַזוי ווי באַ אַ גנב, וועלכער באַדאַרף אַריינגיין אין אַ פרעמד הויז. די שוואַרצע פינצטערקייט פון דער אונטערשטער קאַמער, וועלכע ער האָט געעפנט, האָט אים געשראָקן. עס איז אָבער אין דער אמת נישט געווען די פינצטערע קאַמער, וואָס האָט אים געשראָקן. ניין, אים האָט גאָר געשראָקן דאָס ליכטיקע הויז מיטן טאַטנס אויגן און דער מאַמעס געשריי. די מאַמע וועט דאָך מסתּמא טון אַ געשריי. און אָט דאָסדאָזיקע געשריי האָט געקילט און געגליווערט זיין בלוט.

לייביש האָט איצט פאַר זיך געזעען צוויי וועגן: אָדער ער זאָל אַריינגיין איצט, ווייל עס איז נאָך ליכטיק און טאַטע און מאַמע שלאָפן נאָך נישט, אָדער ער זאָל וואַרטן ביז טאַטע-מאַמע וועלן זיך לייגן שלאָפן און אין הויז וועט זיין פינצטער, און דעמאָלט וועט ער זיך אַריינשאַרן אין הויז.

דערווייל איז ער געשטאַנען באַם פענצטער און געקוקט אויף זיין מוטער. ער האָט געזען איר גאַנץ פּנים און געלייענט, ווי אים האָט זיך געדאַכט, אַלע אירע מחשבות. אירע אויגן זענען טאַקע אַרומגערינגלט מיט בלויע צייכנס, אַזוי ווי דינה האָט אים דערציילט. און זי איז געוואָרן עלטער. אין עטלעכע טעג קאָן אַ מענטש ווערן אַלט.

ער מוז באַלד אַריינגיין אין הויז. באַלד. די מאַמע איז געוואָרן אַלט.

לייביש האָט געעפנט די טיר פון דער אינטערשטער קאַמער און זי פאַרמאַכט מיט אַ קלאַפּ אַזוי ווי ער איז תּמיד געווען געוווינט צו טון. ער האָט געהערט אינעווייניק אין הויז אַ באַוועגונג און אַ געשריי פון דער מאַמען „לייביש“.

ער ווייסט נישט, צי ער אַליין האָט געעפנט די שטוב-טיר, צי די מאַמע האָט געעפנט די טיר. אָבער וואָס איז דער חילוק ווער עס האָט זי געעפנט. די טיר האָט זיך געעפנט און לייביש איז געשטאַנען אינע-

וויניק א״ן הויז. דער טאַטע האָט אָפּגעדרייט זיין קאָפּ פון דעם ספר און אים אָנגעקוקט, פריער בייז און מיט גרויסע אויגן אָבער צו ביסלעך זע־נען אָט דידאָזיקע אויגן געוואָרן מילדער און ווייכער. די מאַמע איז גע־וואָרן ווייס ווי קאַלך און האָט זיך געוואָלט אויפשטעלן אויף אירע פיס, אָבער, צו איר גרויסן ווייטיק, איז זי צוריק אַריינגעפאַלן אין דעם בענקל, ווו זי איז פריער געזעסן.

די מאַמע האָט אָבער נישט געוווסט, ווי עס האָט אויסגעוויזן, צי דאָס איז אַ חלום אָדער עס איז אויף דער וואָר. זיך אויפהייבן האָט זי נישט געקאָנט. וואָס זשע דען האָט זי געטון? זי האָט זיך מיטביידע הענט געריבן די אויגן אירע. און דערנאָך, ווייזט אויס, האָט זי ערשט דערזעען, אַז עס איז אויף דער וואָר. לייביש איז דאָ אין הויז. עס איז וואָר.

די מאַמע האָט געטון אַ נעם צונויף אַלע אירע כוחות און אַ געשריי געטון. איינמאָל האָט זי אַ געשריי געטון אַזוי און איז שטיל געבליבן. די לופט אין שטוב האָט זיך אַ טרייסל גע־טון און זיך צעפאַלן. עס איז געוואָרן מוראדיק ליידיק און גרוים אין שטוב.

לייביש האָט זיך דערפילט אַזוי קליין אין דער גרויסער, גרוימער שטוב, אַז ער האָט זיך פשוט אין דערדאָזיקער ליידיקער גרויסקייט פאַר־לוירן.

ער איז געשטאַנען באַ דער טיר אַ פאַרלוירענער. און אַז ער האָט דערזעען, אַז זיין מוטער האָט פאַרוואָרפן איר קאָפּ אויף דעם ווענטל פון בענקל און פאַרמאַכט אירע אויגן, איז לייביש צוגעלאָפן צו זיין מוטער און זי אָנגעהויבן צו טרייסלען:

— מאַמע! מאַמע!

גרשון איז אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט פאַמעלעך, אַזוי ווי עס וואָלט דאָ גאָרנישט פאָרגעקומען, נאָר עפּעס אַזאַ שפּיל. און שפּילעריי האָט ער פיינט געהאַט, אָדער געוועזן ווייט פון דעם. ער איז צוגעגאַנגען צום אָרט, ווו זיין ווייב איז געזעסן און זיך איינגעקוקט אין איר מיט אַזאַ מין אופן, ווי עפּעס אַ גרויסער דאָקטאָר קוקט זיך איין אין אַ חולה.

דערווייל האָט לייבישס מוטער געעפנט אירע אויגן און אַזוי גרויס

זיי געעפּנט ווי גרויס נאָר זי האָט זיי געקענט עפענען. און כאָטש זי האָט זיך אָנגעשטרענגט דאָס צו טון, האָט זי פונדעסטוועגן געקוקט אויף לייבישן, געקוקט לאַנג און עס איז געווען טרויער אַ סך אין אירע בליקן. אָבער נאָכדעם, ווי זי האָט זיך אַליין אויסגעקלאָרט און באַ איר אין קאָפּ איז געוואָרן אַזוי ליידיק, האָט זי געזאָגט.

— שלום, מיין זון, שלום! — און לייבישן אויסגעשטרעקט ביידע הענט.

דער פאָטער איז באַלד אַוועקגעגאַנגען אין זיין שלאָף־צימער. פון דאָרט האָט זיך געהערט זיין קרעכצן און דבקהן און זיין לייענען „קריאת שמע".

די מוטער איז לאַנג געזעסן מיט לייבישן. זי האָט אים גע־געבן עסן. אָנגעשטעלט אויף דעם טיש פון וואָס נאָר זי האָט פאַר־מאָגט אין הויז. לייביש האָט זיך גאָרנישט צוגערירט צו דידאָזיקע זאַכן.

— פאַרוואָס עסטו נישט?

— איך בין נישט הונגעריק.

— פון אַזאַ וויטער נסיעה און נישט הונגעריק? — האָט די מוטער נישט געקאָנט פאַרשטיין.

— איך האָב געגעסן אין וועג אין אַ קרעטשמע.

— זיך געפּלאָגט אַ ביסל? — האָט די מוטער געפּרוווט — איצט וועט דיר שוין זיין גרינגער.

— אָט. אָבער איך בעט דיך, מאַמע, פרעג באַ מיר נישט קיין קשיות — האָט לייביש מיט פיל צער און מיט טרערן אין זיינע אויגן געזאָגט. — פאַרפאַלן. אַ שלעכטע מחשבה.

— ניין, ניין. איך וועל מער נישט פרעגן — איז די מוטער גערירט געוואָרן פון זיין צער — איך דאַנק דעם, וואָס לעבט אייביק דערפאַר, וואָס דו ביסט צוריקגעקומען.

— אָט אַזוי גרינג איז דורכגעלאָפן דאָס אומקערן זיך פון לייבישן צוריק אַהיים, אַז אים אַליין האָט זיך דאָס נישט גע־גלייבט.

לייביש איז געשמאַק איינגעשלאָפן. ער האָט זיך, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, צוגעקלעבט צו דעם בעטגעוואַנט און איז צעשוווּמען גע־

וואָרן, אויפגעלעזט געוואָרן. און איז געשלאָפן מיט איין שלאָף ביז אינ־דערפרי.

ערשט אינדערפרי, אַז עס איז געוואָרן ליכטיק און אין שטוב איז שוין דער פאָטער אַרומגעגאַנגען און שטילערהייט געמורמלט דאָס פאַרנ־דיקע דאַווענען, ווי זיין טבע איז געווען, ערשט דעמאָלט איז לייבישן גע־וואָרן מאָדנע נישט גוט. ער האָט דערפילט, אַז דאָס, וואָס ער האָט גע־טון, זיין פּרוּוון אַנטלויפן און דאָס צוריק אומקערן זיך וועט אים נישט אַראָפּ אַזוי גרינג.

עס האָט זיך אים געוואָלט כאָטש איצטער שווער קראַנק ווערן. דאָקטוירים זאָלן שטיין איבער זיין בעט און אין שטעטל זאָל מען זאָגן וועגן אים, רעדן, אַז ער שטאַרבט — אַנדערש, ווי וועט ער זיך קענען ווייזן אויף דער גאַס.

דערווייל האָט ער געוואַרט מיט זיין אויפשטיין ביז דער פאָטער איז אַוועקגעגאַנגען אין בית־המדרש אַריין.

און אַז לייביש איז שוין אויפגעשטאַנען האָט ער נישט געוווּסט, וואָס צו טון מיט זיך.

און מאָדנע ווי אַזוי דינה איז אים די גאַנצע צייט אַרויס פון זיין קאָפּ.

ווי האָט ער געקענט פאַרגעסן אָן איר?

אָ, גאָט, זאָל דיין נאָמען זיין געגרויסט.

איצט איז שוין גוט.

ער איז איצט פונדאָסניי געבוירן געוואָרן. פון איצט אָן איז ער אַ נייער, אַ דערלייזטער.

לייביש איז אַריינגעגאַנגען אין זיין שניט־קראָם. אים האָט נישט פאַרדראָסן, וואָס די פּריקאַזשטשיקעס האָבן אויף אים געוואָרפן זייערע אויגן. ער איז אַ נייער...

די מוטער איז אומבאַוווסטזיניק אויך אָנגעשטעקט געוואָרן מיט דעמדאָזיקן געפיל און זי האָט אַזוי ווי גאָר פאַרגעסן אין דעם, וואָס זי האָט געטראָפן. זי האָט אויך איצט געטראַכט, אַז זי פאַרמאָגט אַ נייעם זון. זי האָט זיך געפרייט מיט אים. און אויב עס איז געקומען אַ קונה, האָט זי זיך פאַר דעם קונה באַרימט, אַז דאָס איז איר זון, וועלכער האָט זיך אומגעקערט.

לייביש האָט היינטיקס מאָל שוין געדאַוונט אינדערהיים. ער האָט געזאָגט זיין מאַמען, אַז ער וויל נישט גיין אין קלויז דאַוונען. דאָס דאַווּנען אינדערהיים איז אויך מער געווען אַ מעכאַנישס. ער האָט אָנגעטון די תּפילין. דאַכט זיך, נישט אַזוי אָפּגעהיטן דאָס פּאַרוויקלען פון די רצועות. אַ רינגל מער, אַ רינגל ווינציקער. און דאָס דאַוונען אַליין איז מער געווען אַ קוקן אין פענצטער און אַ טראַכטן, און פון אַלערליי דמיונות, אָבער נישט קיין דאַוונען — מיט איין וואָרט, לייביש וועט שוין מער נישט דאַוונען, אַזוי ווי ער פלעגט, איידער עס האָט מיט אים געטראָפן דאָס אַנטלויפעניש.

באַ זיין מאַמען האָט לייביש אַלץ געפּועלט. וואָרים באַ איר איז געווען געבוג, אויב לייביש האָט אָנגעטון די תּפילין. דידאָזיקע מאַמע איז טאַקע אַליין געווען אַ פרומע, אָבער אַזוי ווי לייביש איז באַ איר געווען אַן איינאונאיינציקער, האָט זי דערפאַר איבער אים געציטערט. חוץ דעם האָט זי שטילערהייט געטראָגן באַ זיך אינעווייניק אַ תּרעומות אַנטקייגן איר מאַן, דעם חסיד, דערפאַר, וואָס זי איז פאַרשוואַרצט געוואָרן אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. נישט קיין וואָך און נישט קיין שבת און אויך נישט קיין יום־טוב. און קיין פריילעך פּנים האָט מען באַ אים נישט געטאָרט באַווייזן.

און דערפאַר, אַז זי האָט געזעען, אַז לייביש ווערט אַ ביסל מער היינטיקער, איז דאָס איר שטאַרק געפעלן געוואָרן. אין איינינקע זאַכן ווי, צום ביישפּיל, אין דער באַקליידונג פון לייבישן, האָט זי זיך אַריינגעמישט און דורכויס זיך איינגעשפּאַרט, אַז לייביש זאָל טראָגן אַ קורצן ראָק, אַ געפּרעסט העמד מיט אַ שניפּס. עס איז איר אָנגעקומען שווער, וואָרים גרשון, איר מאַן, איז נישט פון יענע, וועלכע שטעלן זיך אַנטקייגן אָפן. ער האָט געשוויגן, אָבער אין זיין שווייגן און אין זיין טאָן אַלע מאָל אַ קרעכץ איז געווען זייער פיל צער. אָבער לייבישס מאַמע האָט אויף זיך גענומען דעם גאַנצן צער און צו ביסלעך אויסגעפירט דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט.

באַ לייבישן האָט אָנגעהויבן צו שפּראָצן אַ בערדל, אויף זיינע באַקן און באַ דער אונטערשטער ליפּ.

לייביש האָט אָנגעהויבן איצט, נאָך זיין צוריקאומקערונג, אָפט אַריינצוקוקן אין שפּיגל. עס איז אים נישט געפעלן ווי אַזוי עס שפּראָצט באַ

אים דאָס בערדל. לייביש האָט מיט אַ שערל אָפּגעשוירן ביז צו די וואָרצלען דידאָזיקע צוויי־דריי האָר פון זיין ניי־שפּראָצנדיק בערדל. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער ווערט שענער אויב דידאָזיקע האָר זענען נישטאָ. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטילע מלחמה צווישן אים און זיין פאָטער גרשון. לייבישן האָט זיך געדאַכט, אַז זיין פאָטער וועט נישט באַמערקן, אַז דידאָזיקע האָר זענען אָפּגעשוירן. צוליב דעם האָט ער דידאָזיקע האָר שוין פון איצט אָן נישט געלאָזט אויפקומען אויף דער ליכטיקער וועלט.

לייביש האָט געקוקט זייער פיל אין שפּיגל און זיך געפּוצט און, ווי אים האָט זיך געדאַכט, איז ער איצט געוואָרן אַן אַנדערער מענטש. דער פאָטער האָט מיט אים כּמעט ווי נישט גערעדט. פון תּמיד אָן האָט דער פאָטער ווינציק מיט אים גערעדט, אָבער איצט נאָך דעם אַנטלויפן און צוריק אומקערן זיך איז צווישן זיי אַזוי ווי אויסגעוואַקסן אַ וואַנט.

לייביש האָט אויסגענוצט דאָס שווייגעניש פון זיין פאָטער און האָט זיך געאַנדערשט פון טאָג צו טאָג. עס איז אים געוואָרן נמאס דאָס גאַנצע שטעטל. חוץ דינהן האָט ער איטלעכן פיינט באַקומען. וואָרים ער האָט געזעען אין איטלעכנס אויגן אַזעלכע מאָדנע פייערלעך. ער איז דווקא זיי אַלעמען אויף צו להכעיס אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און זיך אָפּגעשטעלט ווו ער האָט ערגעץ געזען אַ רעדל. באַ אים האָט דאָס געהייסן, אַז ער ווייזט זיך פאַר מענטשן — אָבער באמת האָט ער אַלעמען פיינט געהאַט, חוץ דינהן.

פון דינהן האָט ער געטראַכט טאָג און נאַכט. און אפילו אין שלאָף האָט ער אויך גערעדט מיט דינהן. ער האָט זיך געקליבן צו דינהן אַריינצוגיין, אָבער נישט געקאָנט. אויף אַזוי פיל איז ער נאָך נישט געווען קיין אַנדערער.

באַ אים איז נאָך, למשל, געווען אַ געדאַנק, אַז זיין חתונה מיט דינהן זאָל זיין אַזוי ווי עס פּראַווען חתונות די היגע בעסאַראַביער גויים. אים האָט זיך זייער געוואָלט, אַז זיין חתונה זאָל זיין איינע אין שטעטל, כּדי דאָס שטעטל זאָל עס האָבן צו געדענקען. רייטער זאָלן פאָרן אויף פערד און צוגגבענען די כּלה און מיט איר אַנטלויפן איבער טאָל און באַרג. און אַז ער וועט געוויר ווערן, זאָל ער אָנזאָטלען

זיין פערד און זיך נאָכיאָגן נאָך זיי און אָפּשלאָגן זיין כּלה פון זייערע הענט.

און ווער ווייסט, וואָס נאָך פאַר אַ מאָדנע טראַכט נגען לייביש האָט געטראַכט. לייביש האָט פּשוט נישט געוווּסט, וואָס צו טון מיט זיך אַליין. אין בית המדרש איז ער שוין מער נישט געגאַנגען, נישט נאָר אינדערוואָכן, נאָר אפילו שבת איז ער נישט געגאַנגען אין בית המדרש. עס האָט גע־וויסן, אַז ער שעמט זיך צו ווייזן זיין פּנים אין בית המדרש אַריין. אָבער באמת האָט דאָס לייבישן שטאַרק הנאה געטון. פּטור געוואָרן פון דעם יאָך. עס איז אָבער אויך אמת געווען, אַז לייביש האָט פּשוט מורא געהאַט פאַר דעם בית המדרש. אויב עס איז אים אַמאָל אויסגעקומען דורכצוגיין דורכן בית המדרש, ווו ער האָט געלערנט פאַר זיין אַנטלויפעניש, פלעגט אים אַרומנעמען אַ מורא. אָבער דאָס איז נישט אונזער ענין. לייביש איז פּטור געוואָרן פון בית המדרש. עפּעס אַנדערש מיט וואָס אָנצופילן דידאָזיקע צייט האָט ער נישט געהאַט וואָס צו טון. האָט טאַקע לייביש זיך נישט גע־ווּסט ווו אַהינצוטון.

אין דער אייגענער צייט האָט ער פאַרגעסן אינגאַנצן אָן זיין חבר אבא, מיט וועלכן ער האָט געמאַכט דעם פּלאַן צו אַנטלויפן. דאָס הייסט, ער האָט פון אָנהייב אָן אבאן יאָ געדענקט. ווי האָט לייביש נישט געקאָנט טראַכטן פון זיין חבר אבא? ער האָט טאַקע פון אים געטראַכט און אים אויך פיינט באַקומען. עס איז דערגאַנגען די שנאה אַזוי ווייט, אַז לייביש האָט בײַ זיך אָפּגעמאַכט אבאס נאָמען נישט צו דערמאָ־נען.

אבאַ, פון זיין זייט, איז פון יענעם אָוונט אָן ווען עס איז געשעען דאָס אומגליקלעכע אַנטלויפן, ווי ער האָט עס בײַ זיך אין דער מחשבה גערופן, גאָר געוואָרן אַן אַנדערער ווי ער איז געווען פריער.

אבא איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ וווּנד אין האַרץ, וואָס, ווי אים האָט זיך געדאַכט, וועט זיך קיינמאָל נישט אויסהיילן. ער האָט גאָר קיינעם נישט געקאָנט דערציילן פון זיינע יסורים, און יסורים באַדאַרף מען אַראָפּ־רעדן, אַז נישט פוילן זיי אויס שטיקער האַרץ. וואָס האָט ער געקאָנט דערציילן? אַז ער איז געווען שיער, שיער נישט קיין אַנטלאָפענער? נאָר דאָס האָט אים געפעלט. אַרויסגיין און דערציילן, אַז ער האָט

אויך געוואָלט איניינעם מיט לייבישן אַנטלויפן. האָט ער דער־פאַר געשוויגן און נאָך געדאַנקט גאָט, וואָס קיינער ווייסט נישט דער־פון.

איצט, אַז לייביש איז שוין דאָ צוריק אינדערהיים, איז עפּעס אַנדערש. אָבער פריער האָט אבא געליטן פון דעם, וואָס ער, לייביש, איז אַנטלאָפן אויך אָן אים. אבאן האָט זיך געדאַכט, אַז פון לייבישן וועט דאַרט ערגעץ אין דער גרויסער שטאָט אויסוואַקסן אַ גדול בישראל, און ער אבא וועט דאָ אין קליינעם אָרט בלייבן דער אייגענער אבא וואָס געווען.

ווידער האָט אבא געליטן פון דעם, וואָס, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, איז ער געווען אַ גורם צו דעם אַנטלויפן פון לייבישן. און זעענדיק די אַלע יסורים, וואָס לייבישס אַנטלויפן האָט פאַרשאַפט זיינע עלטערן, האָט אבא נישט געקאָנט אַזוי פיל אַריבערטראָגן.

נאָר איצט, אַז לייביש איז אויך צוריקגעקומען אַהיים, האָט זיך אבא באַרויקט און איז געוואָרן אַן אַנדערער. ערשטנס, האָט אבא באַ זיך אָפּגעמאַכט נישט צו האָבן קיין מגע ומשע מיט לייבישן. טאָמער באַגעגנט ער אים אין גאַס וועט ער אפילו אויף אים נישט קוקן, זאָל זיך אים אויסדאַכטן, אַז ער באַגעגנט אַ ווילד־פרעמדן. אבא איז געוואָרן אַ פאַרביסענער. עס האָט זיך אין אים פּלוצלינג באַוויזן דאָס געפיל פון כעס. זיין דאַר פּנים און זיינע דאַרע הענט האָבן אין זיך געטראָגן אַ שאָטן פון דעם אינעווייניקסטן כעס. ברוגז איז ער געווען איצט אויף דער גאַנצער וועלט. אָבער דאָס איז געווען אַ זייטיקע זאַך. עס קאָן זיין, אַז אבא וועט דעמדאָזיקן כעס קיינמאָל נישט האָבן צו וועמען אויסצולאָזן. ליגט זיך דער כעס באַ אים פאַרבאַהאַלטן, זאָל ער זיך ליגן.

אבא האָט זיך אומגעקערט צוריק צו עפּעס, פונוואַנען ער איז שוין באַלד, באַלד געווען כמעט ווייט אָפּגעשיידט.

ער איז געוואָרן צוריק פרום.

אבא איז געקומען צוריק אין אַן אַנדערער וועלט, פונוואַנען, ווי ער האָט אָנגעהויבן צו גלייבן, אַלע נשמות קומען און ווערן איבערגעגעבן דעם גוף, כדי זיי זאָלן דעמדאָזיקן גוף אויסלייטערן. דער גוף איז אַראָפּגעוואָרפן אויף דער וועלט פונקט ווי אַ ליימענער טאָפּ

ווערט אַראָפּגעוואָרפן אין אַ ברענענדיקן אויוון. דער גוף ברענט זיך אויס אויף דער וועלט נאָר פון דרויסן און די נשמה לייטערט אים פון איבעוויניק.

אבא האָט אָן שום תירוצים געמוזט צו עפּעס דערגיין, אַ נישט ווער ווייסט, וואָס מיט אים וואָלט געוואָרן. איז ער צוגעגאַנגען צו דעם אָרט פונוואַנען זיין נשמה איז געקומען. ער האָט אָנגעהויבן לערנען אין בית המדרש מיט זייער פיל התמדה. אין יעדן אות האָט ער געזען דאָס גרויסקייט פון דאָרטן, פונוואַנען אָט די אותיות זענען געקומען.

אבא האָט זיך אויסגעטון פון דער וועלט. ער האָט זיך פון אָנהייב זייער פיל געפּלאָגט, וואָרים עס איז אים זייער שווער געווען זיך אויסצוטון פון דער וועלט. אָבער אַזוי גיך ווי ער האָט זיך אויסגעטון, איז ער שוין געווען אַן אויסגעטוענער. ער האָט זיך באַהעפט מיט עפּעס, וואָס ער האָט נישט געזען און וואָס קיינער האָט נישט געזען. אָבער עס איז געווען אַ גרויסער חילוק פון זיין נישט זען ביז עמעצן אַנדערש נישט זען. יענע האָבן נישט געזען, וואָרים זיי זענען בלינד און ער האָט נישט געזען, ווייל ער האָט זיך נאָך נישט דערהויבן צו יענער מדרגה, אַז ער זאָל קאָנען זען. ער האָט אָבער פאַרמאָגט אַ ווילן אַ שטאַרקן צו דערגיין אַהין.

אבא האָט איבער זיך אַליין געאַרבעט אַזוי ווי אַ דימענט־שלייפער אַרבעט איבער זיין דימענט. גאַנץ פרי, ווען עס איז נאָך געווען בלוי אין דרויסן, איז שוין אבא געווען „אויף" פון זיין שלאָף. ער האָט זיך געוואַשן, אָפּגיסנדיק פריער זיין רעכטע האַנט מיט אַ קוואָרט וואַסער און דערנאָך זיין לינקע האַנט מיט אַ קוואָרט וואַסער. אָפּגיסנדיק אָט דידאָזיקע צוויי הענט זיינע, האָט ער בשעת מעשה אָנגעשעפּט צוויי פולע קוואָרטן מיט וואַסער און דערביי געהאַט אַ כוונה, אַז ער גיסט אויף זיינע הענט פון דעם רעגן פון דעם הימל. ער האָט ממש געזען דידאָזיקע טראָפּן פון דעם רעגן. זיינע הענט זענען ווייס געוואָרן; גערייניקט געוואָרן פון דער תאווה פון דעם שלאָף, וואָס איז איינער פון די תאוות פון דערדאָזיקער וועלט. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעווישט מיט צוויי פינגער זיינע אויגן און אויסגעגלעט זיינע פאות און געזאָגט די ברכות. דאָסדאָזיקע זאָגן איז מער נישט געווען קיין זאָגן. נישט אַזוי זאָגט מען דאָס, וואָס מען איז

געוווינט צו זאָגן. אַזוי ווי ער האָט דאָס געטון, איז דאָס גיכער געווען אַ געזאַנג פֿון אַ מענטש, וואָס איז אויפגעשטאַנען אינדערפֿרי און וועלכער איז אַזוי גערירט פֿון דעם, וואָס פֿון דאָרט האָט מען אים צוריק אומגע־קערט די נשמה, אַז ער איז משוגע פֿון פֿרייד: „דו, וואָס האָסט אומגע־קערט מיין נשמה; דו, וואָס האָסט אומגעקערט מיין נשמה; דו, וואָס האָסט אומגעקערט מיין נשמה".

נאָכדעם איז אבא געגאַנגען אין בית המדרש און אויף דעם וועג געקוקט צום הימל און געטראַכט, אַז אינדרויסן איז נאָך אַלץ בלוי, וואָ־רים דער הימל איז נאָך בלוי, כאָטש די שטערן לעשן זיך שוין אויס. יעדע נשמה האָט איר שטערן. און אויב די נשמה קערט זיך אום צוריק צו דעם גוף לעשט זיך אין הימל אויס איר שטערן. די פּאַרשפּעטיקטע שטערן זענען פֿון דידאָזיקע נשמות, וועלכע האָבן זיך נאָך נישט אומ־געקערט צו דעם גוף. דערדאָזיקער גוף מוז נאָך ערגעץ זיין פֿאַרטון אין דער תּאווה פֿון שלאָפֿן און פֿאַרהאַלט דערפֿאַר דאָס אויסלעשן זיך פֿון דעם שטערן פֿון זיין נשמה, וואָס דאָס איז גורם, אַז דער הימל זאָל נאָך זיין בלוי און זאָל נאָך אין זיינע פֿאַלדן האַלטן די שאָטנס פֿון דער נאַכט און עס קען נאָך אויף דער וועלט נישט ווערן ליכטיק.

אַזוי גייענדיק קערט ער זיך אום מיט זיין פּנים און כאַפּט אַ קוק צו דעם מזרח. עס ווערט אבאן ליכטיק אין די אויגן. דאָרט אין מזרח רייסט זיך דאָס ליכט פֿון טאָג. עס אַנטפּלעקט זיך פֿאַר זיינע אויגן אַ לאַנגער פּאַס גרינפּלאַמיקער הימל. אבא בלייבט שטיין און באַטראַכט דאָס־דאָזיקע וווּנדער פֿון דעם גרינפּלאַמיקן פּאַס הימל. באַם אָנהייב איז דאָס געווען שמאָל ווי די שאַרף פֿון אַ שווערד און דערנאָך וואָס ווייטער, ווערט דערדאָזיקער פּאַס צעשפּרייטער און צעפּליסט זיך אַזוי ווי אַ ברייטער טייך אויף דעם בלויען הימל אַרויף.

און דעמאָלט האָט זיך אבא אָנגעהויבן איילן אין קלויז אַריין. מיט גיכע טריט איז ער געשפּרונגען און איז געווען אַזוי גרינג, אַזוי ווי אַ ה"רש, וואָס שפּרינגט איבער די מיט ראָסע באַנעצטע פֿעלדער. אבא האָט נישט געוווסט, וואָס פֿאַר אַ ברכה מען דאַרף איצט זאָגן. אָבער ער האָט געהאַלטן אין איין מורמלען צו זיך אַליין „בורא". און מיט דעמדאָזיקן וואָרט האָט ער מקיים געווען אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן. און

זאָגן האָט ער גאָרנישט געקענט, וואָרים ער איז געווען אַזוי קליין אַנט־קעגן דעם גרויסן פרימאָרגן.

אין קלויז איז נאָך קיינער נישט געווען, איז ער געשטאַנען בײַם אײַנעם פון די גרויסע, לאַנגע פענצטער און געקוקט אין מזרח פון הימל. דאָרט אין מזרח איז אויסגעוואַקסן פאַר זײַנע אויגן אַ רייט־וואָגן. אבא האָט קיינמאָל אין זײַן לעבן נישט געזעען קיין רייט־וואָגן. אָבער ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז דאָס, וואָס ער זעט איצט, מוז געוויס זײַן אַ רייט־וואָגן. אָבער דאָס איז נישט קיין פּראָסטער רייט־וואָגן, וואָרים זײַנע רע־דער זענען פון פײַער און ווען זיי קאַטשען זיך איבער דעם הימל דעם בלויען, בליצן זיי זיך אַריין מיט זייער פײַער אין דער בלויקייט. וואָס טיפער אין הימל דער רייט־וואָגן פאָרט, אַלץ פײַערדיקער ווערט דאָס בלויקייט פון הימל.

און דער, וואָס זיצט אויף דעם רייט־וואָגן, ברענט אַזוי ווי אַ סטויג מיט שטרוי. דאָס האָט שוין אבא געזעען. האָ, האָ, געזעען, ווי אַ סטויג מיט שטרוי טוט זיך אַ צינד אָן און אַ ווײַל אַ פלאַמיקער הייבט זיך אויף צו דעם הימל, אַזוי, אַז דער, וואָס זיצט אויף דעם רייט־וואָגן, איז אויך אַ ווײַל אַ פלאַמיקער און זײַן פלאַם נידערט פון דעם הימל ביז צו דער ערד.

אבא שטייט אַזוי בײַם פענצטער. אין קלויז קומען יידן און גייען אַוועק. ער זעט זיי נישט, נישט דערפאַר, וואָס ער וויל זיי נישט זעען, נאָר פשוט דערפאַר, וואָס ער זעט זיי נישט. ער איז איצט אַזוי קליין, אַז ער איז נישט ביכולת עמעצן צו זעען. גוט אַזוי, טראַכט אבא, גוט אַזוי. נאָר קליין. ער טאָר נישט צולאָזן צו זיך קיין אַנדערן געדאַנק. נאָר קליין!

אמת טאַקע. קיינער קוקט זיך אויף אים נישט אום. אָבער דאָס איז גוט. אבא וויל נישט, אַז מען זאָל אים דערזעען. וואָס וועט פון אים ווערן, אויב זיי וועלן אים באַמערקן? ער קען נאָך צעשמאָלצן ווערן פון זייערע גליטע בליקן.

איז אבא אַזוי פאַרטון אין דעם פײַערדיקן רייט־וואָגן, אַז ער באַמערקט נישט ווי דער פרימאָרגן גייט אַוועק. די מענטשן אין קלויז, וועלכע ער האָט נישט באַמערקט, זענען שוין נישטאָ. עס איז נאָך גע־

בליבן דאָס זשומעריי פון זיי, אַזויווי עס בלייבט נאָך דעם זומער דאָס זשומעריי פון די זומער־פליגן.

אבא בלייבט אַליין אין קלויז. אין אַלע פענצטער שפּאַרט דער פלאַם פון דעם, וואָס ברענט, ווי אַ סטויג שטרוי און וואָס זיין פלאַם נידערט אַראָפּ פון דעם הימל ביז צו דער ערד. אין אַלע פענצטער שפּאַרט זיך דער בליאַסק פון יענעם פלאַם. אבא דרייט זיך אַרום איבער דער לענג פון קלויז און איבער דער ברייט פון קלויז. עס פלאַמט אין אים אויף דאָס פייער פון יענעם רייט־וואָגן. ער שפּירט, ווי זיין נשמה ווערט באַלד פאַרברענט. מען באַדאַרף זי לעשן, טראַכט אבא, מען באַדאַרף זי לעשן. און לעשן דאָסדאָזיקע פייער מוז מען מיט ווערטער, וועלכע גיסן זיך אַזוי, ווי פון אַ לעבעדיקן קוואַל, פון די בערג גיסט זיך אַ קוואַל.

אבא וואַרפט זיך אין קוואַל; טובלט זיך אין דעם קוואַל.

דאָס הייסט אויף דער מענטשלעכער שפּראַך, אַז ער נעמט אַרויס אַ גמרא און הייבט אָן לערנען. אבא ווייסט אַליין, און מיר וועלן זיך נישט צוריקהאַלטן דאָס צו דערציילן, אַז ער קען נישט לערנען. ער האָט פאַרמאָגט זייער אַ שווערן קאָפּ. עס איז אים אָנגעקומען זייער שווער צו פאַרשטיין אַ בלאַט גמרא.

ווען אבא האָט נאָכאַמאָל געלערנט מיט לייבישן אינאיינעם, האָט אבא געקענט פון לייבישן נאַשן, וואָרים לייביש האָט אַ ליכטיקן קאָפּ אויף זיך. באַ לייבישן איז נישט געווען קיין שווער שטיקל גמרא. ער איז געשווומען אין דער גמרא מיט אַלע אירע מפרשים, ווי דער ברענענדיקער רייט־וואָגן שווימט איבער דעם הימל.

„לייביש איז שוין אָבער נישטאָ, האָט אבא געטראַכט. נישטאָ מיט וועמען צו לערנען. איצט מוז מען אויף די אייגענע פּלייצעס נעמען דעם שווערן זאַק“.

אבא האָט זיך באַטראַכט, אַז עס איז נישטאָ וואָס צו וויינען, אויף דעם, וואָס איז שוין פאַרלוירן געוואָרן, לייביש איז שוין אַ פאַרלוירענער. ער איז געזעסן איבער דער גמרא און פאַרעקשנט געזאָגט מיט אַ באַזונדערן, אים אייגנטימלעכן ניגון די ווערטער. ער האָט זיך איינגעביסן אין דעם שווערן אומפאַרשטענדלעכן זין פון די ווערטער, אַזוי ווי אַ האַק בייסט זיך אַריין אין אַ גאָזיעוואַטן שטיק האָלץ. ער האָט געפּרווט איינמאָל און

נאָכאַמאָל און נישט געקענט פאַרשטיין. האָט אבא זיך באַטראַכט, אַז עס איז בעסער אַזוי, מען באַדאַרף נישט פאַרשטיין. עס איז נישט געגעבן געוואָרן צו מענטשן, אַז זיי זאָלן פאַרשטיין. אבא האָט זיך געשאָקלט איבער דער גמרא און געזאָגט די ווערטער און זיך צונויפגעשמאָלצן מיט זיי און מיט יעדער וואָרט, איז ער ערגעץ אַוועקגעפלויגן און מיט אים געשוועבט און זיך אויסגעמישט מיט דעם אייביקן שטילן זשומעריי פון דער וועלט, מיט דעם דינעם אומבאַמערקבאַרן ציטער, וואָס פלאַטערט צווישן הימל און ערד פון אייביק אָן ביז אייביק.

אבאס טעג זענען געגאַנגען צו איין ענדציל. און דערדאָזיקער ענדציל, ווי אבאן האָט זיך אויסגעוויזן, איז זייער נאָענט. ער האָט אים געטראָגן אויפגעשריבן אויף זיין שטערן פאַר זיינע אויגן. קיין אַנדערע זאַך האָט אים נישט אָנגערירט.

יאָ עסן און נישט עסן, איז בא אים געווען גלייך. אויב ער האָט יאָ געגעסן איז דאָס געווען מן הסתם אַ צופאַל. אין הויז אַריין פלעגט ער זיך אַריינשאַרן ווי אַ שאָטן. זיין פּנים איז געווען שרעקלעך אויסגעמאָגערט און די האָר פון זיין ייִנגער שפּראָצנדיקער באָרד האָבן מאָדנע זיך געשאָטנט אויף זיין פּנים. אין זיינע אויגן האָט געברענט דאָס פייער פון אַ פייערדיקן רייט-וואָגן. אינדערהיים האָט ער נישט גערעדט מיט קיינעם. און אין גאַס איז ער געגאַנגען אָדער גאָר שפּעט באַנאַכט אָדער גאָר פרי אין מאָרגן. ער האָט אפילו מורא געהאַט צו גיין מיט איין גאַס. דאָס איז געווען יענע גאַס, ווו לייביש האָט געוווינט. מיט יענער גאַס איז ער קיינמאָל נישט געגאַנגען, וואָרים וואָס וואָלט ער געטון, ווען ער באַגעגנט זיך מיט לייבישן?

## 25.

אבא דער פריערדיקער איז אינגאַנצן אויפגעלעזט געוואָרן. עס איז אמאָל געווען איינער אַ מענטש אבא. וועלכער האָט געלערנט צו ביסלעך אין בית המדרש און בשעת ער האָט געלערנט גמרא מיט אַלע אירע מפרשים, האָט ער פּלוצלינג, אַליין נישט ווייסנדיק ווי אַזוי, אָנגעהויבן קויפן טריפהנע ביכלעך און אין זיי אַריינגעקוקט בגנבה; ביז ער האָט די ביכלעך אָנגעהויבן ליב צו האָבן און אין זיי זיך פאַרטיפט און אין דער גמרא נאָר לפנים אַריינגעקוקט, כדי צו ווייזן, אַז ער לערנט גמרא; אָבער דאָס גאַנצע לערנען איז דעמאָלט נישט געווען דער גאַנצער עיקר; דאָס לערנען איז נאָר געווען אַ שטיין, אָן וועלכן אבא האָט געשאַרפט זיין מוח; דער מוח האָט שוין דעמאָלט צו ביסלעך אָנגעהויבן שטומפּיק צו ווערן, דורכדעם, וואָס ער האָט געטון מסחר אויף דעם מאַרק-טאָג; און צוליב מסחרים אַנדערע, אין וועלכע אבא האָט זיך געמוזט אַריינלאָזן; אבא איז שוין געווען אַ בחור אין די יאָרן פון זעכצען און באַ אַזוינע יאָרן איז שוין נישט געווען קיין צייט זיך נאַריש צו מאַכן מיט לערנען; דאָס לערנען איז אויך געווען, כדי צו ווייזן דער וועלט, אַז מען איז נישט חלילה אַ ליידיקע כלה; און דער קאָפּ איז דעמאָלט געפלויגן ווייט, ווייט; אויב פּאַסאָלעס וועלן שטייגן אין זייער מקח; אויב ניס וועלן זיך טון אַ הייב; און דיניע-קערלעך וועלן ווערן אַ יקר המציאות און אָדעס און וואַרשע וועלן זיך טון אַ רוף אָפּ און וועלן זיך מטריח זיין קומען צו אבאן און באַצאָלן...

אָט דער אבא איז שוין אינגאַנצן אויפגעלעזט. ער איז שוין נישטאָ.

עס איז געבליבן אבא פון ריינע רוחניות. מען קען דאָס דרינגען פון דעם, וואָס אבא עסט זייער ווינציק און קערט זיך מיט קיינעם נישט אָן. נאָר אויב ער קערט זיך מיט קיינעם נישט אָן, לאָזט מען אים צורו און מען קוקט זיך אויף אים נישט אום. עס דרייט זיך אַרום איבער דער שטאָט אַ שאָטן פון אַן אויפגעלעזטן מענטש.

אויפלעזונג איז אָבער נאָך נישט דערלייזונג.

אבא ווייסט דעם טעם פון דעם.

ער האָט שוין געפרווט אַלע אין דער פרי די קאַלטע, גרויסע מקווה מיט דעם טיפן קוואַל וואַסער. ער קילט אָפּ דאָס גאַנצע לייב, אָבער ווען ער גייט אַרויס און טוט זיך אָן זיינע קליידער, באַפאַלט זיין לייב אַזאַ מין מאָדנע הייסקייט, וואָס בריט אַזויווי מיט הייסע שאַרפע נאָדלען.

וואָלט איצט ווינטער געווען; ווינטער מיטן ווייסן שניי.

איז אָבער אויף צולהכעיס גראָד אַזאַ שיינער פרילינג. יינגע זיב־ גענדיקע טעג, אַזוינע דינע, דורכזיכטיקע טעג. און די טעג וואַקסן פון דער ערד ביז צו דעם הימל העכער, גרעסער. און די זון וואַרעמט אַזוי ווי מיט הייסע שאַרפע נאָדלען. אומעטום איז פול מיט איר וואַרעמ־ קייט.

אבא גייט אַרום איבער די פעלדער. ער פילט, אַז די זון באַקט אים אויס, אַזויווי אַן אויוון באַקט אַ געבעקס ברויט. אבא שטרעקט זיך אויס אויף דער ערד און פילט, ווי ער ווערט איינגעדאַרט פון צופיל באַ ן זיך. גוט אַזוי! גוט אַזוי!

אבא קוקט זיך צו, ווי אַזוי דאָס גראָז וואַקסט פון דער ערד. פאַר ווינע אויגן ציט זיך דאָס שמאָלע, לאַנג־שפּיציקע בלעטעלע פון דעם דינעם שטאָם. אַלע טאָג ווערט דאָס בלעטעלע לענגער און אַז עס קומט צו אַ באַשטימטער לענג, טיילט זיך אָפּ פון דעמדאָזיקן בלעטעלע נאָך אַ קליין ברעקל בלעטעלע. די בלעטעלעך מערן זיך. דאָס פאַר־ מערונג.

עס ווערט אבאן אַזוי טרויעריק.

וואָס פאַר אַ קיום וואָלט די וועלט האָבן. ווען נישט די פאַרמערונג?

עס ווערט אבאַן אַזוי טרויעריק און ער הייבט זיך אויף און אַנטלויפט אין בית־המדרש אַריין. אין דרויסן איז אַזוי ליכטיק. קלאָר, אַז עס ווערט אבאַן כמעט זיכער, אַז עס איז נישטאָ קיין סוד אָדער פאַרבאַהאַלטנקייט אויף דער וועלט.

פאַרוואָס זשע אַנטלויפט ער פון דער ליכטיקייט?

אבא קאָן אַליין זיך נישט פאַרענטפערן, אָט דידאָזיקע שאלה. און ער קען זיך פון זיך אַליין נישט אויסלייזן. ער איז פאַרפּלאָנטערט און פאַרוויקלט אין אַ געוועב. עס איז אים נישט גוט.

און מאָדנע, עס איז דאָ צייטן, דאָס הייסט אַזוינע מינוטן, ווען עס איז אים זייער גוט; עס איז אים ווויל. צום ביישפּיל, ווען ער גייט אַרויס אין פעלד. גייט ער זיך אַזוי פאַרטראַכט; גייט דורך די גאַנצע גאַס; גייט דורך דאָס דאָרף; די הינט באַפאַלן אים און ער גייט און שוויגט; די הינט בילן און הערן אויף צו בילן און ער גייט זיך ווייטער אַ פאַרטראַכטער, ביז ער קומט ווייט צווישן בערג, טאָל און גראָז. די זון איז צעגאָסן איבער דעם גראָז, ליגט אַזוי ווי אַ גאָלדענער טייך אין טאָל; די זון, דאַכט זיך אים, איז איינגעשפּאַרט אַ מידע אין דעם ווייכן גראָזיקן באַרג. און דער הימל יאָגט ערגעץ אַוועק און עס לאָזט זיך נישט אויס. עס איז דאָ אַזוי פיל הימל. עס הייבט אָן אבאַן צו שווינדלען אין די אויגן פון אַזוי פיל הימל.

און ווער יאָגט דעם הימל איבער דער וועלט? און ווער האַלט די זון מיט איר בליצנדיקן אויג אַקעגן דעם פּנים פון דער ערד? און ווער האָט באַזאָרגט דידאָזיקע בערג און טאָלן? און ווער האָט אַראָפּגעשיקט דאָס שטילקייט אַהער?

עס איז אַזוי שטיל. און אבאַן איז גוט און ווויל.

עס געדויערט נישט מער ווי אַ רגע און אבאַן ווערט שלעכט. עס קומט אים פאָר, אַז עס איז זיין סוף; אַז עס איז אַ כוח צו דעם אַנטלויפן פון די הימלען און עס וועט באַלד די זון אויף אונטערגיין און באַרג מיט באַרג וועלן זיך באַהעפטן און דאָס גראָז וועט אָנהייבן צו שרייען און עס וועט זיין דער סוף.

און אבא אַנטלויפט פון דער ליכטיקייט.

אין בית המדרש איז קיינער נישטאָ. אַ ריח פון אַלטע ספרים און פון צעשמאָלצענעם חלב שטייט אין דער לופט צווישן די גרויסע פיר ווענט. די ליכטיקייט פון טאָג איז דאָ אויך אויסגעמישט מיט שאָטנס. דאָ האָט שוין אבא נישט מורא פאַר זיין סוף. ער זיצט איבער אַ ספר. די בלעטער פון ספר זענען באַשפריצט מיט חלב און באַטריפט מיט גרויסע טראָפּנס. עס קאָן זיין, אַז דאָס זענען טראָפּנס פון טרערן. ווער האָט אַריינגעוויינט אין די בלעטער פון דעם ספר?

אפשר איינער, אַזוינער ווי ער?

אבא איז אַזוי ווי פון שטיין אויסגעהאַקט. ער קאָן נישט וויינען. און אפשר דערפאַר טאַקע קאָן ער זיך נישט אויסלייזן.

ער פּרוּווט זיך פאַרטיפן אין דעם ספר.

ערגעץ מוז דאָ זיין אַ וועג, ווי אַזוי זיך אויסצולייזן, אין די ספרים מוז דאָך שטיין אָנגעשריבן ווי אַזוי אַ מענטש קאָן זיך אויס-לייזן.

אבא האָט געשאָלטן דעם טאָג, וואָס ער גייט אַוועק און עס ווערט נאַכט.

און באַנאַכט האָט ער געבענטשט דעם טאָג, וואָס ער קומט, און עס ווערט אויס מיט דער נאַכט.

די נעכט זענען אים געווען שווער אַריבערצוטראָגן.

ער האָט געטראַכט, אַז די נאַכט איז געגעבן געוואָרן צו דער וועלט אויסצופּרובירן די מענטשן. ווייל איז צו דעם, וועלכער שטייט אויף אַן אויסגעלייטערטער.

ווי איז אבאן, ווי.

נאַכט נאָך נאַכט ווערט ער מער זינדיקער.

אַ ווייס פאָרהענגל פון אַ באַלויכטן פענצטער און דער שאָטן פון אַ געשטאַלט איז זיין זינד.

אַ געוויין פון אַ קינד און דאָס ווייכע איבערבייגן זיך פון אַ מוטער איבער דעם וויגל איז זיין אָפּגרונט.

אבא זיצט ביז שפּעט אין דער נאַכט אין בית המדרש און גייט דערנאָך אַרויס אין דער פינצטערער נאַכט און ווייסט, אַז אים שלעפּט צו דעם באַלויכטענעם פענצטער מיט דעם פאָרהענגל דעם ווייסן. און ער זאָגט צו זיך אַליין: ניין, איך גיי נישט.

נאָר אַז ער גייט פאַרביי, בלייבט ער שטיין און קוקט אויף דעם ווייסן פאָרהענגל. זיינע האָר אויף זיין קאָפּ ווערן ווי שפּיזלען און זיין גאַנץ וועזן ציטערט אין פיבער. ער שטייט און וואַרט לאַנג, ביז עס באַווייזן זיך אויף דעם באַלויכטענעם פאָרהענגל צוויי שאָטנס פון אויסגעטאָקטע הענט.

דערנאָך ווערט דאָס ליכט אויסגעלאָשן און דאָס פאָרהענגל פינצטער. אבא בלייבט שטיין אַן צעפגעגנאַרטער; עס ווערט אים קאַלט; און אין האַלז באַ אים איז טרוקן; ער פאַרשעלט דידאָזיקע נאַכט; שעלט זיך אַליין, פאַרוואָס ער קאָן זיך נישט אויסלייזן פון דערדאָזיקער זינד. ווען ער קומט נאָכדעם אַהיים און לייגט זיך שלאָפן און אין הויז באַ זיי איז פינצטער, איז אים גוט, וואָרים, וואָס וואָלט ער געטון, ווען עס איז ליכטיק. עס איז גוט, וואָס אין הויז אין פינצטער און עס הערט זיך דאָס כאָרכלדיקע געזאַנג פון אַלעמענס שלאָף.

אויף דעם געלעגער ליגט אבא לאַנג מיט אָפענע אויגן. ער זעט קליינע, בלויע פליטערלעך אַרומשווימען אין דער פינצטערקייט. און אַז ער פרוווט פאַרמאַכן זיינע אויגן, זעט ער אַ גרויס וואַסער און נאַקעטע פרויען שווימען אַרום אין וואַסער. אבא חידושט זיך, ווי אַזוי דאָס קאָן אים קומען פאַר די אויגן. אָבער ער האָט הנאה פון דעמדאָזיקן בילד: אַ ברייטער טייך. דאָס וואַסער איז אָנגעצונדן מיט דער ליכטיקייט פון דער זון און נאַקעטע, שיין געטאָקטע פרויען וואַרפן זיך אין וואַסער און דאָס וואַסער צעשפּריצט זיך אין ווייסער שוים.

אבא שלאָפט דערנאָך מיט אַ שווערן שלאָף און שטייט אויף אינדערפרי און לויפט זיך טובלען אין דער קאַלטער, טיפער מקווה פון שטאָטישן באָד, און שוין צום ווילפטן מאָל זאָגט ער זיך אַליין צו, אַז פון איצט אָן וועט ער זיך שוין קענען האַלטן ריין.

ער זונדערט זיך אָפּ וואָס מער פון מענטשן — דאָס גיט אים דעם גלויבן צו זיין ריין. ער מיינט, אַז מענטשן נעמען איבער זינד פון אַנדערע מענטשן.

ווי ווייט מעגלעך האַלט זיך אבא פונדערווייטנס פון אַנדערע מענטשן.

ער דאַוונט און זאָגט די ווערטער זייער פּאַוואָליע און האָט נאָר איין כוונה באַ יעדער וואָרט, אַז ער מוז ווערן ריין און ער רעדט, ווי

אים דאַכט זיך, מיט דעם, וואָס ער האָט באַשאַפן די וועלט און האָט צו אים אַזוי פיל צוטריט און פילט זיך צו אים אַזוי נאָענט.

און אַזוי ווי אבא איז געווען פאַרנומען מיט זיין וועלט און פאַרגעסן אינגאַנצן אָן זיין חבר לייבישן, אַזוי איז אויך לייביש אַוועקגעגאַנגען אין נייע וועגן און אויך פאַרגעסן אָן זיין חבר אבא.

לייביש האָט זיך אָנגעהויבן לערנען. עס האָט נישט אויסגעמאַכט, וואָס ער האָט געלערנט, אַבי ער האָט געהאַט דאָס באַוווסטזיין, אַז ער לערנט. זיין מוטער האָט געקוואָלן. זי האָט אים שוין באַצייטנס גערופן: „מיין אַריסטאָקראַט". דערפון האָט לייביש זייער פיל הנאה געהאַט. אין שטעטל איז אין יענער צייט אַראָפּגעקומען אַ ייד, אַ מאָדנער דווקא, מיט אַ ווייב און מיט אַ פולער שטוב מיט קינדערלעך און דערצו איז ער געווען אַ גרויסער אָרעמאַן, אָבער דאָס האָט אים, דעמדאָזיקן ייד, נישט געשאַדט צו זיין אַ מאָדנער.

דעמדאָזיקן יידס מאָדנעקייט איז באַשטאַנען, ערשטנס, אין דעם, וואָס ער האָט זיך געפירט זייער ניי און געקליידט זייער ניי; צווייטנס, האָט ער פאַרמאָגט אַ גרויסע שאַפע מיט ביכער, וועלכע ער האָט געליגן יעדן, ווער עס האָט נאָר געוואָלט לייען ביכער; דריטנס איז ער געוואָרן אַ מאָדנער מלמד; געלערנט מיט די קינדער, זיינע תלמידים, אָן אַ היטל. פאַרשטענדלעך, אַז די תלמידים האָבן אויך געלערנט אָן היטלען; פערטנס, האָט ער געהאַט אַ געהיימע מיסיע פאַרן שטעטל. דידאָזיקע מיסיע האָט ער געבראַכט און האַלט זי באַהאַלטן אין זאַק; מיט קיינעם נאָך פון דעם פּלאַן זיינעם נישט גערעדט. אָבער אין דעמדאָזיקן ייד, וועמען מען האָט אין שטעטל באַלד געגעבן אַ צונאָמען „מעטאָדעניק", איז געווען צוציונג. ער האָט געצויגן צו זיך די יוגנט פון שטעטל.

לייביש איז אויך געקומען צו אים און איז באַלד צום „מעטאָדעניק" צוגעוואַקסן געוואָרן. כאָטש ער האָט באַדאַרפט אַ סך מאָל רויט ווערן אין זיינע הענט האָבן געשוויצט, ווען יענער האָט מיט אים געשמועסט פון ביכער און פון דער וועלט. לייביש האָט באַלד אָפנהערציק צוגעגעבן: „אָ, דאָס בוך, נישט געלייענט; פונוואַנען זאָלן מיר דאָ געווען וויסן". דאָס וואָרט „דאָ" האָט לייבישן געראַטעוועט.

דער „מעטאָדעניק" האָט באַלד געעפנט זיין שאַפע מיט ביכער,

לייביש האָט זיך דערשראָקן. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט ער געזען אַזוי פיל ביכער. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער וואָלט נישט נאָר אין זיין לעבן, נאָר ווען ער לעבט צוויי מאָל, נישט געקאָנט איבערלייענען אַזוי פיל ביכער. לייביש באַטראַכט דעם „מעטאָדעניק" און אין יענעמס גרויסן שטערן און אין זיינע אויסגעקראָכענע האָר אויף דעם פאָדערשטן טייל פון קאָפּ האָט לייביש געזען, אַז דערדאָזיקער מענטש האָט טאַקע איבערגעלייענט אָט די אַלע ביכער.

וווּנדערלעך, ווי דאָס האָט נישט אויסגעוויזן לייבישן, האָט ער זיך אָבער נאָך מער געווונדערט, וואָס אַזאַ מענטש איז פאַרוואָרפן געוואָרן אַהער „דאָ".

לייביש האָט זיך דערווייל אויסגעקליבן אַ בוך. אַהיימגייענדיק האָט ער דאָס בוך געטראָגן מיט גרויס דרך ארץ און געבענטשט דעם, וואָס פירט די וועלט, דערפאַר, וואָס ער פירט אַזוי, אַז אַזאַ מענטש מיט אַזוי פיל קענטניש און מיט אַזוי פיל ביכער איז געשיקט געוואָרן אַהער „דאָ".

אין דעם אייגענעם טאָג האָט לייביש באַגעגנט נאַקמאַנען און אים דערציילט, אַז ער איז געווען בײַ דעם „מעטאָדעניק" און אַז יענער האָט אַ סך ביכער און אַז יענער האָט אויך אים געגעבן אַ פּלאַן צו עפענען אַ ביבליאָטעק אין שטעטל.

נאַקמאַן האָט שוין געהערט פון דעם „מעטאָדעניק", און דער פּלאַן פון דער ביבליאָטעק איז אים אויך געפעלן געוואָרן. כאָטש אינעווייניק בײַ זיך האָט נאַקמאַן נישט געגלייבט אין דעם פּלאַן. ער האָט אָבער מיט לייבישן נישט געוואָלט איצטער זיך אַריינלאָזן אין אַ דיסקוסיע. ער האָט דערפאַר געפרעגט לייבישן, ווי אַזוי עס גייט אים איצט אינדערהיים און עפּעס דערבײַ זייער פיל געקוקט אויף לייבישן פון אַ ווינקל פון זיינע אויגן. דערפון איז לייבישן געוואָרן נישט היימלעך.

עס האָט זיך לייבישן אויסגעוויזן, אַז נאַקמאַן קיקט אויף אים, כדי צו זען, ווי אַזוי ער, לייביש, האָט זיך געביטן. אָבער דאָס איז נישט געווען אמת. נאַקמאַן האָט גאָר וועגן אַן אַנדערער זאַך באַטראַכט איצט לייבישן. נאַקמאַן האָט נאָך אַליין נישט געוווּסט, ווי אַזוי דידאָזיקע זאַך אָנצורופן.

אָדער אפשר האָט ער נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן צו זיין איי־

גענעם באַוווּסטזיין, אַז דאָס איז די זאַך. ער האָט אָבער זייער פיל גע־ליטן פון דערדאָזיקער זאַך. עס איז פּשוט באַשטאַנען פון צוויי ווערטער „לייביש און דינה". די דאָזיקע צוויי ווערטער האָבן נאַקמאַנען נישט גע־געבן קיין רו.

נאַקמאַן האָט אָבער געקעמפט מיט זיך. דאָס איז אמת. ער האָט געקעמפט און נישט דערלאָזט צו זיך דעם געדאַנק, אַז ער האָט מיט וואָס צו קעמפן. ער איז געווען צו שטאָלץ, אַז ער זאָל אַזאַ זאַך מודה זיין. איצט בײַ זײַן באַגעגעניש מיט לייבישן האָט ער אים גוט באַטראַכט און צו זיך אַליין אַ טראַכט געטון: „עס קאָן נישט זיין".

ער האָט געפרעגט לייבישן, פאַרוואָס מען זעט אים נישט. פאַרוואָס ער קומט נישט אַריבער. פאַרוואָס ער קומט נישט אַריבער צו די גאָלד־שטיינס.

לייבישס פּנים האָט זיך געוואָלקנט. לייביש האָט מיט אַלע זיינע כּוחות איינגעהאַלטן אין זיך די אומרויקייט, וואָס האָט אין אים אויפגע־רירט דער נאָמען פון דינה גאָלדשטיין. ער האָט צוגעזאָגט נאַקמאַנען אַריבערצוקומען צו אים אין צימער און געבעטן נאַקמאַנען ער זאָל העלפן עפענען די ביבליאָטעק.

— מיט לייב און לעבן — האָט נאַקמאַן געזאָגט — אָבער איך בין אַזוי ווי אויף דער פור. היינט דאָ און מאָרגן, איר ווייסט ווו. איך האָב שוין די פּאַפּירן.

— וואָס פאַר אַ פּאַפּירן? — האָט לייביש געפרעגט.

— וועגן דער פרייער ערד — האָט נאַקמאַן געענטפערט און אַרויס־גענומען פון בוזעם־קעשענע אַ לאַנגן קאָנווערט מיט פּאַפּירן — אָט דאָס זענען זיי. פאַר איטלעכן אַ פּאַפּיר, און פאַר איטלעכן אַ שטיק פרייע ערד. פאַרוואָס פרייט איר זיך נישט? פרייע ערד! נו, זייט געזונט. איך מוז לויפן. נישטאָ קיין צייט. קומט אַריבער, וועל איך מיט אייך צוגיין זיך באַקענען מיט דעם „מעטאָדעניק".

נאַקמאַן האָט זיך געזעגנט מיט לייבישן, און דערביי אים געטון אַ שטאַרקן קוועטש די האַנט.

נאַקמאַן איז געלאָפן זוכן אברהמען. איז געוואָרן אין כּעס פאַרוואָס ער קאָן אים נישט געפינען. ווען מען דאַרף אים נישט, שטופּט ער זיך

אין די אויגן און איצט, אַז מען באַדאַרף אים, איז ער נישטאָ. נאָך לאַנג זוכן האָט אים נאַקמאַן געפונען אין שענק.

אברהם האָט זיך אָפּגעווישט די ליפּן, בשעת ער האָט דערזען נאַק־מאנען און אַזוי ווי ער איז געווען שכור, איז ער באַלד אַרויפגעפאַלן אויף נאַקמאנען און אים אָנגעהויבן צו קושן מיט גליטשיקע ליפּן אין האַלז אַריין.

נאַקמאַן האָט קוים אָפּגעטריבן אברהמען פון זיך, אויף אים אָנגע־שריגן, פאַרוואָס ער האַלט נישט דאָס צוגעזאָגטע, אַז ער וועט מער נישט טרינקען.

— די פאַפּירן זענען שוין דאָ — האָט נאַקמאַן אויסגעשריגן — און מען באַדאַרף רופן די יידן, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן אויף אַן אסיפה און דו טרינקסט!

— די פאַפּירן! — האָט אברהם געזאָגט און אַראָפּגערוקט דעם גלאַנצעדיקן דאַשעק איבער זיין שטערן — נו, דאַרף מען דאָך ערשט אַצינד כאַפּן אַ גלעזל.

— נישט איצט. פריער רוף די יידן.

— רוף! — האָט זיך אברהם געריבן זיינע אויגן און איבערגעזאָגט דאָס וואָרט „רוף" עטלעכע מאָל און וואָס מער ער האָט זיך געריבן זיי־נע אויגן, איז ער ניכטערער געוואָרן — איך וועל זיי רופן. אויב נישט איך, ווער דען וועט זיי רופן. אַ רוח אין זייער טאַטן! איך וועל זיי רופן. אָבער ווען וועט זיין די אסיפה?

— שבת־צו־נאַכט, באַ ישראל גאָלדשטיין אין הויז.

נאַקמאַן האָט נאָכגעקוקט אברהמען, ווי יענער איז אַוועק איינגע־בויגן אינצווייען און ווי אַזוי זיינע פיס אין די שטיוול האָבן געשפּאַנט מיט גרויסע שפּאַן, פּונקט ווי ער, אברהם, וואָלט דאָ גענומען אויף זיינע פּלייצעס אַ שווערע משא. דידאָזיקע משא, ווי נאַקמאַנען האָט זיך אויס־געוויזן, איז גאָר געבליבן באַ אים אַליין. נאַקמאַן האָט זיך דערפילט אַזוי שווער, ווי קיינמאָל אין זיין לעבן. ער איז געשטאַנען אַ צעמישטער, נישט געוווסט, וווהין פריער צו גיין.

ער האָט זיך געוווּנדערט, פאַרוואָס ער פילט זיך אַזוי. וואָרים ער האָט זיך גאָר אויך באַדאַרפט פרייען מיט דעם אָנקומען פון די

פאַפירן. ער האָט זיך טאַקע מיט זיי געפרייט. אָבער גאָר פלוצלינג אַזאַ שווערע משא.

אינדרויסן איז געווען שיין. איבער דעם הימל האָבן געצויגן גרינגע, דורכזיכטיקע וואָלקנס. דידאָזיקע וואָלקנס האָבן ערגעץ געצויגן אַזויווי ווייסע גענז מיט צעשפּרייטע פליגל. זיי האָבן זיך אָנגערירט אָן דער וואַרעמער זון און אַנטלאָפן ווייטער שיטערער און געוואָרן און פאַרשווונדן פון דעם אויג. אַ גרינג ווינטל האָט געבלאָזן און זיך אָפגערוט און ווידער געטון אַ בלאָז. אַלע מאָל האָט דאָס ווינטל געבראַכט אין זיינע גרינגע דורזיכטיקע פליגל דעם ריח פון אַלערליי זאַכן. דאָס ווינטל האָט געברענגט דעם געשמאַקן ריח פון פריש געבאַקן ברויט; אָדער עס האָט אַ שלאָג געטון אין פנים אַריין מיט פריש איבערגעקערטער ערד פון די צעאַקערטע פעלדער; אָדער עס איז אָנגעקומען אַ קילער ריח פון קוואַלוואַסער; אָדער עס איז אין דער לופט געשווימען דער שטויב פון די בליענדיקעביימער; אָדער דער ריח פון דעם זויערן בוימענזאַפט; אָדער דאָס ווינטל האָט זיך דורכגעכוואַליעט דורך די גרין-גרינע גראָזן און געבראַכט זייער גרין-גרינעם דופט.

דער האָריזאָנט איז געווען ווייט, ווייט אויפגעעפנט. דער הימל האָט זיך אויפגעהויבן הויך, העכער פון די בערג. ליכטיקייט און ברייט האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן פון אַלע זייטן. די דעכער פון די שטובן האָבן געבליאַסקעט אַזויווי אָפגעליישטע מיט זון גאָלד און די ווענט פון די שטובן אויסגעבאַקענע, ליכטיקע און אָפגעווייסטע מיט זון-ליכט.

און נאַקמאַנען איז גאָר איצט אַזוי שווער, אַזאַ משא איז אים באַפאַלן, אַז ער האָט זיך קוים דערשלעפט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז באַלד גייט אים אויס זיין נשמה. און עס איז אין אים גאָרנישט געווען קיין ברעקל ווידערשטאַנד. פאַרקערט, עס איז געווען גוט, וואָס זיין נשמה גייט אים אויס.

נאַקמאַן איז אַזוי געלעגן אַ ביסל אויף זיין בעט. זיין נשמה, ווי ער האָט געזען, איז אים נאָך נישט אויסגעגאַנגען. ער האָט פון זיך אַליין געלאַכט. געפרוווט זיינע פיס און זיינע הענט. גוט. זיי קאָנען נאָך דינען. וואָס פאַר אַ קאָמישער מענטש.

נאַקמאַן האָט זיך אַליין געגעבן אַן איינטאָגיקן קאַניקול. היינט וועט ער שוין נישט גיין אויף זיינע לעקציעס.

ער איז אויפגעשטאַנען פֿון בעט און אַראָפּגענומען דעם קאָלנער מיטן שניפּס און זיך געוואַשן דאָס פּנים. אינמיטן וואַשן האָט ער זיך באַ־רעכנט, אַז ער וועט זיך בעסער פריער אָפּגאָלן. ער האָט אַרויסגענומען זיינע גאָל־כּלים און זיך פריער איינגעזייפט זיין פּנים און דערנאָך געגאָלט. אָפּגעגאָלט איין באַק און שוין זיך דערפילט ווי אַ נייער מענטש. ער האָט גע־טון אַ ריר אָן מיט זיינע פינגער די אָפּגעגאָלטע באַק און האָט זיך מחיה געווען מיט דער צאַרטקייט פון זיין הויט.

נאַקמאַן האָט גאָלנדיק זיך דאָסדאָזיקע מאָל, גאָרנישט צעשניטן, ווי זיין געוווינהייט איז געווען. „גאָרנישט צעשניטן", — האָט נאַקמאַן זיך אינערלעך געפרייט — „עס איז אַ גוטער סימן. עס איז אַ גוטער סימן".

ער האָט זיך גיך געוואַשן און מיטן קאַלטן וואַסער געגלעט זיין גלאַט, צאַרט געזיכט. ער האָט אפילו נישט וויסנדיק פאַרוואָס אָנגעהויבן צו זינגען. געזונגען האָט ער מיט אַ באַס און דערביי מיט זיין פּנים גע־קרימט אַזוי ווי ער וואָלט זיך געקליבן וויינען. אָבער דאָס האָט אים נישט איבערגעשלאָגן, אַז זיין געמיט זאָל נישט זיין גרינג און לוסטיק. ער האָט געזונגען אַ ליד, וואָס ער איז תּמיד געווען געוווינט צו זינגען און וועל־כעס איז פון אים תּמיד געזונגען געוואָרן מיט אַן אַנדערן מאָטיוו. אי דאָס ליד און אי די ווערטער זענען געווען פון זיין אייגענעם אימפּולס געשאַ־פענע. ער האָט איצט אַזוי הויך געצויגן די טענער און דערפילט אַזאַ דערהויבנקייט, אַזש פּשוט ער האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט די ווערטער.

נאַקמאַן האָט באַדאַרפט אָפּטון אַ סך אַרבעט ביז צו דער פאַרזאַמ־לונג און כאָטש די צייט איז געווען אַ קורצע און די אַרבעט האָט באַ די בעסטע אומשטענדן נישט געקאָנט אָפּגעטון ווערן, פונדעסטוועגן האָט נאַק־מאַן איבערגעלאָזט דידאָזיקע אַרבעט ביז צו דער לעצטער מינוט.

ער איז איצט אַרויס אינדרויסן און איז געלאָפן דעם באַרג אַראָפּ פון זיין קוואַרטיר און אפילו אונטערגעשפּרונגען אַזוי ווי קליינע ייִנגלעך שפּרינגען אונטער בשעת זיי לויפן באַרג אַראָפּ.

ווען ער איז אַריינגעקומען צו די גאָלדשטיינס אין הויז, האָט אים דינה באַגעגנט מיט פאַרווונדערונג און נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס עס איז געשען מיט נאַקמאַנען.

— איך האָב זיך אַליין געגעבן אַן איינטאָגיקן קאַניקול, דינה.

— וואָס פאַר אַ חגא איז היינט? — האָט דינה געלאַכט.

— עס געוועגדט זיך באַ וועמען — האָט נאַקמאַן פרייִלעך און ענערגיש געזאָגט — באַ מיר איז היינט אַ גרויסער טאָג.

— איר מיינט די פּאַפּירן מיט דער פרייִער ערד.

— דעם יום טוב איז נאָך פרי צו פּראַווען. דעם יום טוב וועלן מיר פּראַווען, ווען מיר וועלן קומען אויף דעם אָרט און זיך דאָרט באַזעצן.

— אַזוי, גלאַט, אַ חגא — האָט דינה באַמערקט. זי האָט, דאָס זאָגנדיק צונויפגעלייגט אירע הענט און זיי אַנידערגעלייגט אַ ביסל נידעריקער פון אירע שיין אויסגעוואַקסענע ברוסטן. זי האָט אויסגעזעען אַזוי אומשולדיק אין נישט געפילט די קלענסטע אַנונג פון דעם, וואָס עס וועט דאָ באַלד צווישן איר און נאַקמאַנען פּאַרקומען.

אַלנפאַלס, האָט אַזוי נאַקמאַן דעם באַשייד פון אירע אויגן אויסגעטייטשט. ער האָט אפילו נאָך צייט געהאַט צו טון אַ טראַכט, אַז עס וואָלט גוט געווען, ווען זי, דינה, איז אָנגעגרייט. עס וואָלט אים געווען גרינגער מיט איר צו רעדן, כאָטש ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסשטאָטיקן און עס האָט אים זיין האַרץ גאָרנישט געשראָקן, אָבער עס גייט אים דורך אַ ציטער אין אַלע זיינע ביינער און עס וועגט אויף אים אַ שווערע משא און שלעפּט אים אַראָפּ ביז צו דער ערד.

נאַקמאַן האָט געזאָגט צו דינהן:

— איך וואָלט וועלן מיט אייך זיין אויג אויף אויג.

— עס איז קיינער דאָ אין שטוב נישטאָ — האָט דינה, אַזויווי אויפגעציטערט פון שרעק, געזאָגט — וואָס איז דען?

נאַקמאַן האָט דערפילט, אַז ער איז שרעקלעך נאַריש און אין דער אייגענער צייט איז ער געוואָרן זייער ליידנשאַפטלעך. פאַר דעמדאָזיקן געפיל, וועלכעס ער האָט אָפּט איבערגעלעבט אין דער אָנוועזנהייט פון דינהן, האָט ער זיך געשעמט.

נאַקמאַן האָט דערפילט, אַז זיינע אויגן זענען געוואָרן אָנגעגאָסן מיט הייסן בלוי און ער האָט נישט געוווסט, ווו דידאָזיקע אויגן זיינע צו באַהאַלטן. וווהין ער האָט זיינע אויגן געטון אַ קער, האָט ער זיך באַגעגנט מיט דינהס אויגן.

און ער איז אַזוי נאַריש. זיין מויל קאָן זיך קוים עפענען, די ווערטער זענען אַנטלאָפן פון אים. און דינה שטייט אַקייגן אים און זי איז

אַ וי קלוג, זי נעמט אים דורך מיט אירע קלוגע, פּלוצלינג קלוג געוואָרענע אויגן. עס איז שוין פאַרפאַלן. אָנגעהויבן און מען דאַרף ענדיקן. וואָס גי־כער, וועט זיין בעסער.

— איך קלויב זיך שוין לאַנג מיט אייך אָפּנהאַרציק — האָט נאַק־מאַן אָנגעהויבן מיט אַ ציטערדיקער, נישט זיכערער שטימע — אָבער דאָ וועט מען אונז איבערשלאָגן.

— און אויפן גאַנעק וועט זיין גוט ? — האָט דינה אויסגע־זונגען.

— בעסער ווי אין מיטן שטוב.

— איך בעט אייך איבער. עס איז נישט מיין שולד, אַז איר שטעלט זיך אַוועק אין מיטן שטוב — קומט אַרויס אויפן גאַנעק וועט אייך קיינער נישט איבערשלאָגן — האָט דינה, ווי עס איז געווען צו באַמערקן, געשפּילט מיט רויט בלוט אויף איר ברייט, קאָרן־ברוין פּנים.

דינה האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער לאַנגער באַנק פון גאַנעק און נאַקמאַן האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן גאַנעק. מיט זיין פּנים איז ער גע־שטאַנען אַקעגן דינהן און נישט געקאָנט זען, וואָס עס טוט זיך אויף דער גאַס באַם הויז.

נאַקמאַן האָט אָבער געקאָנט באַמערקן אַזעלכע קלייניקייטן, ווי אַ שטייגער דאָס צופליען פון אַ שוואַלב צום געזימס פון הויז אונטערן דאַך. און אַז די שוואַלב האָט זיך געשראָקן פאַר דעמדאָזיקן פּאָר אויפן גאַנעק. אויך האָט נאַקמאַן באַמערקט, אַז אויפן ווינקל פון הויז ליגט אַ קרומער אויסגעשניטענער פּאַס זון־שיין.

נאַקמאַן האָט אָנגעצונדן אַ ציגאַר טיטון און, אַוועקטרייבנדיק דעם רויך מיט זיינע הענט, האָט ער אָנגעהויבן:

— איר, ווילט זיך מיר גלויבן, האָט באַמערקט, אַז איך בין צו אייך שוין פון לאַנג אָן נישט גלייכגילטיק. איך בעט אייך, דינה, מיך לאָזן רעדן, ביז איך וועל ענדיקן און דערנאָך וועט איר קענען ענטפערן מיט איין וואָרט. זאָגט איר מיר צו ?

— אפשר קאָן איך אייך בעטן זיצן.

— ניין, איך דאַנק. איך וויל שטיין, אָבער זאָגט מיר צו.

— מיט פיל דרך ארץ, זאָג איך צו — האָט דינה דאָס מאָל געוואָגט קוקנדיק ערגעץ ווייט.

— יאָ, אַזוי ווילט זיך מיר גלויבן, אַז איר ווייסט פון מיינע געפילן צו אייך — האָט נאַקמאַן ווידעראַמאָל אָנגעהויבן. זיין טאָן איז געווען זייער אַ האַרציקער און זיין קול האָט געציטערט — איך זאָג, אַז מיר ווילט זיך גלויבן. דאָס איז נאָר אַקייגן דעם געזאָגט, וואָס איך ווייס נישט ווי איך האַלט מיט אייך. וואָרים מיט מיר אַליין בין איך שוין לאַנג פאַרטיק. פון מיין זייט איז אַלץ פאַרענדיקט און איך קאָן מיר גאָרנישט פאָרשטעלן, אַז עס זאָל זיין אַנדערש. איז דערפאַר, ווי איך זאָג, אַז מיר ווילט זיך גלויבן, מיין איך דערמיט אויסצודריקן מיינע איינדרוקן, אויבנאויפיק פאַרשטענדלעך, וועגן אייערע אויסערלעכע באַציונגען צו מיר. אין קורצן: איך האָב נאָך אַ רויקן און וואַכזאַמען אַנאַליז פון אייערע באַוועגונגען און האַלטונג אין מיין אָנוועזנהייט זיך געשאַפן אַן אילוזיע. עס איז מיין רעכט, אַ מענטשלעך רעכט, איך זאָל מיר שאַפן אילוזיעס. און איך האָב מיר גענומען די אייגענע מענטשלעכע רעכט, ווען די צייט איז געקומען צו רעאַליזירן דידאָזיקע אילוזיעס. איך וויל איר זאָלט מיך פאַרשטיין, ווי אַ מענטש פאַרשטייט אַ מענטש. איך בין עלטער פון אייך, דינה. איר האָט די מעלה פון דעם, וואָס איר זענט יינג. איך האָב אָבער די מעלה פון איינעם, וואָס האָט שוין געזען די וועלט. און וואָס איז צען יאָר אין דעם אָנגעזיכט פון אייביקייט. מיר זענען ביידע מענטשן. אונזער לעבן איז נישט אייביק. איך שווער אייך אָבער, אַז איך בין פול מיט לעבן. איך האָב אייך ליב. דאָס איז איינפאַך און איך וואָלט אפשר נישט באַדאַרפט דאָ פאַר אייך האַלטן אַ גאַנצע דיסערטאַציע. פאַרשטענדלעך, אַז איך בין שולדיק. און אפשר אומשולדיק אין דעם שטייגער. אָבער איך זאָג אייך אָפנהאַרציק און פשוט, אַז איך ליב אייך און באַ מיר וועט איר געפינען אייער גליק, אמן.

דינה איז געווען מיט אירע אויגן ערגעץ ווייט. דאָס, וואָס נאַקמאַן האָט גערעדט, האָט זי יאָ געהערט און נישט געהערט. וואָרים אינדערמיט פון נאַקמאַנס רעדן איז איר גאָר פאָרגעקומען לייביש אַ לעבעדיקער, ווי אַזוי זי מיט אים זענען געשטאַנען אין קעלער און ווי אַזוי זיי גיבן זיך איינס דאָס אַנדערע אַ שבועה נישט צו דערציילן קיינעם.

דינהן איז אויסגעקומען זייער קאָמיש נאַקמאַנס לאַנגע רעדע און

זיינע ליטעראַרישע ווערטער, כאָטש זי האָט נישט געקענט אָפּלייקענען, אַז ער איז זייער עכט, נאַקמאַן, אַזוי, ווי נאַקמאַן איז.

דינה האָט אויך נישט געקאָנט אָפּלייקענען, אַז זי איז מיט עפּעס צוגעבונדן צו נאַקמאַנען. פּאַר אַ שטיקל צייט האָט זיך איר געדאַכט, אַז ליביש האָט אויפגעבונדן דעם קניפּ צווישן איר און נאַקמאַנען. אָבער איצט פילט זי, אַז עס איז נישט אמת. זי איז נאָך צו נאַקמאַנען צוגע־בונדן.

אָבער וואָס זאָל זי טון?

נאַקמאַן שטייט דאָ פאַר אירע אויגן און עס קאָן זיין, אַז ער לייענט אַרויס פון אירע אויגן דאָס, וואָס זי טראַכט.

נאַקמאַן האָט זיך אָנגערופן:

— וואָס זאָגט איר, דינה? — און באַלד, ווען ער האָט דאָס גע־זאָגט, האָט ער דערפילט, אַז ער איז נאַריש ווי אַ פּראָבקע. און וואָס איז מיט אים אַזוינס געשען? וווהין איז זיין וואַרעמקייט אויסגעוועפּט גע־וואָרן?

— יאָ.

דינה האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, וואָרים דאָס וואָרט „יאָ" האָט ערשט פאַרענדיקט דאָס, וואָס זי האָט געטראַכט און זאָגן האָט זי גע־וואָלט עפּעס אַנדערש.

נאָר נאַקמאַנען האָט, ווייזט אויס, זיך איצט טאַקע אויסגעוועפּט. זיינע קלוגע אויגן זענען איצט געווען איבערגעצויגן מיט אַ דינעם הויך. ער איז געווען גייסטיק אויסגעשעפּט און אין זיינע אויערן האָט געקלונ־גען איינס און דאָס זעלבע: „נאַקמאַן, דו ביסט אַ נאַר". ער האָט זיך איצט געפילט, אַזויווי ער וואָלט געהאָנגען אויף אַ האָר איבער דעם אָפּגרונט פון אַ טיפן ים. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם וואָרט „יאָ".

— איך האָב אייך ליב און איר מיך אויך. גיט מיר אייער האַנט, דינה — האָט נאַקמאַן געזאָגט און זיך אָנגעבויגן צו דינהן.

זי האָט אים געגעבן איר האַנט, וועלכע נאַקמאַן האָט מיט ביידע הענט אַרומגענומען און דידאַזיקע האַנט מיט אַ לייכטער אָנרירונג אַ קוש געטון. דינה האָט שוין נישט געקאָנט זאָגן דאָס, וואָס זי האָט פריער גע־וואָלט זאָגן.

זי האָט בעסער חשק געהאַט צו לאַכן און זיך קוים איינגעהאַלטן. וואָרים זי האָט נאָך אַ ביסל דרך ארץ פאַר באַקמאַנען. אינעווייניק באַ זיך איז זי געווען גרויס באַ זיך, וואָס נאַקמאַן שטייט איצט באַ אירע פיס און זי האָט פונדעסטוועגן אויך אָנגעהויבן רחמנות צו האָבן אויף אים.

## 26.

דעמדאָזיקן אָוונט האָט נאַקמאַן נישט אָנגעצונדן קיין ליכט.

ער איז צוריקגעקומען אין זיין צימער פון גאָלדשטיינס הויז, נאָכדעם ווי ער האָט זיך דערקלערט אין ליבע מיט דינהן. און אַ שווערער, מיט זיין גאַנץ אָנטועכץ זיך אַוועקגעלייגט אויף זיין בעט. ער האָט פאַרמאַכט זיינע אויגן און איז געלעגן מיטן פנים אַרויף צו דער סטעליע. מיט זיינע ביידע הענט פאַרוואָרפן איבער זיין קאָפּ, האָט ער זיך אָנגעהאַלטן אין דעם צוקאָפּנדיקן ווענטל פון בעט. אין זיינע שלייפן האָבן צוויי העמערלעך געקלאַפּט און דאָס גערויש פון בלעטער אין אַ וואַלד האָט נישט אויפגעהערט אין נאַקמאַנס קאָפּ.

ער האָט זיינע אויגן צוזאַמענגעדריקט און נאָכאַמאָל איבערגעגאַנגען איבער יעדער קלייניקייט פון דער סצענע צווישן אים מיט דינהן.

איצט איז שוין פאַרפאַלן. ער האָט אָפּגעטון זייער אַ נאַרישע זאַך, דאַכט זיך אים, דאָס נאַרישסטע אין זיין לעבן. און ער קאָן שוין גאָרנישט צוריקנעמען. אים האָט זיך איצט פאָרגעשטעלט ווי דינה זיצט דאָרט אין איר חדר מיט איר מאַמען און דערציילט פאַר איר אַלץ און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער הערט ווי אַזוי ביידע פרויען לאַכן פון אים.

— אָ, איר פרויען! — האָט נאַקמאַן אויסגעשריגן — אָ, איר פרויען!

בשעת ער האָט אויסגעשריגן צו זיך אַליין „אָ, איר פרויען!", האָט ער זיך אפילו נישט געטון קיין ריר פון אָרט, ווייל איצט איז נאַקמאַן כמעט ווי אַרויסגעשיילט געוואָרן פון זיין גוף. זיין גוף איז זיך געלעגן רויק. אָבער דער אינעווייניקסטער נאַקמאַן, דערדאָזיקער, וועלכן נאַקמאַן האָט אַליין אויך נישט געקענט, האָט זיך אַליין איצט געמשפּט. עס איז נישט געווען קיין רחמנות פאַר דערדאָזיקער שעה פון רעכענונג.

יעדעס וואָרט, וואָס נאַקמאַן האָט געזאָגט דינהן, איז איצט אויפגעשטאַנען אין זיין, נאַקמאַנס, פאָרשטעלונג. און זיי זענען געווען אַזוי באַריש, אָט דידאָזיקע ווערטער.

„דינה, איר האָט די מעלה, וואָס איר זענט יינג".

יאָ, ער האָט צו איר אַזוי געזאָגט. פרעגט ער זיך איצט, ווי אַזוי האָט ער אַזאַ „טרין טראַוואַ" געקאָנט זאָגן.

אמת, דינה איז יינג. דינה איז יינגער פון אים.

ווי דינה קאָן דאָס איצט לאַכן פון אים.

„איך שווער אייך, אַז איך בין פול מיט לעבן".

יאָ, יאָ, דאָס האָט ער געזאָגט דינהן.

קאָמיש.

אַזוינע ווערטער זאָגט מען נישט.

אויב אַ מענטש איז פול מיט לעבן, באַדאַרף ער יענעם נישט דערציילן דערפון. מען זעט שוין, אַז ער איז פול מיט לעבן.

ווי אָפּגעלעבט נאַקמאַן מוז זיין.

— נאַקמאַן, ביסט שוין אַלט! — האָט נאַקמאַן ווידער אויסגעשריגן צו זיך אַליין און זיין גוף האָט זיך אפילו נישט געטון קיין ריר.

נאַקמאַנס פּנים האָט געברענט און דער שטערן זיינער האָט אַזויווי זיך געוואָלט צעשפּאַלטן אינצווייען.

נאַקמאַן האָט זיך אויפגעהויבן פון בעט, געעפנט זיינע אויגן און זיך אַזויווי דערשראָקן. אין צימער איז געווען שטאָק פינצטער. ער האָט זיך געוווּנדערט. וואָרים בשעת ער האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט, איז נאָך געווען ליכטיקער טאָג. וואָס איז דאָס? זאָל ער ער שוין האָבן געלעגן ביז אין דער טיפער נאַכט?

ער איז צוגעגאַנגען צו זיין פענצטער און אַרויסגעקוקט אינדרויסן.

אין די שטובן פון דער גאַס איך נאָך געווען ליכטיק און דער הימל איז געווען בלוי און מיט אַ סך שטערן.

נאַקמאַן האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ און איינגעגעצט אַ טיכל אין קאַלט וואַסער און צוגעלייגט צו זיין שטערן און אַרומגעשפּאַנט איבער זיין צימער.

דער געדאַנק, וועלכער איז אָפּט שוין בײַ אים געווען צו גאַסט, דערדאָזיקער געדאַנק, אַז עס איז דאָ איין אויסוועג — זעלבסטמאָרד, איז איצט אויך נאָכאַמאָל געקומען.

נאַקמאַן איז אַרומגעגאַנגען און געטראַכט וועגן זעלבסטמאָרד.

מאָדנע. ער האָט געוווסט, אַז ער וועט דאָס נישט טון. אָבער פונדעסטוועגן הנאה געהאַט פון דעם, וואָס ער טראַכט כאָטש פון דעם.

זעלבסטמאָרד !

ער איז איצט געווען אַזוי באַגייסטערט פון דעמדאָזיקן וואָרט, אַז ער האָט באַלד שיער נישט געזונגען אַ ליד צו דעמדאָזיקן וואָרט.

זעלבסטמאָרד !

דאָס ערשטע האָט ער באַדאַרפט מאַכן אָרדנונג מיט זיינע פּאַ־פּירן.

כאָטש, ווען וועט דאָס קימערן, אויב זיינע פּאַפּירן זענען נישט אין אָרדנונג. עס וועט צוקומען נאָך אַ בערגל מיסט.

אַ ניין. זאָל ער דאָס נישט זאָגן. פּאַפּירן דאַרף מען איבערלאָזן אין אַ גוטער אָרדנונג.

נאַקמאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַ זיין טיש, אָנגעהויבן איבערצו־לייגן זיינע פּאַפּירן. אָרעמע פּאַפּירן ! נאַקמאַן האָט זיינע פאַרשריבענע פּאַפּירן געריסן אויף שטיקלעך אָן רחמנות.

ער איז דערווייל הונגעריק געוואָרן. ער האָט נאָך היינט נישט געגעסן. און אין צימער איז בײַ אים איצט נישטאָ גאָרנישט וואָס צו נעסן.

נאַקמאַן האָט אָנגעטון זיין הוט, פאַרלאָשן דעם לאָמפּ און איז אַרויס פון זיין צימער. ער איז גלייך געלאָפן, וווהין זיינע פיס האָבן אים געפירט.

און זיינע פיס האָבן אים געפירט גלייך צום בעקער. שוין אין דער גאַס פון בעקער האָט נאַקמאַן דערשמעקט דעם ריח פון פריש געבאַקן ברויט. ער האָט אַ פאַרחלשטער אַריינגעאָטעמט דעם־דאָזיקן ריח און איז געלאָפן אין דער גיך צו דער בעקעריי מיט דער ליכטיקער, אָפענער טיר, וועלכע האָט אַריינגעשיינט אין דער פינצטערער גאַס.

נאַקמאַן איז געבליבן שטיין אין דער ליכטיקער טיר. אַ הויכער מענטש, אינגאַנצן ווייס אָנגעטון און מיט אַ ווייס באַמעליקטן קאָפּ האָר און מיט אַ ווייס באַמעליקטער באָרד איז געשטאַנען באַם אויוון. ער האָט, ווי עס האָט אויסגעוויזן, נישט באַמערקט נאַקמאַנען שטייענדיק אין דער טיר. דער בעקער האָט געעפנט דעם אויוון. אַ וואַרעמקייט האָט געטון אַ פלי פון דאָרט. און דער אָנבליק פון קיילעכיקע, ווייס־גרויע קעפּ, אויס־געזעצט איינער לעבן דעם אַנדערן, ווייס־גרויע קעפּ, האָט געטון אַ בליק אין נאַקמאַנס אויגן.

דער ווייסער בעקער, די ליכטיקע טיר און די ווייס־גרויע קעפּלעך ברויט אין אויוון, האָבן אויף אים אָנגעוויייעט אַ וועלט נישט קיין רעאַלע.

דער בעקער האָט אַוועקגעשטעלט די לאַנגע לאָפּעטע און זיך גע־טון אַ טרייסל, ווען ער האָט דערזען נאַקמאַנען אין טיר.

אין דער מינוט איז דאָס גאַנצע בילד געוואָרן רעאַל.

נאַקמאַן האָט געזאָגט, אַז ער וויל זעמל.

דער בעקער האָט אים געגעבן זעמל און נאַקמאַן האָט געפילט, אַז ער מוז דעם בעקער זאָגן אַ וואָרט, אָדער צוויי.

— וואָס וואָלט די וועלט געטון אָן אייך? — האָט נאַקמאַן באַלד געזאָגט.

דער בעקער האָט זיך מיט אַ פינגער אַ קראַץ געטון אין זיינע ווייס פאַרמעליקטע האָר און געזאָגט מיט אַ שמייכל אין ווינקל פון זיין מויל:

— פרעגט שוין בעסער, וואָס איך וואָלט געטון אָן דער וועלט, פאַר וועמען וואָלט איך דעמאָלט געבאַקן.

ערשט איצט האָט נאַקמאַן זיך גוט איינגעקוקט אין דעם בע־קער.

ער איז פאַרט געווען רעאַל.

חיים בעקער, דער אייגענער חיים בעקער, וועלכער האָט זיך פאַר־שריבן אויף פרייע ערד.

נאַקמאַן האָט ווידעראַמאָל געפּרוּווט:

— איר ווילט דאָך, דאַכט זיך, נעמען פרייע ערד?

— וואָס הייסט, צי איך וויל — האָט חיים בעקער געענטפערט — איך ברען אַזויווי אַן אויוון נאָך אַן אייגן שטיקל ערד.

— די פּאַפּירן זענען שוין דאָ. אינגיכן וועט איר שוין האָבן אייגענע ערד. פרייט זיך, ר׳ חיים.

דער ווייסער ייד האָט געטון אַ שפּיי אַריין אין זיינע הענט און מיט זיי געפּאַטשט אַזויווי אַ קליין קינד פּאַטשט, ווען עס פרייט זיך.

— און פאַר וועמען וועט איר דעמאָלט באַקן?

— מיין אייגן ברויט וויל איך באַקן — האָט חיים בעקער קאַפּריזנע און מיט גאַל געזאָגט — מיין אייגן ברויט און ווייטער קיינעמס נישט.

פאַר נאַקמאַנען איז אין דערדאָזיקער מינוט אויפגעשווומען אַן אידעע. ער האָט געזוכט אין זיינע קעשענעס. פּאַפּירן האָט ער געפונען אין דער קעשענע, אָבער נישט קיין בליישטיפט. ער האָט געוואָלט עפּעס פאַר־צייכענען און נישט געקאָנט. ער איז געוואָרן אומרויִק און דער בעקער האָט נישט פאַרשטאַנען נאַקמאַנס אומרויִקייט און געפּרוּווט אים באַרויִקן מיט דעם, וואָס ער האָט געזאָגט:

— איר האָט שוין באַצאָלט פאַר די זעמל.

נאַקמאַן האָט געוווּנטשן דעם בעקער אַ גוטע נאַכט און איז אַנט־לאָפן מיט גיכע טריט אַהיים. קומענדיק אין זיין צימער האָט נאַקמאַן פאַרגעסן, אַז ער באַדאַרף עסן. באַלד אָנגעצונדן דעם לאָמפּ און אויפגע־שריבן מיט טינט אויף אַ שטיק ווייס פּאַפּיר: „יעדער וועט באַקן זיין אייגן ברויט".

נאַקמאַן האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין ווענטל פון בענקל און זיך פאַר־טראַכט. ער האָט געטראַכט פון דעם צוקונפטיקן דאָרף און פון די גע־זעצן פון דאָרף און פון דעם, ווי אַזוי דידאָזיקע געזעצן וועלן אָנגענומען ווערן.

אַלע פון דאָרף וועלן האָבן דאָס רעכט צו באַשטימען זייערע גע־זעצן. אַ מערהייט וועט געווינען איבער דער מינדערהייט. אַנדערש קאָן דאָס נישט זיין.

נאַקמאַן האָט דאָס פאַרשריבן פאַר דעם ערשטן געזעץ פון דאָרף. בשעת ער האָט דאָס פאַרשריבן האָט נאַקמאַן געטראַכט, אַז דאָס איינצי־קע מאָל מוז ער אומבאַדינגט אויפשרייבן אויף דעם פּאַפּיר אַלע געזעצן. עס איז שוין נישט ווייט צו דער פאַרזאַמלונג שבת־צו־נאַכטס און אויף דער פאַרזאַמלונג וועט ער פאָרלעזן די געזעצן און שוין ציילן די שטי־מען פאַר יעדער געזעץ באַזונדער. די שטימען וועלן אָפּגעגעבן ווערן דורך געהיימע צעטעלעך.

דאָ איז באַשאַפן געוואָרן דאָס צווייטע געזעץ פון דאָרף דורך גע־היימע צעטעלעך.

און דאָס גאַנצע דאָרף מוז זעלבסטפאַרשטענדלעך פאָלגן דאָס גע־זעץ פון דאָרף. דאָס דאָרף וועט זיין אָנגעוואָרפן ערגעץ צווישן פעלדער און וועלדער, ווייט פון אַ שטאָט און פון דער גאַנצער וועלט אַרום. וואָס זשע וועט מען טאָקע טון, אויב עמעצער וועט נישט־וועלן פאָלגן דאָס געזעץ פון דאָרף?

דאָ איז בײַ נאַקמאַנען, נאָך אַ ביסל טראַכטן, געבוירן געוואָרן דאָס דריטע געזעץ פון דאָרף: דאָס גאַנצע דאָרף וועט באַשטראָפן דעם, וועל־כער וועט נישט פאָלגן דאָס געזעץ פון דאָרף.

נאַקמאַן האָט געטראַכט בײַ זיך אַליין: דאָס איז איינפאַך. וואָרים אויב נישט דאָס גאַנצע דאָרף, נאָר וואָס דען, מען וועט אויסקלויבן איינעם, אַז ער זאָל משפטן די זינדיקע, דעמאָלט וועט באַשאַפן ווערן אַ קלאַס פון דאָרפס־מענטשן, וואָס וועלן זיך שטופן צו וועלן ווערן שופטים. מיט דער צייט וועלן אפשר אַלע דאָרפס־מענטשן וועלן ווערן שופטים, אָדער עס וועט קיינער נישט וועלן ווערן דער שופט פון דאָרף.

געענדיקט. נאַקמאַן פאַרשרייבט אויפן פּאַפּיר דאָס דריטע געזעץ פון דאָרף. „אויב עמעצער וועט נישט אָפּהיטן דאָס געזעץ פון דאָרף, וועט זיך דאָס גאַנצע דאָרף צוזאַמענקומען און אויסהערן עדות און אויב עס וועט זיין אמת, אַז דערדאָזיקער האָט נישט געפאָלגט דאָס געזעץ פון דאָרף, וועט דאָס גאַנצע דאָרף אויף אים אַרויפלייגן אַ שטראָף. פאַרשטענדי־

לעך, ווידעראַמאָל וועט דאָס פאָלק דורך געהיימע צעטעלעך באַשטימען דידאָזיקע שטראָף. און די מערהייט וועט ווידער געווינען איבער דער מינ-דערהייט.

נאַקמאַן האָט זיך פאַרטראַכט איבער דעם שיקזאַל פון דער מינ-דערהייט. דידאָזיקע מינדערהייט איז אים שטאַרק נאָענט געווען, ווייל ער אַליין איז אויך תמיד אין דער מינדערהייטס שטייגל געווען. ער ווייסט דעם טעם דערפון. דערפאַר האָט ער זיך דערטראַכט צו אַ פערט געזעץ פון דעם צוקונפטיקן דאָרף: אויב די מינדערהייט וועט תמיד זיין פון די זעלבע דאָרפס-מענטשן, וועט דאָך דאָס זיין נישט גוט. עס וועלן אין דאָרף אַרויסוואַקסן צוויי וועלטן, וואָס וועלן זיך צעטיילן אין צוויי באַ-זונדערע וועגן. ווען עס וועט נאָר עפּעס טרעפן אין דאָרף און דאָס גאַנצע דאָרף וועט זיך צונויפקומען, וועט תמיד דידאָזיקע פאַסירונג ווערן באַ-לויכטן אויף צווייערליי אופנים. פון דעם ערשטן אופן, ווי אַזוי די מער-הייט קוקט אויף דער זאַך און פון דעם צווייטן אופן, ווי אַזוי די מינ-דערהייט קוקט אויף דער זאַך. און די מינדערהייט וועט תמיד זיך נישט קאָנען אויסדריקן און אַלע מאָל אַרונטערפאַלן אונטער דעם שווערן דרוק פון דער מערהייט. דאָס איז גערעדט געוואָרן, אויב עס קאָן אַזוינס טרעפן, אַז אין דער מינדערהייט זאָלן זיין אַלע מאָל די אייגענע דאָרפס-מענטשן. און אויב עס טרעפט טאַקע אַזוי, וואָס וועט דעמאָלט זיין מיט דער מינ-דערהייט ?

דאָ איז נאַקמאַן געקומען צום פערטן געזעץ.

אַזוי ווי עס איז זייער טייער דאָס געזעץ פון האַרמאָניע אין דער פירונג פון דאָרף; און אַזוי ווי די מערהייט האָט אין אירע הענט די גאַנצע פירונג פון דאָרף; און אַזוי ווי די מינדערהייט איז נישט צו-פרידן און איז אַקעגן אָט דערדאָזיקער פירונג, דערפאַר באַדאַרף די מערהייט זען באַזאָרגן די מינדערהייט מיט אַן אַנדער שטיק ערד, כדי די מינדערהייט זאָל זיך קאָנען דאָרט באַזעצן און פירן איר אייגן דאָרף.

פאַרזאָרגט די מינדערהייט, האָט נאַקמאַן אויפגעשריבן נאָך געזעץ. דידאָזיקע אַרבעט איז באַ אים געפלאָסן פון דער פען און פון טינטער. ער אַליין איז דאָ אינגאַנצן פאַרשוואונדן און פאַרגעסן געוואָרן. אַזוי ווי דורך אַ כישוף האָט זיין פען אַרויסגעגאָסן שורה נאָך שורה אויפן ווייסן

פּאַפּיר. אין צימער האָט זיך נאָר געהערט דאָס קריצן פון דערדאָזיקער פאַרפישופטער פען און די בויגנס פּאַפּיר זענען געפלויגן אַזוי ווי בליצן איבערן טיש.

אין די פּאַפּירן, וועלכע נאַקמאַן האָט דערהאַלטן פון פּאַריז, איז געווען אָנגעשריבן, אַז די קאָמיסיע וועט באַזאָרגן יעדן ייד מיט אַ שטיק ערד פון פינפצען אַקער די גרויס מיט אַ הויז און אַ ברונעם דערביי; מיט אַ שטאַל און מיט אַ קעלער. אויך מיט איין פערד מיט אַ וואָגן און מיט איין קו. דער ייד וועט באַדאַרפן ברענגען כּלים אין הויז אַריין און כּלים צו באַפּרוכפּערן דאָס לאַנד. און אַז דער ייד וועט נאָר אָנהייבן צו אַקערן זיין לאַנד, וועט אים די קאָמיסיע געבן זריעה צו פאַרזייען די ערד זיינע.

נאַקמאַן האָט איבערגעלייענט און איבער זיין הויט איז דורכגעלאָפן אַ פרייד.

„און אַז דער ייד וועט אָנהייבן צו אַקערן זיין לאַנד".

„און אַז דער ייד וועט אָנהייבן צו אַקערן זיין לאַנד".

נאַקמאַן האָט אומבאַוווסט פאַר זיך אַליין געזונגען דידאָזיקע פערזן מיט זיין אייגענעם מאָטיוו, וועלכן ער האָט תּמיד אין אַ צייט פון דערהויבנקייט געזונגען.

ער האָט צונויפגענומען די פאַרשריבענע פּאַפּירן מיט די געזעצן פון דעם צוקונפטיקן דאָרף. ווי עס האָט אויסגעזען, האָט ער זיך מיט דידאָזיקע פּאַפּירן זייער געפרייט, וואָרים ער האָט זיי מיט גרויס באַזאָרגטקייט צונויפגעלייגט און אויסגעגלייכט און זיך אַרומגעקוקט און דערזעען, אַז אין זיין פענצטער קוקט שוין אַריין דער בלויער טאָג און אויף לעקציעס באַדאַרף ער גיין און הונגעריק איז ער און געשלאָפן איז ער נאָך נישט.

האָט נאַקמאַן דידאָזיקע פּאַפּירן אַריינגעלייגט צו זיך אין בוזעמקעשענע און כאַפּנדיק געקניפּן פון אַ זעמל און בשעת מעשה געטראַכט, אַז ער מעג שוין באַצייטנס אָנהייבן צו ווערן פאַרגרעבט.

אין זיין באַוווסטזיין, שטאָלץ אין דער אַרבעט, וואָס ער האָט אָפּגעטון און אפילו אויף איין מינוט נישט געטון אַ טראַכט פון זיין אַפּערע מיט דינהן, איז נאַקמאַן אַריינגעפאַלן אין זיין בעט מיט דער מחשבה צו כאַפּן אַ קליין ביסל שלאָף.

דעם אינדערפרי און אַ גאַנצן טאָג און די איבעריקע טעג, איידער די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען, איז ער געווען אויפגעלייגט און אינגאַנצן אַ דורכגעלייטערטער אַזויווי אַ הימל, פון וועמען דער ווינט האָט פאַרטריבן אַלע כמאַרעס.

מיט די שילער זיינע האָט ער געלערנט, ווי נאָך קיינמאָל נישט פריער. אין זיינע דערקלערונגען וועגן געוויסע שטעלן אין געשיכטע אָדער וועגן געוויסע ערטער אויף דער לאַנד-קאַרטע, איז געווען מער, ווי וויסן און קאָנען. עס האָט פון נאַקמאנען געשטראַלט מיט דורכגעלייטערטקייט.

די שילער האָבן אויסגענוצט די שעה און געפרעגט וואָס מער שאלות און נאַקמאַן האָט מיט ברייטקייט געשאָטן מיט זיינע שכלדיקע און אומבאַשטרייטבאַרע ענטפערס.

שבת-צו-נאַכטס זענען זיך די יידן, וועלכע האָבן זיך פאַרשריבן אויף פרייע ערד, צונויפגעקומען אין ישראל גאָלדשטיינס הויז.

דער גרויסער זאַל איז געווען באַלויכטן נישט נאָר מיטן אייגענעם הענגענדיקן לאָמפּ, נאָר מען האָט נאָך אָנגעצונדן ליכט אין צוויי זילבערנע לייכטער. לידאָזיקע ליכט האָבן, אַזויווי ליכט האָבן תמיד אַ טבע, צוגעגעבן אַ פריילעכקייט צו דעמדאָזיקן גרויסן זאַל.

אויף די בענקלעך, בײַ די צוויי לאַנגע ווענט פון דעם זאַל, זענען געווען אַלע באַזעצט מיט יידן און זייערע ווייבער. די יידן און זייערע ווייבער האָבן נאָך געטראָגן זייערע שבתדיקע בגדים און זענען געזעסן שטיל און עפּעס אַזויווי מורא געהאַט איינער פאַר דעם אַנדערן. זיי האָבן אויך אין איין וועגס שוין מורא געהאַט צו רייכערן, כאָטש עס האָט זיך זיי מן הסתם זייער געוואָלט רייכערן — אָבער ווי קאָן מען רייכערן, ווען צוויי ליכט ברענען אין די לייכטער?

נאָר באַלד איז דאָס בילד געוואָרן היימישער. דאָס איז געשען דאַן ווען מען האָט געבראַכט אַ בליאַסקעדיקן סאַמאָוואַר און אים אַוועקגעשטעלט אויף דעם גרויסן טיש.

דער סאַמאָוואַר האָט פון זיך געוואָרפן פונקען אין אַלע זייטן און אויב ער מעג וואַרפן פונקען, מעגן יידן אויך ריי-

כערן, יידן האָבן טאַקע באַלד פאַרדרייט ציגאַרן און געריי־כערט.

ישראל גאָלדשטיין האָט געטראָגן אַ סאַמעטענעם זשילעט און אַ גאָלדן קייטל אויסגעפלאָכטן פון דינע לאַנגעקיקע רינגעלעך איז זיך גע־האָנגען פון איין קעשענע ביז צו דער אַנדערער איבערן מיטן פון דעם סאַמעטענעם זשילעט. דער קאָליר פון דער גאָלדענער קייט און דער קאָליר פון דעם קופערנעם סאַמאָוואַר זענען נישט געווען ווייט אָפּגע־שיידט. דערדאָזיקער קאָליר האָט געוואַרעמט דאָס אויג פון די צונויפגעקו־מענע מענטשן נאָכמער, ווי עס האָט געוואַרעמט דאָס שפּיגלדיקע גלאָז טיי.

אַלענפאַלס האָט ישראל גאָלדשטיין אַליין צוגעטראָגן איטלעכן באַ־זונדער אַ גלאָז טיי.

דינה איז פריער אַרומגעגאַנגען מיט אַ פּושקע פול מיט צוקער און איטלעכן איינגעטיילט צוקער. דערנאָך האָט זי געבראַכט אויף אַ גרויסער לענגלעכער טאַץ אַלערליי געבעקס ווי אַ שטרודל, האָניק־לעקעך, צוקער־פייגעלעך, מאַנדל־ברויט און קאָמיץ ברויט.

די יידן האָבן כמעט מיט ציטערדיקע הענט נישט געהאַט קיין אַנ־דערע ברירה ווי צו נעמען עפּעס פון דערדאָזיקער טאַץ.

דינהן אָפּזאָגן האָט מען נישט געקאָנט. עס זענען פאַרהאַן צווייערליי וועגן פון געבן. דעם ערשטן וועג פון געבן וויל איך גאָר דאָ נישט דערמאָנען, וואָרים איך האָב אים פיינט. דעם צווייטן וועג פון געבן האָט דינה געטראָגן אין איר בלוט, אויב געבן, זאָל זיין גע־געבן.

דינהס מוטער איז געזעסן אויף אַ בענקל באַ איינעם פון די פענצטער און הנאה געהאַט, כאָטש זי אַליין האָט נישט געפילט, אַז זי האָט הנאה. זי איז געווען אָנגעטון אין אַ שוואַרץ סאַמעטן קלייד מיט ווייסע שפּיצערייען אַרומגענייט אַרום דעם ברעג פון איר האַלז און אַרום די ברעגן פון אירע אַרבל. דער סאַמעט פון אירע אַרבל איז אויך צוגעפאַלן און אַרומגענומען אירע שיינע הענט. דינהס מאַמע איז געווען אין אָט דעם סאַמעטענעם קלייד אַ סך שענער

פון דינהן אַליין — און דינה איז ווייט, ווייס נישט געווען קיין מיאוסע.

דערפאַר זאָג איך, אַז דינהס מאַמע האָט הנאה געהאַט און נישט געוווסט אַליין, אַז זי האָט פון עפּעס הנאה.

זי האָט געשטראַלט אַזויווי אירע פּערל האָבן געשטראַלט,

אַלע האָבן איצט געשטראַלט.

און ווען נאַקמאַן איז געקומען און דערזען אַזאַ גרויסן עולם, האָט ער זיך פאַרטומלט מיט דעם געדאַנק, אַז אַלע האָבן באַדאַרפט וואַרטן אויף אים. אָבער דידאָזיקע שעמעוודיקייט האָט נאַקמאַנען באַשטראַלט נאָך מער,

נאַקמאַן האָט אַ נעם געטון די פּאַפּירן פון אונטער זיין אָרעם און זיי צעלייגט אויף דעם טיש. אין דעם וועג, ווי אַזוי ער האָט דידאָזיקע פּאַפּירן אויסגעלייגט אויף דעם טיש, האָט זיך געפילט, אַז נאַקמאַן וועט דאָ באַלד שטיין פאַר זייער, זייער אַ גרויסן משפּט און וועט באַדאַרפן זיין דער פאַרטיידיקער. זיין פּנים האָט געשטראַלט, אָבער עס איז געווען ערנסט און די הויט פון דעמדאָזיקן פּנים האָט זיך געכוואַליעט מיט אויפרעגונג.

נאַקמאַן האָט געפּרווט אַוועקוואַרפן זיין אויפרעגונג, אָבער ער האָט נישט געקאָנט. דאָס גלאָז טיי, וועלכעס ישראל גאָלדשטיין האָט אים דערלאַנגט, האָט נאַקמאַן אויסגעטרונקען אינדערגיך מיט גרויסע שלינג און זיך בשעת מעשה געבריט אי דעם גומען און אויך אינעווייניק די קישקעס. דינה האָט נאַקמאַנען צוגעטראָגן געבעקס און נאַקמאַן האָט אין אַ פאַרלעגנהייט געזאָגט, אַז ער דאַנקט דינהן און ער עסט נישט קיין צוקער־געבעקס. עס האָט זיך נאַקמאַנען אויסגעוויזן, אַז ער האָט זיך פאַראיקעט בשעת ער האָט גערעדט צו דינהן און ווען דאָס מיידל איז שוין געהאַט אַוועקגעגאַנגען מיט דער טאַץ צו קערווארג האָט נאַקמאַן חרטה געהאַט, פאַרוואָס ער האָט נישט גענומען אַ שטיקל לעקעך.

דינה איז באַלד צוריקגעקומען שוין אָן דער טאַץ, צוגעקומען

נאָענט צו נאַקמאַנען און זיך אַוועקגעשטעלט אַן אָנגעשפּאַרטע אָן טיש. זי האָט אַ שמייכל געטון צום טאַטן, וועלכער האָט זי איצט אָנגעקוקט. דינה האָט ליב געהאַט צו זען, אַז איר פאָטער זאָל זי אַזוי אָנקוקן. זי האָט מיט פיל ווייכקייט אַ נעם געטון אַ בויגן אַ באַשריבענעם פון נאַקמאַנס פּאַפּירן, געפּרוּווט לייענען און נישט געקאָנט. „אַזאַ האַנטשריפט" — האָט דינה אַ טראַכט געטון — „אַזאַ האַנטשריפט".

נאַקמאַן האָט באַ איר צוגענומען דעמדאָזיקן בויגן פּאַפּיר און געזאָגט ; „דינה; איר וועט זיין אונזער סעקרעטאַר".

דינה איז אַוועק און געבראַכט טינט און פּען און פּאַפּיר און פאַר זיך געבראַכט אַ בענקל. בשעת זי האָט זיך אַוועקגעזעצט, האָט זיך נאַקמאַן באַלד אויפגעהויבן און עס איז געוואָרן זייער שטיל אין זאַל. אַלע האָבן אויסגעדרייט זייערע פּנימער צו נאַקמאַנען. דאָס האָט אים אַזוי באַשלאָגן מיט אַ מאָדנער אומבאַהאָלפנקייט און ער האָט זיך דערפילט אַזוי שוואַך און קליין, אַז ער האָט זיך געמוזט אָנשפּאַרן מיט בײדע הענט צו'ן טיש. נאַקמאַן איז אַזוי געשטאַנען אַ ווײלע און באַטראַכט, ווי עס האָט אויסגעוויזן. די מענטשן אין זאַל. און דער אמת איז, אַז ער האָט איצט קיינעם נישט געזען. זיינע אויגן זענען געוואָרן פאַרשטעלט מיט אַזוינע מינים הײטעלעך. ער האָט נאָר געזען, אַז ער געפינט זיך אין אַ ליכטיק אָרט. ער האָט געוואָלט אָנהייבן רעדן, אָבער די צונג איז געווען באַ אים צוגעקלעבט צום גומען.

נאַקמאַנען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער פאַלט ; די ערד שווימט אַוועק פון זיינע פיס און באַלד וועט ער מוזן אַ געשריי טון, אַז מען זאָל אים העלפן. ער האָט אָנגעהויבן רעדן, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, האָט ער נישט גערעדט נאָר געשריגן, אָבער ווערליק די פאַרזאַמלטע האָבן אָנגעשטרענגט זייערע אויערן, איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז נאַקמאַן רעדט זייער שטיל.

דאָס האָט געדויערט נישט לאַנג און נאַקמאַן האָט פּלוצלינג דערזען פאַר זיך מענטשן, דערפילט הינטער זיינע פיס דעם דיל און ער האָט גערעדט, האַלטנדיק בשעת מעשה אַ בויגן פּאַפּיר און כאַפּנדיק אַלע מאָל אַ בליק אין דעם פאַרשריבענעם פּאַפּיר, האָט ער געקאָנט זען

דאָס געשריבענע און דאָס געשריבענע אַריבערגעטראָגן אין לעבעדיקע בילדער.

— „דאָס ערשטע געזעץ פון אונזער דאָרף איז, אַז יעדער איינער מוז באַקן זיין אייגן ברויט...״

נאַקמאַן איז געבליבן אַ ווײַלע שטיל און אויפמערקזאַם באַטראַכט די פאַרזאַמלטע, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— איך וויל, אַז אַלע זאָלן אָפּגעבן זייערע שטימען. פרייליין דינה גאָלדשטיין וועט אייך געבן צעטעלעך. שרייבט אויף די צעטעלעך „יאָ״ אָדער „ניין״. אויב עס וועט זיין מערער „יאָ׳ס״ אָדער „ניינס״, וועלן מיר גיין נאָך דער מערהייט. אָבער איידער איר קלויבט זיך אויס, וואָס צו ענטפערן, וויל איך אייך באַלד דערקלערן, וואָס מען מיינט, אַז יעדער זאָל באַקן זיין אייגן ברויט... אין דעם געזעץ פלעכטן מיר אַריין אַ סך אַנדערע געזעצן. איך וויל זאָגן אָט וואָס: אַלע זענען גלייך באַ אונז. עס וועלן נישט זיין קיין רייכע און עס וועלן נישט זיין קיין אָרעמע. אַלע גלייכע מיוחסים. אויב איינער וועט מיט זיך ברענגען אַ סך געלט אין אונזער דאָרף און דער אַנדערער וועט נישט ברענגען, וועלן זיי ביידע האָבן גלייכע דעות. און נישט נאָר דאָס, נאָר אויך דער, וואָס וועט ברענגען מיט זיך אַ סך געלט, וועט באַלד באַ זיין אָנקומען אין אונזער דאָרף אַריין אָנווערן זיין געלט. ער וועט אָבער געווינען דאָס, וואָס יעדער איינער וועט געווינען: ער וועט האָבן אַ גלייך חלק אין אונזער דאָרף. דערפאַר האָב איך דאָס געזעץ געמאַכט אַזוי פשוט און איינפאַך: יעדער איינער זאָל באַקן זיין אייגן ברויט. וויל עמעצער רעדן אָדער פרעגן אַ שאלה, אָדער אויסבעסערן דאָסדאָזיקע געזעץ?

ישראל גאָלדשטיין האָט זיך אויסגערייניקט זיין גאָרגל און געגעבן מיט דער האַנט אַ צייכן, אַז ער וויל עפּעס רעדן.

— הער גאָלדשטיין! — האָט נאַקמאַן זיך געטון אַ בייג.

— מיינע ליבע יידן! זייער שיין — האָט ישראל גאָלדשטיין אָנגעהויבן, אויפהייבנדיק זיך פון זיין בענקל און אַריינשטעקנדיק זיינע ביידע הענט אין די קעשענעס פון זיין סאַמעטענער זשילעטקע — זייער שיין. איך בין, למשל, דערדאָזיקער ייד, וועלכער וועט ברענגען אין אונזער אייגן דאָרף אַ סך געלט, מער ווי יעדער איינער. גוט. איך וועל זיין גליקלעך,

ווען די שעה וועט קומען און איך וועל מיט מיינע פיס זיך אַוועקשטעלן אויף „אונזער אייגענער ערד". אָבער איך פאַרשטיי נישט דאָס געזעץ: „יעדער איינער זאָל באַקן זיין אייגן ברויט". איך וועל בעטן הער נאַקמאַן, אַז ער זאָל זיך אויסדריקן קלאָר. מיר זענען זיך דאָ צונויפגעקומען און מיר ווילן היינט אויף דער נאַכט באַשאַפן די גרונט-געזעצן פון אונזער אייגענעם דאָרף. ווילן מיר זיין אָפן און קלאָר. מיר דאַכט, אַז עס זענען דאָ קלאָרערע ווערטער, הער נאַקמאַן, מיר זענען פשוטע מענטשן.

דאָס אָפּגעזאָגט, האָט זיך ישראל גאָלדשטיין אַנידערגעזעצט אויף זיין בענקל און אָפּגעווישט זיין שטערן מיט אַ ווייס טיכל.

נאַקמאַן האָט אַזויווי געקוקט מיט זיינע אויגן אַריין אין זיך טיף און געשמייכלט. דערנאָך האָט ער שוין זיצנדיקערהייט און מער היימיש מעסיקער געזאָגט:

— זייער גוט. מיר געפעלט דאָס. איך בין פשוט געריהרט פון דער איינפאַכקייט פון אייערע רייד. וואָס האָבן עפּעס צו זאָגן אַנדערע יידן?

אין זאַל האָט זיך געהערט אַ שטיל מורמלען, אָבער עס האָט אַלד אויפגעהערט.

— קיינער פון די יידן וויל נישט זאָגן עפּעס? — האָט נאַקמאַן טרעגג געזאָגט. — קיינער? נו, ווי וועט אייך געפעלן, אַז מיר וועלן פשוט אין דריי ווערטער אויסדריקן אונזער ערשט און סאַמע וויכטיקע געזעץ: אַלע זענען גלייך.

— בראַוואָ! — האָט ישראל גאָלדשטיין מיט זיין באַסאָווער שטימע אַרויסגעזאָגט.

— אָט אַזוי! — האָט זיך געהערט פון איין ייד.

— קלאָר אַזוי ווי דער הימל אין תמוז — האָט אַן אַנדערער געזאָגט און זיך פאַרשעמט, וואָרים זיין ווייב האָט אים געטון אַ שלעפּ באַ דעם אַרבל. ער האָט דאָס ווייב זיינס אָפּגעשטויסן מיט זיין האַנט, זיך געגרייט עפּעס נאָך צו זאָגן אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט.

נאַקמאַן האָט געהייסן דינהן אויפשרייבן אַן „איינס" און באַ דער איינס אָנשרייבן מיט גרויסע אותיות: אַלע זענען גלייך.

דערנאָך האָט דינה אַרומגעטיילט אי די מאַנסבילן אי די ווייבער קליינע שטיקלעך פּאַפּיר און זי האָט יעדן באַזונדער געזאָגט, אַז מען קאָן אָנשרייבן אויף דעם פּאַפּירל, וואָס מען וויל, אָדער אַ „יאָ" אָדער אַ „ניין".

27.

וואַרעמע בעסאַראַביער טעג הייבן זיך אָן פונקט דעמאָלט, ווען די שוואַלב בויט איר נעסט.

אויסגעבויט איר נעסט, זיצט די מאַמע־שוואַלב מיט איר געל קעפּל אַרויסגעשטעקט אויף גאַטס וועלט און וואַרט אויף דעם פּאָטער־שוואַלב. קומט דער פּאָטער־שוואַלב צו פליען, בייט זיך די מאַמע מיט אים און לאָזט אים זיצן אין דער נעסט. אָט אַזוי בייט זיך מאַמע מיט פּאָטער ביז די קינדער־שוואַלבן דערלעבן צו זען די ווייסע, וואַרעמע וועלט.

זיצן די קינדער־שוואַלבן אין דער ווייכער, וואַרעמער נעסט מיט די געלע קעפּלעך אַרויסגעשטעקט אין דרויסן און האַלטן אָפן זייערע רויטע, פייערדיקע פּיסקלעך און די מאַמע־שוואַלב קומט אַלע מאָל צו פליען פון ערגעץ און ברענגט זיי עסן און פאַרמאַכט זייערע פייערדיקע, רויטע פּיסקלעך.

וואַרעמע בעסאַראַביער טעג הייבן זיך אָן פונקט דעמאָלט, ווען די מאַמעס־שוואַלבן פאַרטרייבן זייערע קינדער־שוואַלבן פון אַלע זייערע נעסטן און איבער דער גאַנצער לענג פון דעם טעלעגראַף־דראָט שטייען שוואַלבן מיט געלע קעפּלעך און האַלטן אָפן זייערע רויטע פייערדיקע פּיסקלעך און שרייען געוואַלט, אַז עס איז שוין וואַרעם.

אויפן גרויסן מאַרק־פּלאַץ קומען אָן פורן אויסגעבעט מיט שטרוי און אַרום די ברעגן פון די פורן זיצן „יוליקעס" (פעלד־אַרבעטער)

מיט די באָרוועסע פיס אַרויסגעהאָנגען אין דרויסן אַרויס; זייערע שטאַרקע העלזער פאַרוואַקסן מיט לאַנגע האָרענע היטשקעס. דידאָזיקע פורן שטעלן זיך אַנידער אין מאַרק. דער, וואָס טרייבט די פערד קריכט אַראָפּ פון וואָגן, שפּאַנט אויס די פערד און גיט זיי עסן, הייבט אויף דעם דישעל פון וואָגן אינדערהייך און טוט אָן אויף דעם שפּיץ פון דישעל אַ שטרויענעם קאַפּעליוש, וואָס דאָס מיינט „יוליקעס" צו פאַר־דינגען.

און די „וואַטאַוועז" אויף זייערע רייטערלעך לויפן אַרום פון איין וואָגן צום צווייטן, ציילן די „יוליקעס" און רייטן אַרום און אַרום דעם וואָגן און קוקן אויף די באָרוועסע פיס פון די „יוליקעס". דאָס רייטערל טוט זיך שאַרף אַ דריי אויס און פאָרט צו גלייך צו דעם, וועלכער פאָרעט זיך באַ די אויסגעשפּאַנטע פערד. דער וואַטאַוו פרעגט באַ אים וויפיל ער וויל פאַר זיינע יוליקעס, יענער קראַצט זיך אין דער טשופּרינע שוואַרצע האָר פון קאָפּ; זאָגט דעם פּרייז, און דער וואַטאַוו מאַכט זיך ווי ער האָט זיך דערשראָקן, און שרייט אויס: האָ, האָ! די יוליקעס בייסן פון אַ שטיק ברויט אין איין האַנט און פון אַ שטיק קישקע אין דער אַנדערער האַנט; רעדן אַלע אינאיינעם; שאָקלען זיך מיט זייערע באָרוועסע פיס און קרימען נאָך דעם וואַטאַוו.

וואַרעמע בעסאַראַביער טעג הייבן זיך אָן: די שוואַלבן זענען שוין אינדרויסן; די יוליקעס זענען שוין געקומען פון בוקאָווינע, גאַליציע און רומעניע. דאָרט איבערגעלאָזט זייערע ווייבער, קינדער און געקומען אויף דעם גאַנצן זומער, פאַרקויפן זיך צו די בעסאַראַביער פעלדער; די וואַ־טאַוון קויפן וואָס מער יוליקעס, ווייל אַזוי האָבן די פּאָסעסאָרס אָנגע־זאָגט.

דער בעסאַראַביער פּאָסעסאָר וויל זיך אויסשפּיינערן און ווייזן, אַז ער האָט אַ סך יוליקעס, מער ווי דער אַנדערער פּאָסעסאָר. ער פּרוּווט אויסצודינגען וואָס מער לאַנד. קיינמאָל ווייסט מען באַ אים נישט, וויפיל לאַנד ער פאַרמאָגט, נאָר עס דאַכט זיך אים, אַז יענער האָט מער לאַנד פון אים. לויפט ער אין דער שטיל און דינגט נאָך הונדערט פּאַלטשעס ערד; קויפט נאָך עטלעכע פּאָר אָקסן.

ווינטער אין שטאָט איז מען זיך גוטע פריינד; מען וווינט אין איין גאַס; מען פירט זיך אויף אַלע אויף איין שטייגער. אָבער זומער אין

פעלד איז איינער אַ שונא דעם אַנדערן. אויב בײַ איינעם אויף די פעל־
דער איז טרוקעניש, האָבן די איבעריקע הנאה דערפֿון; אויב בײַ איינעם
אויף די פעלדער איז אַ גרויס גערעטעניש, שטעכט דאָס די איבעריקע
אין דער זיבעטער ריפּ; אין דעם בעסטן ברען פֿון דער אַרבעט אויף די
פעלדער וועט איינער בײַם אַנדערן פּרוּוון אָפּרעדן די „יוליקעס", כּדי
יענער זאָל בלייבן אינדערמיט פֿון זיין אַרבעט און אַלץ זאָל בײַ אים גיין
קאַפּוט; אַזעלכע קלייניקייטן, ווי אונטערצינדן אַ סטויג אָדער פֿאַרסמען
דאָס וואַסער, וואו די בהמות טרינקען, ווערן אָפּגעטוּן פֿון איינעם אַנט־
קעגן דעם אַנדערן אין דער שטיל און אָן געשרייען, וואָרים שרייען וועט
דאָ גאָרנישט העלפֿן.

ווינטער אין שטאָט איז מען זיך אָבער גוטע פֿריינד.

---

דעם גאַנצן ווינטער, ווען אַלע פּאָסעסאָרס זענען אין שטאָט, ווערט
געשפּילט כּמעט אַלע אָוונט אין קאָרטן. היינט בײַ דעם און מאָרגן בײַ
אַן אַנדערן. און אויב מען שפּילט נישט אין קאָרטן, פֿאַרנעמען זיך די
מאַנסבילן מיט דעם, וואָס זיי גייען צו פֿרעמדע ווייבער. איך גיי
צו דיין ווייב, פֿאַרשטענדלעך, אַז דו קענסט פּרובירן גיין צו מיין
ווייב...

און אומגליקלעך איז דידאָזיקע פֿרוי זייערע, צו וועלכער עס גייט
נישט אַריין אַ פֿרעמדער מאַן. ערשטנס, פֿאַלט זי שטאַרק אַראָפּ אין די
אויגן פֿון איר אייגענעם מאַן. טאַקע, ווי אַזוי קען ער זי ליב האָבן, אַז
ער האָט נישט געכאַפּט בײַ איר קיינעם? נאָר אָט די ערשטע צרה וואָלט
נאָך געווען דערטראָגבאַר, ווען נישט די צווייטע, וואָס אַזאַ פֿרוי ווערט
באַלד אַרויפֿגענומען אויף דער צונג; אַלע שלייפֿן זיך די ציין וועגן איר
ביטער מזל.

און ווערט איינע אַריינגעכאַפּט צווישן אָט די ציין, לאָזט מען זי
נישט אָפּ ביז מען איז זיך גוט נוקם אָן איר. עס ווערט אָפּגעלאַכט
אפילו פֿון איר העמד, וואָס זי טראָגט אויף איר לייב. געטוּן ווערט דאָס
זייער איינפֿאַך: מען קומט זיך צונויף בײַ איינער אין הויז אין אַן אָוונט

און מען זעט, אַז יענע, וועמען מען האַלט צווישן די שאַרפע ציין, זאָל אויך קומען, און מען זיצט און מ׳וואַרפט אויגן. יעדע איינע האָט זיך איר ספּעציאַליטעט. למשל, די איינע האָט אַן אויג צו באַמערקן, ווי אַזוי יענע מאַכט מיט איר מויל, בשעת זי עסט; איינע אַן אויג צו באַמערקן, ווי אַזוי יענע האָט נישט קיין ריינע הענט; ווי אַזוי עס שטעקט באַ באַ איר אַרויס אַ ברעג פון דעם אונטער־קליידל, אָדער אַ זאָק איז באַ איר אַ ביסל צעריסן, אָדער זי האָט שוין גרויע האָר אַ סך צווישן אירע שוואַרצע האָר אויפן קאָפּ.

נאָך דעם אָוונט נעמט מען זיך צו דער אַרבעט; איינע טראָגט איבער צו דער אַנדערער; מען פלעכט צונויף אַלערליי מעשיות; מען לאַכט און מען האַלט זיך באַ די זייטן פון לאַכן.

די אָוונטן ווערן געביטן פון איין הויז אינם אַנדערן. היינט קומט מען זיך צונויף דאָ און מאָרגן דאָרט. און יענע, וועלכע ווערט געהאַלטן צווישן די שאַרפע ציין, שלעפט זיך, נעבעך, אויך מיט פון איין שטוב אין דער אַנדערער און לייגט זיך אין דער ברייט און אין דער לענג, אַז מען זאָל שוין קומען צו איר אין הויז. די ווייבער, וואָס האָבן שאַרפע ציין, כאַפּן זיך נישט אַזוי גיך צו קומען צו איר אין הויז: זאָל זי אַביסל אויסגיין פון הונגער נאָך געזעלשאַפט. מען קלויבט אויס עפּעס אַן אָוונט, ווען אין דרויסן איז רעגנדיק און בלאָטיק. דעמאָלט גייט מען צו יענער און מען טראָגט איר אָן אַ פול הויז מיט בלאָטע; דאָס, וואָס זי שטעלט צום טיש, וויל קיינער נישט נעמען אין מויל אַריין; מען זיצט נאָר און מען ווינקט זיך איבער און מען באַטראַכט די ווענט, די פאָרהענגלעך, דאָס מעבל, די פּאָדלאָגעס מיט די פאַרשפּרייטע קולימעס, און מען האַלט זיך נאָר אין איין ווונדערן, ווו זי האָט דאָס געקויפט, און זעט נאָר, ווי שיין דאָס איז און ווי ווייס די ווענט זענען, ווינקט מען זיך איבער.

די מענער זענען פאַרטון אין זייער קאָרטן־שפּיל. זיי אַרט נישט, וואָס זייערע ווייבער טון; זיי קענען זיך אויף זייערע ווייבער פאַרלאָזן, אַז זיי וועלן זייער שטעטל אַליין באַשטיין. דער ווינטער איז קורץ — איינס און צוויי, און מען דאַרף שוין ווידער פאָרן אין פעלד. האָבן זיי מורא צו פאַרלירן אַן אָוונט. מען שפּילט אין קאָרטן, מען פרעסט און טרינקט אַ סך ווייַן, מען כאַפּט אַ קניפּ באַ דער באַלעבאָסטע שטילער־

הייט, ווען קיינער זעט נישט, און אויב עס איז דאָ אַ שיינע דינסט בײַ דער באַלעבאָסטע, איז אוודאי גוט, און אויב נישט — איז נישט.

אין שטאָט־זאַכן מישן זיך אָט די פּאָסעסאָרס זייער ווינציק: פירן זיך און קליידן זיך אַנדערש, ווי אַלע אַנדערע מענער אין שטאָט, און קוקן אויף די איבעריקע אין שטאָט, ווי אויף קלענערע פון זיך, און זייערע קינדער, פאַרשטענדלעך, לערנען זיי אויך אַזוי צו זיין אַנדערש פון אַלע קינדער אין שטאָט.

דערצו האָבן זיי געבראַכט, אַזש פון דער ליטע, פאַר זייערע קינ־דער, אַ מלמד אַ נייעם. ניי איז ער געווען דערמיט, וואָס נישט נאָר ער האָט געלערנט נייע זאַכן מיט דידאָזיקע קינדער, נאָר אויך אין דעם וועג, ווי אַזוי ער האָט געלערנט. די קינדער זענען געזעסן בײַם לערנען אָן היטלען, און ער אַליין, דער מלמד, איז אויך געזעסן אָן אַ היטל. די קינדער האָבן אים געמעגט רופן בײַם פולן נאָמען און נישט בעדאַרפט זאָגן רבי. ער, דער מלמד, האָט די קינדער אויך גערופן אי בײַם ערשטן נאָמען און אויך בײַם פאַמיליען־נאָמען.

געהייסן האָט דער מלמד לייזער ראַווקין, אָבער אין שטאָט האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן לייזער דער מעטאָדעניק, דערפאַר וואָס ער האָט געלערנט די קינדער מיט אַ נייער מעטאָדע. עס איז איבעריק צו דערציילן, אַז מען האָט דעם לייזערן פיינט געהאַט אין שטאָט פאַר זיי־נע וועגן און פירונגען, כאָטש מען האָט זייער ווינציק אים געזען צווישן מענטשן, וואָרים לייזער ראַווקין האָט זיך געלעבט אין זיין ווינקל.

לייזער ראַווקין האָט געבראַכט מיט זיך אין שטאָט, אַ חוץ דער נייער מעטאָדע, ווי צו לערנען מיט קינדער, אויך אַ ווייב מיט עטלעכע קליינע קינדער, בעטגעוואַנט און אַ סך ביכער. די באַלעבאַטים זיינע האָבן פאַר אים געדונגען אַ שטוב אין דער גוישער גאַס. הינטער דערדאָזיקער שטוב זענען געלעגן פעלדער. מען האָט געדונגען דידאָזיקע שטוב מחמת צוויי זאַכן: ערשטנס, האָט לייזער ראַווקין געוואָלט אָפּגעזונדערטקייט, און צווייטנס, האָבן די באַלעבאַטים, כמעט אַלע פּאָסעסאָרס, געוואָלט, אַז זייערע קינ־דער זאָלן נישט דאַרפן זיצן אַ גאַנצן טאָג אין חדר, נאָר אויך אַלע צוויי שעה אַרויסגיין אין פעלד און זיך אַ ביסל שפּילן. דאָס לעצטע האָט לייזער מעטאָדעניק טאַקע געטון. מיט די קינדער איז ער אַלע מאָל אַרויסגע־גאַנגען הינטער דער שטוב אויף דעם פעלד און מיט זיי געשפּילט אַלער־

ליי שפּילן. ער אַליין האָט זייער פיל הנאה געהאַט פון די שפּילערייען, וואָרים ער אַליין האָט אויסגעטראַכט אַלע מאָל נייע שפּילן אי פאַר די קינדער, אי פאַר זיך אַליין.

אין שטוב איז בײַ אים געלעגן דער דלות. דערצו איז זיין ווייב געווען נישט קיין גרויסע בריה און באַוואָרפן מיט עטלעכע קינדער, אָבער אויף די ווענט זענען געהאָנגען נייע מינים בילדער, וועלכע מען האָט אין שטאָט פריער נישט געזעען. אין דעם צימער, ווו ער האָט געלערנט מיט די קינדער, זענען געשטאַנען גרויסע שאַפעס מיט ביכער.

די קינדער, וועלכע האָבן בײַ אים געלערנט, האָבן געמוזט זיין שיין פאַרקעמט און יעדן יינגל אָדער מיידל האָט ער געגעבן אַ ביכעלע, ווו ער פלעגט אַלע טאָג פאַרשרייבן און פאַרצייכענען, ווי אַזוי דאָס קינד האָט זיך אויפגעפירט אי בײַם לערנען, אי בײַם שפּילן. די קינדער האָבן לייזערן זייער ליב געהאַט און זיך געשראָקן פאַר די גרויסע שאַפעס מיט ביכער.

זיך צו וווּנדערן, פאַרוואָס די קינדער האָבן זיך געשראָקן פאַר די ביכער איז נישטאָ וואָס. וואַרים אפילו אַזאַ גרויסער בחור ווי לייביש — גרשון דעם שניט-קרעמערס — ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל אַריינגעקומען צו לייזער מעטאָדעניק, האָט ער זיך אויך דערשראָקן פאַר די שאַפעס מיט ביכער.

לייזער איז געקומען לייען אַ בוך. ווער עס האָט נאָר געוואָלט לייענען, האָט געקענט קומען צו לייזער דעם מעטאָדעניק לייענען ביכער. לייביש האָט געבאָרגט ביכער און זיי געשלונגען. ער איז אַזוי דורך דעם דאָזיקן אַריינקומען מיט לייזערן שטאַרק נאָענט באַקאַנט געוואָרן. לייביש האָט זיך אויפגעהערט שעמען פאַר לייזער ראַווקין. ער האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים אַזוי ווי אַ בעסאַראַביער בחור נאָר איז פעיק זיך אויפצועפענען פאַר אַ גוטן ברודער.

און אָט אַזוי פלעגן זיי אָפט שפּאַצירן איבער דעם פעלד אונטער לייזער מעטאָדעניקס הויז. דאָסדאָזיקע פעלד האָט זיך אָנגעהערט צו דער שטאָט. עס איז געלאָפן ווייט, ווייט פון שטאָט אַרויס ביז צום „הייליקן אָרט" און באַרג-אַראָפּ ביז צו דער ריטשקע...

לייביש האָט באַמערקט, אַז בײַ לייזער ראַווקין הענגט אַ בילד פון אַ מענטש מיט אַ ברייט, גוט און העלער פנים, מיט לאַנגע האָר, אָבער

אָן אַ היטל. לייביש האָט פריער געמיינט, אַז דאָס איז אַ בילד פון לייזערס פאָטער. איינמאָל, שמועסנדיק מיט לייזערן, האָט לייביש געטון אַזוי פון דער זייט אַ פרעג:

— אייער פאָטער?

— ניין.

— אַ קאָפּ־מענטש!

— דער פאָטער פון דער גאַנצער וועלט.

— וואָס הייסט? — האָט לייביש אָנגעשטעלט גרויסע אויגן.

— דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט, — האָט לייזער געזאָגט, און זיינע קליינע שוואַרצע אויגן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף לייבישן — דערווייל טאָרט איר מער נישט וויסן.

לייביש האָט געקוקט אויף דעם בלייכן אויסגעדאַרטן פּנים פון לייזער ראַווקין מיט דעם קליינעם אונטערגעשווירעגעם בערדל און מער גאָר נישט געפרעגט. דער „פאָטער פון דער גאַנצער וועלט" הענגט דאָ אויף דער וואַנט, באַדאַרף מען גאָרנישט פרעגן. עס האָט אים אָבער אָנגעהויבן צו ציען אין דערדאָזיקער שטוב אַריין. ער איז געווען אַ לײדיקגייער. אין קראָם באַ זיין טאַטן האָט ער זיך נישט געמישט, חוץ אין אַ יאַריד־טאָג. ער האָט אַ גאַנצע וואָך געלעזן ביכער. לייביש האָט באַמערקט, אַז נישט אַלע ביכער קען ער נעמען. לייזער ראַווקין האָט אים אָנגעהויבן צו שטראָפן, פאַרוואָס ער לייענט אַזוי גיך, אַלע טאָג אַ בוך.

— עס בלייבט באַ אייך גאָרנישט איבער. — האָט לייזער ראַווקין געזאָגט און זיך פאַרשעמט.

— וואָס איז דאַרטן פאַר אַ מין ביכער? — האָט לייביש אָנגעוויזן אויף אַ פּאָליצע אין דער שאַפע.

— נאָכנישט די צייט פאַר אייך.

— פרעגט באַ מיר, וועל איך אייך דערציילן אויסנווייניק, וואָס איך האָב געלעזן, — האָט לייביש זיך געפּרוווט פאַרטיידיקן.

— אָבער אין אַ יאָר אַרום וועט זיך באַ אייך אַלעס אויסוועפּן — האָט לייזער ראַווקין געזאָגט — אַ בוך מוז מען אין בלוט אַריין לייענען... הערט, לייביש, ווי וואָלט געווען, אַז מיר זאָלן עפענען אַ לייען־צימער פאַר איטלעכן?

— אוי, גוט! — האָט זיך לייביש אָנגעכאַפּט.

— איך וועל אַריינשטעלן מיינע ביכער אין יענעם צימער, מען וועט אַריינשטעלן אַ טיש מיט בענקלעך, און זאָלן מענטשן קומען און לייענען. פֿאַרשטייט, אַז עס איז נישט געווג, וואָס מיר, איך און איר, נאָר אַלע באַדאַרפֿן לייענען.

— גוט, איך וועל איבער־שמועסן מיט דינה גאָלדשטיין און מיט נאַקמאַנען.

אין אַ וואָך אַרום איז שוין געוועזן אַ צימער מיט אַ טיש מיט בענקלעך, און די שאַפֿעס מיט ביכער זענען דאָרטן געשטאַנען. דינה גאָלדשטיין, לייביש און נאַקמאַן און אויך לייזער ראַוווקין האָבן זיך געטיילט מיט דעם טאָג. יעדער פֿון זיי איז געשטאַנען אין לייען־צימער אַ געוויסע צייט פֿון טאָג, אַרויסגעגעבן ביכער און פֿאַרשריבן דעם נאָמען פֿון דעם, וואָס איז געקומען נעמען ביכער.

קיין שמש האָט נישט געוואָלט גיין און אויסשרייען איבער דער שטאָט וועגן דעם לעזע־צימער.

— אַ, וואָס? — האָבן די שמשים געפֿרעגט.

— אַ לעזע־צימער! אַ לעזע־צימער!

— כי־כי־כי, מיר שרייען נישט!

האָט מען געמוזט אָנקומען צו אַבֿרהמען. אַבֿרהם האָט זיך נעבעך שווער אָנגעאַרבעט מיט דעם, וואָס ער האָט צונויפֿגעטראָגן אין דעם צימער דעם טיש מיט די בענקלעך. די אַלע זאַכן האָט מען באַקומען אַלס מתּנות פֿון לייזער ראַוווקינס באַלעבאַטים. איינער האָט געגעבן דעם טיש און אַנדערע: ווער אַ קיילעכיק בענקל און ווער אַ פֿירעקיק בענקל. אַבֿרהם האָט דידאָזיקע זאַכן געטראָגן און צונויפֿגעטראָגן. ער האָט אויך געבראַכט די ביכער מיט די ברעטער פֿאַר די שאַפֿעס און אַליין צונויפֿגעקלאַפּט פּאָליצעס. האָט ער באמת זייער גוט זיך אָנגעאַרבעט. אָבער אַז אַבֿרהם האָט געטאָן אַ קוק, אַז קיינער פֿון די שמשים וויל נישט אויסשרייען איבער דער שטאָט, האָט ער נישט קיין סך געטראַכט, נאָר אַהיימגעגאַנגען, אָנגעטאָן זיין אַלטן סאָלדאַטסקן מונדיר און איז אַרויס איבער די גאַסן, און אַזוי ווי אין זיין פּולק דער ראַטניק, אַזוי האָט ער געשריגן איבער די גאַסן:

— עס איז בײַ וועלוול שניידער אין שטוב געעפֿנט געוואָרן אַ לעזע־צימער, ווער עס וויל, קען קומען און לייענען ביכער!

פאַרשטענדלעך, אַז קינדער זענען אים נאָכגעלאָפן און אין שטאָט איז געוואָרן אַ גערודער. גראָד דאָס, וואָס אברהם האָט געטראָגן זיין סאָלדאַטסקע מונדיר, האָט אַ ביסל אָנגעשראָקן די שטאָט. מען האָט גע- מיינט פון אָנהייב, אַז עס שמעקט מיטן קייסער, אָבער שפּעטער איז מען געוואויר געוואָרן ווער עס שטעקט דערינען.

דינה גאָלדשטיין האָט באַלד אָנגעהויבן באַקומען קאַרטלעך מיט דער פּאָסט. די קאַרטלעך זענען געשריבן געוואָרן מיט איבערגעקערטע שורות און פון קיינעם נישט אונטערגעשריבן. אין איין קאַרטל האָט מען באַ דינהן געפרעגט, ווען עס וועט באַ איר זיין דער ברית. און אין אַן אַנדער קאַרטל האָט מען געשריבן, אַז מען קוקט זיך אונטער דורך דעם פענצטער און מען האָט געזעען, געזעען.

ישראל גאָלדשטיין האָט גענומען דידאָזיקע קאַרטלעך און זיי אַרומגעטראָגן איבער דער שטאָט און געוויזן וועמען ער האָט נאָר גע- טראָפן. פאַר דינהן און פאַר דער מוטער האָט ער זיי באַהאַלטן. בשעת ער האָט עמעצן געוויזן די קאַרטלעך, האָט ער אויף יענעם אָנגעשטעלט מאָדנע גרויסע אויגן, און דאָס מויל זיינס, מיט די ברייטע פליישיקע ליפּן, פלעגט זיין ברייט אָפן מיט אַ שמייכל.

— ווער קען דאָס זיין?

— ווער?!

— עס האָט די ווערט אַ מיליאָן צו וויסן ווער עס שרייבט די קאַרטלעך.

— קיין זייער פיין מענטשל שרייבט אַזוינס נישט.

— עליי אַ מסירהלע, גאָט זאָל אָפּהיטן.

— עפּעס אַזוינס!

— צו וואָס באַדאַרף מען דאָס?

— וועלכעס?

— אָט דאָס לעזעכץ?

— איר זענט אויך פון יענע? — ווערט שוין פאַרוווּנדערט ישראל גאָלדשטיין.

— איך בין נישט פון יענע, אָבער איך מיין, אַז מען באַדאַרף יידן קיין גוטס נישט טון, וואָרים זיי דריגען צוריק מיט די פיס. — זאָגט דער ייד און טוט אַ קרעכץ.

— דאָס איז אמת, אָבער מיין דינהלע טוט דאָס, וואָס מען באַ־דאַרף און זי וויל נישט פון קיינעם קיין באַצאָלט, — זאָגט שוין מיט שטאָלץ ישראל גאָלדשטיין — און יענע דאַרטן וועלן מיט דער צייט פּאַסקודנע אָפּשניידן.

מיט דעם וואָרט „יענע" האָט ישראל גאָלדשטיין געמיינט די ר' ארקעס און זיינע נאָכשטופּערס. ר' ארקע האָט געפלאַמט ווי אַ פייערדיקער באַרג, פאַרוואָס מען דערלאָזט אַזוינס אין אַ יידישער שטאָט. בעת ר' ארקע פלעגט שרייען און שפּריצן פעך פון מויל, האָט ער תּמיד גע־מאָלן מיט זיין צעפלאַמטער פאַנטאַזיע, ווי אַזוי יידישע קינדער, בחורים מיט מיידן, פאַרשליסן זיך אין אַ חדר מיוחד, לערנען טריפהנע ביכער און זענען באַלד מקיים דאָרט אויפן אָרט דאָס, וואָס עס שטייט געשריבן אין די טריפהנע ביכער.

— איר וועט זעען, וואָס פאַר אַ צרה עס קומט אויף אונזער שטאָט! — האָט ר' ארקע געוואָרנט און זיינע אויגן האָבן געברענט מיט שגאה — מען באַדאַרף זיי באַלד אויסרייניקן פונדאַנען!

עס קען זיין, אַז ר' ארקע איז געווען אַ גוטער אָנשמעקער, וואָרים, ווי מיר וועלן ווייטער זעען, איז טאַקע עפּעס געקומען אויף דער שטאָט.

דאָס לייען־צימער האָט זיך באַליבט געמאַכט בײַ דער יוגנט. דאָרטן זענען אַריינגעקומען אַלערליי מענטשן. עס איז נישט געווען דאָרטן קיין גרעסערס און קיין קלענערס. שניידער־יונגען און מיידלעך; באַלעבאַטישע יונגען און מיידלעך; רייך און אָרעם — אַלע האָבן גע־לייענט נאָך זייער קענטעניש און געשמאַק. עס איז דאָרטן געווען ראָ־מאַנען אין אַכציק טיילן וועגן דעם געלן פּיפערנאָטער, אָדער דער יידי־שער גראַף אין געפאַנגענשאַפט, און עס איז אויך געווען גוטע ביכער אויף רוסיש, העברעיש און יידיש.

דינה גאָלדשטיין און לייביש האָבן אין דעם לייען־צימער געפונען אַן אינהאַלט. ערשטנס, האָבן זיי זיך אָפט געקענט זעען, כאָטש רעדן האָבן זיי נישט געקענט, וואָרים אַמבעסטן, ווען זיי האָבן שוין פאַרבונדן אַ געשפּרעך, איז עמעצער געקומען לייענען אַ בוך. צווייטנס, האָבן זיי אי זיך געלערנט און אי יענעם געלערנט. נאָכמאַן איז געווען פאַרטון אין זיין אַרבעט. דערצו איז שוין נישט געווען ווייט די צייט, ווען ער האָט

באַדאַרפט אָוועקפירן די בעסאַראַבער יידן אויף זייער פרייער ערד. נאָכ־מאנען האָט אָבער געפרייט, אַז עס איז דאָ עפּעס איבערצולאָזן הינטער זיך, נאָכדעם װי ער וועט אַוועק פון דאַנען.

לייביש איז אָבער געבליבן אַ היגער, און דערפאַר איז די אַרבעט געפאַלן אויף אים. ער האָט זיך דערוויייל זייער נאָענט באַפריינדעט מיט לייזער ראַזוקין.

און איינמאָל, ווען זיי האָבן אין אַ פאַרנאַכט געכאַפּט אַ שפּאַציר און די זון האָט זיך געזעצט פון יענער זייט טייכל און די בהמות פון שטאָט זענען מיט אַ קלינגעריי און מאַכנדיק אַ שטויב איבער דעם וועג, געגאַנגען אַהיים פון פעלד און אינדרויסן איז געוואָרן האַלב ליכטיק און האַלב פינצטער, האָט לייזער זיך אָנגענומען מיט לייבישן זייער נאָענט און אים שטיל געזאָגט אַ וואָרט, וואָס האָט געקלונגען בא לייבישן אין די אויערן, ווי דאָס וואָרט ווינט.

— עס איז נישטאָ קיין ווינט, ניין, — האָט לייביש מיט תמימות געענטפערט.

— זאָל ווערן! — האָט לייזער שטיל געזאָגט, אַליין אַ פאַרטראַכ־טער, און דערפאַר נישט איינהערנדיק זיך גוט, וואָס לייביש האָט גערעדט צו אים.

לייביש האָט פאַרשטאַנען, אַז לייזער האָט עפּעס זייער וויכטיקס געזאָגט און ער, לייביש, האָט עס נישט אויפגעכאַפּט. לייביש האָט דער־פאַר איבערגעפרעגט:

— וואָס האָט איר פריער געזאָגט?

— עס מוז ווערן!

— וואָס? — איז לייביש אַזש געשפּרונגען פון דער הויט.

— דער בונד. — האָט לייזער שטילערהייט אַריינגערעדט צו לייבישן אין אויער אַריין — איר ווייסט נישט, וואָס דאָס איז? האַ, איך און איר. פאַרשטאַנען? עס מוז זיין אַ טיפער סוד, פאַר־שטאַנען?

— איך פאַרשטיי, — האָט לייביש געזאָגט און זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט פייער, כאָטש ער האָט נישט געוואוסט, וואָס דאָס מיינט „דער בונד", און וואָס עס מוז זיין אַ טיפער סוד. אַזוי ווי אַלע

יונגע מענטשן פון לייבישס עלטער, האָט ער געפילט אַ נייגונג צו סודות. לייביש האָט נאָך אַ ביסל שווייגן געפרעגט:

— מען באַדאַרף זיך אַמאָל אַליין מפקיר זיין?

— האַ, האָ! איר פאַרשטייט, לייביש: די וועלט, ווי זי איז איצט, איז פול מיט לייד, אומגערעכטיקייט און אומברחמנותדיקע שלעכטקייט. עס זענען דאָ ניין־און־ניינציק שלעכטע און אפשר איין גוטער, עס זענען דאָ ניין־און־ניינציק אָרעמע און איין רייכער. וואָס קען איינער טאָן קעגן אַזוי פיל, אויב נישט מער, ווי זיך אַליין מפקיר זיין. איך האָב באַ זיך שוין געפועלט. קענט איר באַ זיך פועלן?

— איך ווייס נישט, וואָס איר מיינט, — האָט לייביש געזאָגט און בשעת מעשה געפילט, אַז זיין גאַנץ וועזן ציטערט פון אויפרעגונג — אָבער איך בין פאַרטיק זיך מקריב צו זיין.

— שווערט מיר, אַז עס וועט זיין אַ סוד, — איז פּלוצלינג לייזער געבליבן שטיין אינמיטן פעלד און זיך אויסגעגלייכט און אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט וועלן אונטערשפּאַרן דעם הימל — צווישן מיר און אייך?

לייביש האָט דערפילט אַ קעלט אין אַלע זיינע ביינער. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. דאָס שטילקייט פון די ווייטע גראָזן האָט אים איצט געשטערט זיך אויפצוזאַמלען און זיך איבערצוגעבן צו דעם ווייטן אומדערגרייכבאַרן געפיל פון דאָס נישט־באַנומענע. ער האָט זיך אָנגעבויגן צו דער ערד, אויסגעריסן אַ גרעזל מיט דעם וואָרצל און געזאָגט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן צו דעם גרעזל:

— איך שווער!

לייזער ראַווקין האָט באַלד אַראָפּגעשלונגען אַ ביסל שפּייעכץ צו מאַכן זיך ריינער דעם האַלז און אָנגעהויבן מיט די ווערטער:

— אונזער בונד פון ליטע, פּוילן און אַזוי ווייטער:

זיי זענען ביידע אַרומגעגאַנגען ביז הנץ שפּעט אין אָוונט, און לייזער האָט גערעדט און לייביש האָט געהערט: וועגן דעם, אַז עס איז דאָ צווייערליי וועלטן, אַז מען דאַרף אויסגלייכן די וועלט. באַ דעם רייכן אַפּנעמען און געבן דעם אָרעמאַן. עס זענען פאַראַן מענטשן מיט קייטן אויף זייערע לייבער. מען באַדאַרף זיי באַפרייען פון די קייטן, מען קען עס אפילו טון מיט איין קלאַפּ און איבעררייסן די קייטן. דאַן

איז פֿאַרהאַן אַ סכנה. דער מענטש קען אומקומען. בדרך משל רעדט זיך אַזוי: עס מיינט פֿאַרגיסן בלוט דאָס ווילן מיר נישט. אונזערע הענט יענען ריין פֿון בלוט. וואָס דען טוּן מיר? מיר פֿיילן די קייטן צו ביסלעך ביז זיי ברעכן זיך איבער. עס איז אָבער פֿינצטער אַרום און אַרום. בדרך משל רעדט זיך אַזוי. עס מיינט פּשוט, אַז מען לאָזט נישט פֿיילן. אַ סך אונזערע זיצן שוין אין פֿינצטערע אַסטראָגן. מיר באַדאַרפֿן נייע כּוחות. אונזער געדאַנק מוז זיך צעגיסן איבער דער גאַנצער וועלט.

— איך וועל אפֿילו דינה גאָלדשטיין נישט דערציילן. — האָט לייביש שטיל געזאָגט באַם געזעגענען זיך מיט לייזערן יענעם אָוונט.

— גאָט זאָל אייך אויסהיטן, — האָט לייזער געזאָגט גוטמוטיק, — גייט אַהיים און באַטראַכט, וואָס מיר וועלן טוּן. איך וועל אויך טראַכטן, און ווען מיר וועלן זיך טרעפֿן, וועלן מיר ביידע האָבן צוויי פּלענער, און דער פּלאַן וואָס וועט זיין בעסער, וועט באַלד גיין צו דער אַרבעט. אַ גוטן!

צו באַשרייבן דאָס, וואָס לייביש האָט יענעם אויפֿדערנאַכט דורכגעטראַכט איז אוממעגלעך, וואָרים לייביש האָט בטבע נישט געטראַכט אין אַ גלייכער ליניע. ער האָט געקענט זיך אַוועקשטעלן אויף איין פּונקט אַ לענגערע צייט און ווידער דערנאָך איבערשפּרייזן גאַנצע בערג און טאָלן און יאָגן אַזוי גיך, אַז עס אוממעגלעך אפֿילו פֿאַר אַ געניטע פּעדער נאָכצויאָגן אַזעלכע מחשבות.

אויף דעם אַנדערן טאָג, קומענדיק אין לעזע-צימער, איז ער געווען זייער צעטראָגן. דינה גאָלדשטיין האָט באַמערקט, אַז ער איז צעטראָגן און קען נישט איינזיצן אויף אַן אָרט. ער עפֿנט ביכער און לייגט זיי צוריק אין דער שאַפֿע.

דינה האָט געוואַרט אויף דעם גוטן וואָרט פֿון לייבישן און זי האָט געמיינט, אַז ער גרייט זיך איצט עפּעס צו זאָגן. זי איז געזעסן אין אַ ווינקל און מורא געהאַט אַ וואָרט אויסצורעדן. — דינה — האָט לייביש זיך פּלוצלינג געווענדט צו איר — האָסט שוין אויסגעקליבן?

— נאָך נישט.

— און פֿאַרסט אַוועק?

— איך פֿאָר.

— הייסט עס, אַז דו האָסט אויסגעקליבן נאָקמאַנען.

— איך פאָר מיט דיר.

— דאָס הייסט, אַז דו בלייבסט דאָ.

— ניין, דאָס הייסט, אַז דו פאָרסט אויך.

— אַז זי זאָגסט, ווייסטו, וואָס דו זאָגסט.

— קריגסט זיך שוין מיט מיר באַצייטנס.

— איך וויל זאָלסט וויסן, אַז כּל זמן נאָקמאַן שטייט אין וועג, האָב איך דיך פיינט.

— רוים אים אָפּ פון וועג. — האָט דינה געזאָגט שוין אַ ברוגזע.

— ווילסט בלוט?

— פון מיינעטוועגן זאָל זיין בלוט.

— באַ אונז איז ריין די האַנט פון בלוט — האָט לייביש געזאָגט און געעפנט אַ בוך און אַריינגעקוקט אין אים און מער גאָרנישט גע־רעדט. ער האָט אָבער נישט געקענט לעזן. עס איז שוין געווען די צייט, אַז ער זאָל שוין דאָ אין לעזע־צימער נישט זיין. וואָס־זשע טוט ער נאָך דאָ? אים פאַרדריסט, וואָס ער איז געבליבן איצט און וואָס ער בלייבט אַלע מאָל, ווען דינה קומט. און עס האָט זיך באַ זיי אויסגעלאָזט אַלע רייד. זיי ווערן אומבאַהאָלפן, ווען זיי בלייבן אַליין אויג אויף אויג. דינה ווערט פון טאָג צו טאָג דערווייטערט פון אים. לייביש פילט, אַז דאָס איז נישט דער וועג. דאָס איז נישט דער וועג ווי אַזוי ליב צו האָבן דינהן. אַז ער וועט אויסטראַכטן אַ פּלאַן ווי אַזוי די וועלט אויסצו־גלייכן, וועט ער דערנאָך זיך אַ נעם טון גאָר אַנדערש ליב צו האָבן דינהן.

לייביש האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן צו דינהן, זי איז געזעסן אַ פאַרטראַכטע אין אַווינקל פון צימער, דינה האָט גיכער אויסגעזעען ווי אַן אַנדער וועזן, איידער ווי אַ מענטש פון דער וועלט. לייביש האָט גרויס דרך ארץ באַקומען פאַר איר און מורא געהאַט דאָ צו פאַרבלייבן מיט איר און איז שוין געווען גרייט אַוועקצוגיין, ווען די טיר פון צימער האָט זיך געעפנט און אַ מיידל מיט אַן אויסערגעוויינלעך ווייס פּנים און מיט צוויי רויטע באַקן איז אַריינגעקומען.

— דאָ קריגט מען ביכער?

ביידע, אי לייביש, אי דינה, זענען אַנטקייגנגעלאָפן דעמדאָזיקן

מיידל. ביידע האָבן זיך דערפרייט איבער דעם מיידל. ווי עס האָט אויס־געוויזן שוין אַ לאַנגע צייט קיינער נישט געקומען.

— וואָס פאַר אַ בוך וויל דאָס פריילין? — האָט לייביש גע־פרעגט.

— איך וועל איר געבן אַ בוך — האָט דינה געפּרוווט אויסכאַפּן דעמדאָזיקן לעזער — ווילט איר אַ שיינע רייזע־באַשרייבונג אָדער אַ אַ ראָמאַן?

— איך וויל עפּעס אַ בוך, וואָס זאָל טון אַ קלעם באַ די לע־בער — האָט דאָס מיידל געזאָגט פּראָסט און מיט דער שטימע פון אַ מאַן.

— לייביש, — האָט דינה געזאָגט, זיך קוים איינהאַלטנדיק פון לאַכן און אָנגעקוקט לייבישן פון דער זייט — איר באַדאַרפט דאָך ער־געץ גיין. איך וועל שוין דער פריילין געבן אַ בוך אַ גוטס. ווי איז איי־ער נאָמען, פריילין?

עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס דאָסדאָזיקע מיידל מיט די רויטע באַקן אויפן ווייסן געזיכט האָט געדאַרפט זאָגן איר נאָמען. זאָגן, אַז זי האָט נישט געוווּסט, ווי זי הייסט, איז נישט אמת, אָבער זי האָט האָט זיך אויפן אָרט נישט געקענט דערמאָנען, ווי זי הייסט.

לייביש האָט זיך אַרויסגעשאַרט פון צימער.

גייענדיק צופעליק פאַרביי דאָס שניידער־געסל, האָט ער געהערט אַ מאַשינען־רויש און געזאַנג. עס האָט געשמעקט דער ריח פון שווייס, און די אָרעמקייט האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן — פון צעריסענע קאָלדרעס, איבערגעפוילטע קישנס, האַלב־נאַקעטע קינדער און נישט־געקאַלכטע ווענט. דערצו אַזוי פיל מיסט אין גאַס און מאַשינען רוישן און יונגע מענטשן זינגען. — אָט איז עס! — האָט לייביש אַ זאָג געטון צו זיך אַליין און איז אַוועק מיט גיכע טריט צו לייזער ראַוווקין.

לייזער האָט אים באַגעגנט מיט ביידע הענט, אויסגעשטרעקט און מיט פרייד:

— נאָר וואָס די מינוט באַפרייט די קינדער, און מיר וועלן באַלד אַרויסגיין אויף אַ שפּאַציר. און אַז ביידע זענען שוין פאַמעלעך געגאַנ־גען אויף דעם ווייכן גראָז ווייט פון שטאָט, האָט לייזער אַ פרעג גע־טון באַ לייבישן:

— עפּעס געטראַכט וועגן אונזער ענין?

— איך האָב שוין כמעט עפּעס דערטראַכט.

— איך אויך.

— וואָס?

— פריער וויל איך הערן אייער פּלאַן, — האָט לייזער געזאָגט — איך האָב תּמיד ליב צו הערן פריער, וואָס יענער האָט צו דער־ציילן.

אין לייען־צימער איז געקומען צוגיין אַ שניידער־מיידל נעמען אַ בוך.

— אָ, אָט דאָס, וואָס איך וויל. זאָלן זיי קומען. — האָט לייזער זיך געפרייט.

— זי וויל אָבער אַ בוך, וואָס זאָל אַ נעם טון בײַ דער לעבער — האָט לייבוש געשמייכלט.

— עס איז זיי נעבעך נישט גוט; שווער צו לעבן; ווילן געפינען אויסלייזונג. — האָט לייזער פאַרטיידיקט דאָס מיידל — עס איז נישטאָ פון וואָס צו שמייכלען.

— אָ, דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן — האָט זיך לייביש, ווי אָנגעכאַפּט אָן עפּעס — ווי וואָלט געווען אַ פּלאַן זיך אַ נעם צו טאָן צום שניידער־געסל.

— געניאַל! — האָט לייזער ראַווקין אויסגעשריגן — האָב איך נישט געזאָגט, אַז איך האָב ליב אויסצוהערן פריער, וואָס יענער האָט צו זאָגן. עס איז אַ געניאַלער פּלאַן. מיר וועלן אָנהייבן פון דער שניידער־גאַס. פאַרוואָס זאָלן זיי האָרעווען אַ גאַנצן טאָג און אַ שטיק אין דער־נאַכט אַריין פאַר גאָרנישט, בשעת אַנדערע גייען אַרום ליידיק און האָבן אַ סך?

— אַ שטייגער מיין פאָטער, נעמט מיין פאָטער — האָט לייביש געמיינט גאַנץ אויפריכטיק — אַלץ, וואָס ער טוט איז דאָס: ער ברענגט געוואַנט, מעסט עס אויס און גיט אַוועק צום שניידער. דער שניידער צעשניידט און נייט אויף הויזן, רעק, און ברענגט צוריק צו מיין טאַטן. די הויזן און רעק ווערן פאַרקויפט, און ווו בלייבט דאָס געלט?

— באַ אייער פאָטער — כאַפּט אונטער לייזער, ווען ער זעט, אַז לייביש איז פאַרטראַכט.

וואָס-זשע באַדאַרפן מיר טון? — פרעגט לייביש, און זיין פּנים פאַרציט זיך מיט אַ טרויער.

— מיר וועלן עפּעס פאַרטראַכטן — באַרויקט אים לייזער — פריער וועלן מיר זיך נאָענט באַקענען מיט די שניידער. אַזוי אינמיטנדערינען קומען צום שניידער און אים זאָגן: שניידער, ווילסט ווערן רייך? וועט ער אונדז אָנקוקן ווי משוגעים. און עס קען נאָך געמאָלט זיין, אַז מען זאָל מוזן אויפהערן נייען הויזן און רעק.

— דאָס וועט זיין אינטערעסאַנט — האָט לייביש זיך געפרייט — די מאַשינען וועלן זיך אויפהערן צו דרייען.

— איך האָב שוין אַזוינס געזען, — האָט לייזער זיך באַרימט — און דאָס מיז געטון ווערן, אַז קיינער זאָל נישט וויסן, ווער און וואָס און ווען.

— מען באַדאַרף שטילערהייט — פרוווט טרעפן לייביש.

— אָט, אָט, — גיט אונטער מוט לייזער — איצטער, חבר, וועלן מיר דערפון מער נישט רעדן. קענט איר פועלן באַ זיך מער דערפון נישט צו רעדן?

לייביש שאָקלט מיטן קאָפּ.

לייזער הייבט אויף ביידע הענט, ציט זיי אויס אין דער ברייט און לאָזט זיי אַראָפּ צו דער ערד. דערנאָך גייט ער באַ דער זייט פון לייבישן און שווייגט אויך. פונקט אַזויווי לייביש.

דאָס פעלד איז באַגאָסן מיט ליכטיקייט און וואַרעמקייט. דאָס גראָז ליגט נאָענט באַ דער ערד און זויגט שטילערהייט פון דער מאַמען זייגער, האַלט פאַרמאַכט דאָס גרינע אויג און אפשר פון דעם אָוונט מיט די שטערן און פון וואַקסן. ווייט, אַרום און אַרום ליכטיקע, וואַרעמע פעלדער, וועגן לויפן און פאַרלירן זיך; אַ לאַנגע קייט אָקסן, געשפּאַנט איין פּאָר צו דער אַנדערער אין דער לענג, שלעפּן מן הסתם דעם אַקער, כאָטש זיי ווייזן אויס פון ווייטן אַזויווי אויסגעמאָלט אויף אַ גרינער לייוונט; און אויף אַ באַרג ווייטער זענען צעשפּרייט אַ סך שאָף און זייער פּאַסטוך מיט דעם אויסערגעוויינלעך ווייסן העמד זיצט לעבן זיי. וואָס טוט דער פּאַסטוך? אָדער ער פייפט אויף זיין דודע, אָדער ער שניצט אַ גרינעם

שטעקן און מאַכט אויף אים ווייסע פלעקן; אויף די רונדע בערג, אין די טיפע טאָלן לויפן שוואַרצע פּאַסן ערד; לויפן העל־גרינע פּאַסן פון נאָר וואָס אויפגעגאַנגענעם ווייץ. און דאָס אַלץ וואַרעמט זיך אין דעם וואַרעמען בעסאַראַביער טאָג. און דאָס אַלץ האָט געטראָפן אין איין שיינעם, וואַרעמען שבת נאָכמיטאָג.

---

דאָס לייען־צימער איז געווען אָנגעפּולט מיט יונגע מענטשן. דאָ זענען געווען אי נאַקמאַן, לייביש, לייזער, ראַווקין און דינה גאָלדשטיין; שניידער־מיידלעך, שניידער־יונגען, קירזשנער־בחורים מיט זייערע שוואַרצע, אומגעוואַשענע הענט, שוסטער־חברה מיט זייערע כאַראַקטער־לאַנגע העלזער און אויסגעבויגענע רוקנס. עס האָט אין צימער געשמעקט מיט דעם פיינעם שמעקעכץ, מיט וואָס די קראָמען־משרתים האָבן זייערע האָר אָנגעשמירט. דידאָזיקע משרתים זענען געווען אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק און מיט שרייענדע שניפּסן אין זייערע קאָלנערס. זיי האָבן אויך געהאַלטן אין איין קנאַקן מיט די ציין דיניע־קערעלעך און געוואָרפן דאָס שאָלעכץ אויף דעם דיל. ס'איז אין צימער דורך דעם איינציקן פענצטער אַריינגעקומען אַ לאַנג צעקעסטלט וויניק פענצטער און אין דער קרום צעשפּרייט געלעגן אויפן דיל פון שטיבל. יעדער איינער האָט געהאַלטן אַ בוך אין האַנט און געלעזן, געבלעטערט. פון צייט צו צייט האָט אין צימער זיך אויפגעהויבן אַ געברומעריי פון דעם, וואָס אַלע האָבן גערעדט צווישן זיך. נאָר באַלד האָט עמעצער געטון אַ געשריי אויס, אַז אין אַ לייען־צימער מוז זיין שטיל, און עס איז געוואָרן שטיל.

לייזער ראַווקין איז געשטאַנען אין אַ ווינקל מיט לייבישן און שטילערהייט מיט אים געשמועסט. ראַווקין האָט באַלד געוואָלט אָנהייבן רעדן. דאָס האָט געזאָלט זיין דער ערשטער אַרויסטריט. ווען פּלוצלינג אַ בראַזג, אַ קלאַנג פון צעבראָכן גלאָז, און אַ שטיין איז געלעגן אויפן דיל, און דורך די צעבראָכענע שויבן האָבן פנימער בייזע אַריינגעקוקט און הענט האָבן זיך געהויבן אין דער לופטן איבער דידאָזיקע פנימער און קולות: — מען האָט אייך געכאַפּט! צינדט אונטער דאָס הויז! באַוואַרפט זיי מיט שטיינער! שלעפּט אַרויס די שיקסעס בײַ זייערע האָר!

פריער די שרעק, דערנאָך דאָס קוויטשען פון די מיידלעך און דערנאָך דאָס פראַלן פון טירן, און די שניידער-יונגען האָבן פון זיך די רעקלעך אַראָפּגעכאַפּט, און די משרתים, די אויסגעפּוצטע, האָבן זייערע קאָלנערס אויפגעפּראַלט, און די קירזשנערס האָבן געוואָרפן מיט זייערעביינערדיקע שוואַרצע הענט, און דאָס געשלעג האָט זיך אָנגעהויבן.

לייזער ראַוווקין איז אויסגעוואַקסן אויף דעם אויסגעבראָכענעם פענצטער, מיט זיינע בלייכע קליינע הענט האָט ער זיך אָנגעהאַלטן אָן די ליידיקע ראַמלעך פון פענצטער.

— אונזערע הענט זענען ריין פון בלוט! — האָט זיין באַסאָווע שטים אויסגעקייקלט — קינדער, איך הייס אייך באַלד אַריינגיין צוריק, ווער עס הערט מיין וואָרט. דער זאָל אַריינגיין אינעווייניק און זאָל דער שטיין, וואָס זיי האָבן געוואָרפן, פאַלן אויף זייערע קעפּ.

דאָ און דאָרט האָט נאָך עמעץ געכאַפּט אַ פּאַרפּאָר אין די ציין; דאָ און דאָרט האָט נאָך עמעץ געפילט די שטאַרקע ביינערדיקע האַנט פון אַ קירזשנער-בחור. לייזער ראַוווקינס וואָרט האָט אַלעמען איינגעוויגט און באַרויקט.

אין צימער איז צוריק געוואָרן ענג. און אין דרויסן איז דער עולם, וואָס איז זיך אָנגעלאָפן, געוואָרן וואָס אַמאָל קלענער. וועלוול שניידער, אין וועמעס הויז דאָס געשלעג איז פאָרגעקומען, האָט מיט זיין ווייב, אַ הויכע יידענע מיט אַ בילמע אויף איין אויג, וואָס דאָס אויג האָט אגב געשראָקן וועמען עס האָט אָנגעקוקט, געבעטן דעם עולם מיט גוטן, זיך פונאַנדערצוגיין. לייזער ראַוווקין האָט פון אויפרעגונג זיין רעדע נישט געהאַלטן. עס איז געוואָרן קלאָר, אַז דאָ גייען שונאים אויף זיי אַלעמען.

— אויב מיט בלוט, וועלן מיר אויף דעם ענטפערן — האָט לייזער ראַוווקין אַזש געציטערט פון אויפרעגונג — קומט, וועלן מיר פּאַמעלעך אַרויסשפּאַצירן אין פעלד. למען השם, גייט פּאָרווייז, זאָלן זיי מיינען, אַז איר גייט שפּאַצירן. באַם טייך וועלן מיר זיך אַלע טרעפן. איך האָב עפּעס צו דערציילן. לייזער ראַוווקינס קליינע פיגור האָט זיך שיער נישט פאַרלוירן דאָ צווישן אָט די אַלע גרויסע, געזונטע האָרע-

פּאַשניקעס. ער איז אַרומגעלאָפן איבער דעם צימער אַ בלייכער און אַלע מאָל געטון אַ כאַפּ אַן איינעם פון דידאַזיקע בחורים:

— וואָס ביסטו? אַ שניידער, האַ? וואָס ביסטו אַ משרת אין אַ קראָם, האַ? ווייז אַהער דיינע פאַרהאָרעוועטע הענט. זעט קינדער, אַן די־דאָזיקע הענט, וואָס וועט שטאָט זאָגן? מען באַדאַרף נישט גיין שפּאַצירן, איך וועל דאָ אייך דערציילן דאָס, וואָס איך וועל אייך דערציילן. פאַרוואָס, ליבע קינדער, קומט אונז, אַז מיר זאָלן האָרעווען און אַז מיר האָבן אַ פרייען טאָג קאָנען מיר נישט אַריינקוקן אין אַ בוך?

לייזערס טאָן איז געוואָרן אַזאַ וואַרעמער און רירעוודיקער. אין צימער זענען געווען אייניקע, וועלכע האָבן שיער נישט געוואָלט וויינען.

— זאָגט מיר, ברידער, דעם אמת, צי איז נישט געקומען די צייט, אַז מיר זאָלן זיך אַ ביסל פאַרטראַכטן וועגן זיך אַליין?... איאָ געקומען! איצט הערט, איך האָב איין וואָרט, איז דאָס אַ כישוף־וואָרט. איך זאָג אַרויס דאָס וואָרט, און עס ווערט מיר ליכטיק אין מיינע אויגן, די גאַנצע וועלט איז שיין און אַלע מענטשן זענען גליקלעך...

— איאָ, איר ווילט הערן דאָס וואָרט? איצט, ליבע קינדער, הערט: עס איז פאַראַן אַ „בונד" אויף דער וועלט. אין ליטע און פּוילן, אין עסטרייך און דייטשלאַנד און אויף דער גאַנצער וועלט, אומעטום, וואו עס איז נאָר דאָ מענטשן, דאָרט איז דאָ שלעכטס, דאָרט איז דאָ ביטערקייט. טאָ הערט, מיינע ברידער, לאָמיר זיך אַלע צונויפנעמען אינאיינעם און נעמען דאָס הייליקע וואָרט „בונד" און אַריינקריצן אין אונזער בלוט. „בונד" שטייט פאַר גוטסקייט, פאַר שיינקייט, פאַר ברידערלעכקייט.

זייט איר נישט אַלע מיט מיר? איאָ אַלע מיט מיר. איצט קלייבט אויס צו איינעם פון אייך. למשל, די שניידער איינעם, די שוסטער איינעם און אַזוי ווייטער.

אויף אַ פּאָר מינוט איז אין שטיבל געוואָרן אַ גערודער. עס האָבן זיך געהערט אַלערליי קולות: „דו, יאַנקעל", „דו, איציק", „בעריל". דערנאָך זענען די קולות צוביסלעך איינגעשטילט געוואָרן.

באַ אַ וואַנט אין צימער זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט עטלעכע בחורים מיט די הענט אַראָפּגעלאָזט און מיט אויסגעצויגענע העלזער פאַרטיק ווער ווייסט, וואָס צו טון.

עס איז געוואָרן שטיל. די מיידלעך האָבן אין דער שטיל אַריינ־געלאַכט אין די פּאַרטיכער, קוקנדיק אַלע מאָל אויף די בחורים, וואָס זענען געשטאַנען אויסגעצויגן בײַ דער וואַנט.

— איר אויסגעקליבענע — האָט לייזער ראַווקין אָנגעהויבן מיט כוונה, ציילנדיק די ווערטער — איר וועט זיין די וועג־ווייזער און זיי וועלן אייך מוזן פאָלגן. שווערן אַלע צו פאָלגן?

— מיר שווערן.

לייביש איז געשטאַנען די גאַנצע צייט איבער דינהן און עפּעס מיט איר איינגעטענהט אין דער שטיל. נאָקמאַן איז שוין לאַנג געווען אַוועק־געגאַנגען, וואָרים אים זענען שוין דידאַזיקע זאַכן כמעט לאַנג דערעסן געוואָרן, נאָך זייענדיק אין אַ גרויסער שטאָט. געניג פאַרזאַמלונגען אין וועלדער, אונטער בריקן. ער האָט זיינע הענט פון יענע זאַכן אָפּגע־טרייסלט שוין לאַנג.

און דאָ אין שטובל האָט מען געבראַכט וויין און געשריגן ביז הייזעריק ווערן: מיר שווערן!